# דער טשיקאַווער
# שאַרפזיניגער
# הומאָריסט

פון

## פסח גאָרדאָן

הומאָריסטישע מעשיות
און שאַרפזיניגע וויצען

אה מאמע
איך האלט ניט אויס
פאַר געלעכטער!

תל־אביב
תרצ"ו

דעם מחבר'ס אדרעס
P. GORDON, P.O.B. 311, Tel-Aviv (Palestine)

ג ע ו ו י ד מ ע ט

מיינע געעהרטע ברידער

הערמאן און אליה׳ס גארדאן

פון יאהאנעסבורג

זיד אפריקא

# פארוואָרט

עס איז כמעט ווי אַ געזעץ אין דער נאטור, אז די אינ־גערע טאכטער איז שעהנער און גרעסער פאר די עלטערע. דאס גלייכען איז מיט מיין בוך וועלכע איך גיב דא פאר די לעזער. דער צווייטער בוך שטייגט אריבער דעם ערשטען סיי אין אינהאלט און סיי אין די פאלקסטימליכע שפראך.

ווען איך האב ארויס געגעבען מיין ערשטען בוך „צו קייכען פאר געלעכטער", האב איך בעקומען אַ באדייטענדע צאהל בריעף פון באוואוסטע שרייבער און אויך פון לעזער בכלל. אלע האבען געלויבט דעם בוך אין טאג אריין. עס איז אויך געווען אַ רעצענזיע איבערן בוך אין פינף פארשידענע צייטונגען.

הייגט מה דאך, אז די עלטערע איז אלעמען אזוי גע־פעלען געווארען, טא ווי וועט שוין זיין מיט די אינגערע? וועגען איהר, הייסט עס, האב איך שוין גאר ניט וואס צו זארגען.

אויב איהר וועט שיינקען אייער אויפמערקזאמקייט אויף די נאטורגעטרייע בילדער, וועלכע איך האב געשילדערט אין די הומאריסטישע מעשיות, וועט איהר זיך איבערצייגען, אז איהר האט זיך אין די „כלה" אסור גענארט.

**דער מחבר**

# אינהאלט

# א מאדנע ביאגראפיע פון א טעלזער ישיבה בחור׳

עס איז שוין אַ יאהר אַכטצעהן זייט אברהם מענדעל האט חתונה געהאַט מיט זיין באשערטע וויכנע דוואשע און שוין פינף יאהר ווי זיי פאהרען אַרום מיט זייער פלוצלונג משוגע געווארענעם זוהן צו דאקטוירים און פראפעסארען, און קיינער האט נאך ניט געפונען די ריכטיגע רפואה פאַר איהם.

איין פריה מארגען רופט זיך אן וויכנע דוואשע צו איהר מאן:

— דו זעהסט, אברהם מענדעל, אז אונזער ארום לויפעניש און ארום שמייעניש מיט אונזער חאצקלען זאל לעבען איז ארויס געווארפען. גאר דאס געלט וואס מיר האבען אויסגעגעבען אויף דאקטוירים און פראפעסארען איז ווי אין אַ הונט אריין. איך וואלט זאגען, דו הערסט, מיר זאלען אַ מאל פרובירען זיך אריבערהאפען צום טראנטונער רבין. מען דערצעהלט זיך פון איהם אן נסים ונפלאות: וואס פאר אַ משוגענעם מען האט צו איהם געבראכט, איז ער צוריק אַ וועק געפארען פריש און געזונד. און נאך מעהר: אט דיזעלביגע משוגעים זיינען דיר שפעטער געווארען די גרעסטע חכמים. שייך חכמים? אז די רייכסטע און די קלוגסטע קומען זיך האלטען מיט זיי עצות! אט אזא וואונדערליכער מאן איז דיר דער טראטונער רבי! דו פער־שטעהסט צו ניט?

אברהם מענדעל שטעלט אויס אַ פאר אויגען און רופט זיך אן מיט כעס:

— אז איך וואלט געוואוסט, וויכנע דוואשע, אז דער טראנטונער רבי קען טאקע מיט אנ׳אמת׳ן געזונד מאכען משוגעים, וואלט איך שוין לאנג געהאט דיר אַ וועק געשיקט צו איהם! נאר איך גלויב אזוי אין טראנטונער רבין, ווי אַ קאזאק אין שמורה־מצות.

— פארמאך דיין מויל כל־בו׳ניק איינער! — דערלאנגט וויכנע דוואשע אַ דונער און שפרינגט אונטער ווי אַ אפגעבריהטע־פרוביר אַקארשט ריידען נאך אַווארט אויפ׳ן רבין, וועסטו ביי מיר באלד עפענען מיט׳ן קאפּ די טיר. וואס מיינסטו, איך בין דיר דאס דעם שכנ׳ס ווייבעל, וואס דו שפּילסט זיך מיט איהר אין קוצעניו־מוצעניו? איך שפּיל דיר באלד אפּ אַ חתונה, אז דו וועסט מיר האבען צו געדיינקען, טריפה׳נער ביין! אַ רוח אין דיין טאטען אריין! דו האסט גאר ניט קיין מורא פאר׳ן רבינ׳ס אַ קללה?

— דעם רבינ׳ס אַ קללה — רופט זיך אן אברהם מענדעל אביסעל אויפגעבראכט — האט ביי מיר אַזא ווערדע ווי אַ האהן קרעהט זיך אויס!

אַ ווארט פאר אַ ווארט, וויכנע דוואשע איז געווארען אנגעצונדען ווי אַ פייער, זי האט ווי אַ קאץ דערלאנגט אַ שפרונג אויף אברהם מענדלן, און האט פון זיין פּנים געמאכט ווי אַ געשטופּעלטע מצה. אַ האר זאל נישט פעהלען.

אברהם מענדעל קומט צו לויפען צום רב מיט אַ געוואלד, מיט אַ געשריי: נאט קוקט זיך איין, רבי, וואס די מרשעת האט פון מיר געמאכט! איך האב אייך שוין לאנג געזאגט, רבי, אז איך מוז מיט די ארורה שלאגען כפּרות אַ ניט — וועל איך שונא ישראל, געהן יונגערהייט אין דער ערד אריין!

דער רב שיקט רופען וויכנע דוואשען.

ווי זי האט נאר געעפענט די טיר, איז זי באלד ארויס מיט איהר מענה לשון, אדער ווי אברהם מענדעל פלעגט זאגען: „געעפענט איהר חזיר־שטאַל״. און אַ מויל, טאטע זיסער, האט דאס געהאט, אז זי האט אייך געקענט, ווי איך בין אַ איד, צו רייסען צוויי הינט מיט אַ מאל און אז איהר ווילט קענט איהר זאגען — דריי אויך. דערצו איז זי נאך געווען שטארק ווי אַ יאווען. מיט איין קלאפּ האט זי אייך געקענט אַ וועק לייגען דעם גרעסטען פויער, אז ער זאל שוין פארשפּארען צו רויכערן זיין פּיפּקע.

איך זעה געעהרטע לעזער, ווי איהר וואונדערט זיך: סטייטש? ווי קומט אַ פּאטש צו גוט שבת? ווי גראמט זיך דאס אברהם מענדעל דער ישיבה בחור מיט וויכנע דוואשע די ארורה?

טא, זייט אזוי גוט, האט געדולד, וואַרט אַ ווײלע, יאגט מיר ניט אזוי, רוקט זיך כ׳לעבען צו אביסעלע נעהנטער — וועל איך אייך דערצעהלען די גאנצע מעשה פון אנהייב ביז׳ן סוף. אפילו אַ האר. זאג איך אייך, וועט ניט פעהלען!

ראשית חכמה דארפט איהר וויסען, אַז אברהם מענדעל איז געווען אַ טאטענס אַ קינד, פון גרויס יחוס הייסט עס. זיין טאטע איז געווען אַ רב אין בארשטיץ, אַ מאנציקע שטעדטעלע צווישען שלומפּערניציק און יאמציסלע, אויפ׳ן וועג וואס פיהרט פון מאקמאהענדל, צו לאכודראפּציק, גלייך הינטער טוטובראנציק און פּאשקודעלניק. גיט איהר זיך אַ קעהר רעכטס, זייט איהר צוויי מייל פון דונדעצוצוק און אַ האזענשפּרונג פון סוסקע־פּענדעל. נו —, איצטער ווייסט איהר שוין וואו בארשטיץ ליגט?

טא, זייט מוחל, הערט ווייטער.

אין טעלזער ישיבה האט אברהם מענדעל זיך גערעכענט פון גאר די געהויבענע בחורים. ער מיט זיין שארפען קאפּ

האט אייך געקענט לייכט ווי אַ האר פון מילך דורכשלעפּען אַ עלעפאנט דורך אַ לעכעל פון אַ נאדעל און דער עלפאנט איז אייך נישט דערווארגען געווארען!

אט אזא קאפּ האט ער אייך געהאט!

דערפאר אבער איז ער געווען דער ערעמסטער ישיבה בחור אין דער גאנצער ישיבה. יעדער ישיבה בחור, פלעגט קריגען אַ ביסעל שטיצע פון דער היים, אַ חוץ וואס די מאמע פלעגט נאך אפט אונטערשיקען אַ פּאסילקע ווי למשל: אַ האלבען לעבעל זיידענע ברויט, אַ טעפּעלע פּוטער, אַ שטיקעל דארע קישקע, אַ הארטען ווייסן קעזעל—און אַ מאהל אין אַ נאווינע אַ באבקע (טארט), אַ פּאר אייער בייגעל, אַ טעפּעלע אויסגעפּרעגעלטע בורעקלעך זיך אפּצוהאפּען דאס הארץ. ווער קען אייך דאס אלץ מיט אַ גאנדער געדיינקען וואס די מאמע פלעגט שיקען? די אידישע מאמע האט אייך געקענט שפּארען דעם ביסען פון מויל און אלץ אַ וועק שיקען דעם זוהן, כדי ער זאל קענען זיצען און לעהרנען ביז ער וועט איהר אויסוואקסען אַ רב.

אז איהר זוהן זאל ווערען אַ רב — דאס איז געווען דער הייליגסטער וואונש פון די אידישע מאמע.

אברהם מענדעל אבער, האט פון דער היים גאר ניט גע־קראגען. זיינע עלטערן זיינען נעבעך געווען גרויסע אביונים. זיי פלעגען אליין שמייכלען, ניט אויסגערעדט זאל זיין, צו אַ שטיקעל ברויט מיט אַ טעפּעלע ציקאריע.

אז אברהם מענדלען האט געפעהלט אַ טאג—און געפעהלט האט איהם, איהר הערט, ניט איין טאג נאר עטליכע — האט ער טאקע געהונגערט, ווי גאט האט געבאטען. די גרעסטע שמחה איז ביי איהם געווען ווען ער האט אויסגעפונען, אז עס פאלט אויס אַ תענית פונקט אין דעם טאג וואס איהם

פעהלט אויס. ער פלעגט טאנצען פון שמחה ווי אנ׳אלטע מייד־
דעל וואס געט צו דער חופה. איהר פערשטעהט וואס איך
זאג אייך?

צו לייהען אַ פאר גראשען האט ער אויך נישט געהאט
וואו, מחמת עס איז ניט געווען איין בחור אין דער ישיבה
אז אברהם מענדעל זאל איהם ניט שולדיג זיין אַ פאר קאפיקעס.
דעם ריטעווער האט ער שוין געקומען, אַ קימא־לן, פון ניין
קאפיקעס. אנדערע האבען געזאגט – די גאנצע צעהן. און לייהען
אין „גמילת חסד״ פון דער ישיבה האט ער אויך ניט געקענט,
מחמת ער האט זיך דארטען שטארק פארפאצקעט דעם נאמען.

אויב איהר האט צייט, און אויב אייך אינטערעסירט דאס
לעבען פון די ישיבה בחורים – טא זייט מוחל, הערט זיך צו,
וועל איך אייך דערצעהלען פון אלץ מיט אנאנדער. קודם כל
וועל איך אייך באקאנט מאכען מיט דעם „גמילות חסד״ פון
דער ישיבה. דאס איז זאג איך אייך אַ טשיקאווער בילד, וואס
עס וועט אייך אלעמען שטארק אינטערעסירען.

איהר קענט דאך מיר, איהר האט דאך געוויס געלעזען
מיין ערשטען בוך „צו קייכען פאר געלעכטער״, ווייסט איהר
דאך אז איך שרייב ניט ראמאנציקעס וואס איז נישט געשטויגען
און נישט געפלויגען, אַ שטייגער: ווי אַ פערליעבטער האט אריינ־
געהאפט אַ ריב־אייזען אין מויל און גענומען סטראשען די מיידעל:
דו הערסט, ביילקע, וואס איך זאג דיר? האסטו מיט מיר חתונה
בין איך דיר אויף די אויבערשטע כלים! שייך אויף די אוי־
בערשטע כלים? איך קריך דיר פשוט פון די הויט ארויס,
אַ ניט – זאלסטו וויסען זיין, שלינג איך דיר באלד ארונטער
דעם ריב־אייזען און אַ סוף, אנ׳עק וועט דיר זיין פון מיר מיט׳ן
ריב־אייזען צוזאמען! דו הערסט, ביילקע, וואס איך זאג דיר?״

אדער גאר פון אַ היינט מאדישען ראמאן: ווי „אַ בת מלכה האט זיך פארליעבט אין אַ וואלד גזלן. דער קייזער האט פון שידוך ניט געוואלט הערען און ניט וויסען. די בת מלכה האט געזעהן עס איז שלעכט, האט זי זיך דורך גע׳גנב׳ט דורכ׳ן קוימען און אַ וועק צו איהר געליעבטען אין וואלד אריין. שפעטער האט דער קייזער רחמנות געקראגען אויף זיין טאכטער, האט זיך איבערגעבעטען מיט איר און מיט׳ן איידעם און האט זיי ביידען אריינגענומען צו זיך אין פאלאץ אריין. די קייזערינע האט דעם וואלד גזלן אזוי לאנג געקעכעלט און געפרעגעלט ביז ער האט געקראגען אַ גראבען בויך מיט אַ פעטען קארק, דאן האט איהם דער קייזער ירום הודו, געמאכט פאר אַ גענעראל גובערנאטאר אין די הייליגע שטאדט מאסקווע. שפעטער איז דער וואלד גזלן, איך מיין דער גענעראל גובערנאטאר געווארען דעם קייזערס רעכטע האנד״. אט די סארט ראמאנען לאז איך איבער פאר די בעלעטריסטיקער, די וואס האבען אויפגעברויזטע פאנטאזיעס און קענען אייך אפמאהלען אַ מיידעל — אַ רעגולער מלאך. איהר הארץ – ווייך ווי גענזענע שמאלץ, אויגען — טיעף ווי דער ים, אַ שטימע — פון אַ קאנאריקעל, אַ שמייכעל — וואס באצויבערט אַ האלבע וועלט, פאר איהר שעהנקייט פארשעמט זיך אפילו די זון, איהרע טריט ווי בעטהאווענס מוזיק און ועל כולם האט דאס פיינט ווי אנ׳אפיקורס אַ יארמולקע–שאקא־ לאדע, מיט אייז־קרים (מאראזשענע), מיט גאלד, מיט בריליאנטען, מיט זיידענע קליידער, מיט פאריזער היט און דערצו נאך איז זי געוואלדיג קלוג. יעדערווארט וואס קייקעלט זיך ארויס פון איהר מויל, איז דאס אנ׳אמת׳ער פערל. איך מוז אייך זאגען דעם ריינעם אמת – איך בין שוין אויסגעפארען אַ וועלט, פרעגט וואו בין איך ניט געוועזן? אז איהר ווילט, בין איך שוין געוועזן

אין קרעפאדעלני אויך! און האב מורא צו זאגען אז אזא מיידעל האב איך נאך ערגעץ וואו ניט באגעגענט! נו, פרעג איך אייך, צו וואס טויג מיר צו מאהלען מיידלעך מיט ליעבעס, וואס עס איז נישט געשטויגען און נישט געפלויגען? איז ניט גלייכער, זאגט אדרבא, איך זאל מאהלען טיפען פון היימישען קליינ־שטעדטעלשע אידען, פון אַ מאליגע מלמדים, פון ישיבה בחורים, פון אנ׳ארימע חתונה, פון אַ אידענע אַ מרשעת און פון אַ „דבר אחר" וואס איז געווארען, איך בעט אייך איבער אייער כבוד, אַ בעל רחמים? אַ זעלכע טיפען וואס זאלען ארויס רופען ביי דעם אינטעליגענטען לעזער אנגענעהמע זכרונות פון דער אלטער היים?

טא זייט אזוי גוט, הערט זיך צו מיט קאפ, פאלט מיר נאר ניט אריין אין די רייד אריין, לאזט זיך דיענען וועל איך אייך דערצעהלען אזוי ווי איך האב אייך פארשפראכען, פון אנהייב ביז׳ן סוף!

איינמאהל, חנוכה איז דאס געווען, האבען 47 ישיבה בחורים, די רייכסטע פון דער ישיבה, צוזאמען געלייגט צווישען זיך דריי רובעל און באשלאסען צו עפענען אַ „גמילות חסד". דעם גמילות חסד האט מען אַ נאמען געגעבען „באנק סומך נופלים", דאס מיינט אז ווען איינער האט שוין קיין כח ניט צו שטעהן אויף די פיס, ער געהט און פאלט, ער געהט און פאלט, זאל מען אַזוינעם אונטערשפארען מיט אַ פאר קאפיקעס, מען זאל איהם לייען עטליכע גראשען, ער זאל זיך קענען האלטען אויף די פיס הייסט עס.

יעדער ישיבה בחור האט באדארפט צאהלען אַ קאפיקע אַ וואך. אנטליהען האט מען נאר אויף אַ משכון און מעהר ווי דרייסיג קאפיקעס האט מען ניט געטארט אַ וועק לייהען, אפילו יענער זאל קריגען די שלאק בעטענדיג. די 47 ישיבה בחורים וואס

האבען געשאפען דעם גרונד קאפּיטאל, די דריי רובעל הייסט עס, האבען אויסגעקליבען דריי גבאים, וואס זאלען פיהרען דעם „גמילות חסד״. די דריי גבאים זיינען געווען די עלטעסטע פון דער ישיבה: זישע וועקסנער, שעפטעל ליגעמער און פייווע אוזוועגטער. ביי זיי איז מען געלעגען אין די הענד כחומר ביד היוצר. אט וויפיעל זיי האבען אייך אפגעשאצט דעם משכון אט אזוי פיעל האבען זיי אייך געליהען און טאמער איז איינעם איינגעפאלען צו געהן זיך באקלאגען פאר די 47 דירעקטארס, אז מיט די גבאים איז עפּעס ניט דאסיג, זיי מאכען קונקעל־מונקעל הייסט עס, ביי איינעם שאטצען זיי דעם משכון אפ דריי מאהל אזוי פיעל וויפיעל ער איז אין דער אמת׳ן ווערט און ביי דעם אנדערען ווארפען זיי ארונטער צעהן קלאפּטער אין דער ערד אריין — האט דער מסור געקענט, איהר הערט, אַ וועק לעבען מתושלח׳ס יאהרען האט ער שוין ניט דערלעבט צו קריגען צו לייהען אפילו אַ קאפּיקע. טאמער איז ער געקומען לייהען, האט איהם דער קאסירער באלד אונטער געטראגען אַ הילצערנעם קעסטעלע אונטערן נאז און געמאכט צו איהם מיט אַ רחמנות פּנים: נא, גוטער ברודער! קוק זיך איין ווי אונזער קאסע איז נעבאך אויסגעטריקענט ווי אין מיטען זומער אנ׳אָזערעלקע!

די באנק איז געווען אפען נאר פרייטאג, מחמת אַ גאנצע וואך האט מען געלעהרענט ביז האלב צוועלף ביי נאכט. פריי־טאג אבער האט מען געלעהרנט נישט מעהר ווי ביז איינס אַ זייגער, פרייטאג האט יעדער ישיבה בחור געהאט צו טהאן ארום זיך. איינער האט נעטיג געהאט, איך בעט אייך איבער כבוד, צו פארלאטענען די הויזען, אצווייטער — עפּעס וואס אנ׳אנדערע זאך וואס איך קען מיר אין דער מינוט ניט דערמאנען. (ביים וועג וויל אייך וואס באמערקען טאמער וועט

איהר מיר דאס קענען אויפקלערען — אז אַ ישיבה בחור האט פערלאָטעט, נעהמט ניט פאר אומגוט, די הויזען איז ער אלע מאהל געווען מי יודע ווי פארזיכטיג ער זאל נאר ניט פאר־נעהען די קעשענעס, און גלויבט מיר, ווי מיין נאמען איז ניט חנה־פאַיע, אז עס האט אייך נאך קיין מאהל ניט געטראָפען אז ער זאל זיי ניט האבען פארנעהט. דעם שכל דערפון האב איך, אסור, קיין מאהל ניט געקענט דערגעהן. אפשר ווייסט איהר? אדרבא זאגט? איך בין אַ בעלן דאס צו וויסען!)

נאר ניט דאס בין איך אויסען!

ביי אַ צווייטען האבען די עלענבויגען געעפענט א זעלכע מיילער, אַז זיי האבען איהם פשוט געוואלט צו רייסען לעבע־דיגערהייט. איז געקומען פרייטאג נאך מיטאג האט ער געחאפט צוויי מוראדיגע לאטעס, וואס אנ׳אויג האט דאס נאך ניט גע־זעהען און זיי אזוי קונציק פארשטאפט די מיילער, אז זיי זיי־נען שוין פארשטומט געווארען אויף אייביג און ארונטער פון מארק!

אנדערע זיינען געווען פארנומען מיט אויסוואשען א פאר שקארפיטקעס אדער אַ שניפסטוך לכבוד שבת. אַ סך האבען זיך געלאזען אין באד אריין און ביי די וואס עס איז געווען צוריסען די קאמאשען — איז פרייטאג נאך מיטאג געווען זייער יום הדין: עטליכע ישיבה בחורים צוזאמען פלעגען שיקען רופען דעם שוסטער. ווי דער שוסטער פלעגט קומען און זיך באקענען מיט די קראנקע, פלעגט ער באלד אנהייבען צו זינגען דעם אלטען טרויעריגען נִגון: „מי יחיה ומי ימות". וועמענס קאמא־שען קענען נאך ציהען אַ ביסעל לייגגער, „ומי ימות" וועמענס קאמאשען זיינען ווערט אַ זעטץ אן דער ערד און זיי ארייג־ווארפען אין מיסט קאסטען אריין. טאמער האט איהר פרייטאג

נאך מיטאג אנגעטראפען אַ ישיבה בחור און איהם אַ פרעג גע־טהאן פון וואנעט ער געהט — האט איהר באלד געקראגען די טרויעריגע תשובה: „איך געה פון אַ לְוָיָה (לְוָיָה), איך האב איצטער ניט פאר דיר געדאכט, באגלייט מיינע קאמאשען צום מיסטקאסטען״.

עס האט אויך אַ סך מאהל געטראפען, אז דער שוסטער האט געמאכט אַ טעות אין דער אפעראציע. די קאמאשען האבען ניט אוסגעהאלטען, זיי זיינען געבעך געבליבען ליגען אונטער זיינע הענט, דאמאלסט פלעגט ער שיקען אנזאגען די טרויעריגע בשורה און הייסען דעם ישיבה בחור ער זאל למען השם קומען וואס צום גיכסטען צו דער לויה מחמת ער קען ניט האלטען דעם בר־מינן ביז איבער שבת.

עס איז געווען אויף נאמנות אַ טשיקאוועס צו קוקען, ווי אלע פרייטאג זיטצען ישיבה בחורים אין הוילע זאקען אוןווארטען אייך אויפ׳ן שוסטער ווי אויף משיח׳ן, אז אַ פרעמדער איד, נאמיר זאגען פון אדעס, וואלט פארביי געגאנגען פאר די סטאנציעס און געזעהען אזוי פיעל ישיבה בחורים זיטצען איהם אין זאקען, וואלט ער געמיינט, ווי איך בּין אַ איד, אז היינט איז תשעה־באב.

נאר ניט דאס בין איך אויסען!

איין פרייטאג נאך מיטאג נעהם איך מיר מיינע שבת׳דיגע הויזען, מאך מיר אַ פעקעל, ווי גאט האט געבאטען, און געה מיר אַ וועק אין בנק „סומך נופלים״. ווי איך בין אריין גע־קומען אינווייניג אין באנק הייסט עס, בין איך מיר געבליבען שטעהען מיט איין פוס פאראויס און מיט די אויגען ארונטער געלאזען. ווי די גבאים האבען מיר דערזעהן רופען זיך אלע מיט אַ מאהל אן: נו, פלאטלער, וואס שטעהסטו עפעס אזוי

פארטראכט? וואס הערט זיך עפעס נייעס? מיר פארשטעהען דאך, אז דו ביסט מסתמא ניט געקומען צו האלטען זיך מיט אונז אנ׳עצה אויב דו זאלסט די וואך פארלאדען דיינע וואגאנעס האלץ, אדער דו זאלסט ווארטען ביז דער פראסט וועט פאלען? זיי מוחל, שעהם זיך ניט, עפען דיין פעקעל און צימבעל ארויף דיינע סחורה אויפ׳ן טיש!

— מסתמא — רופט זיך אן שעפטל ליגעמער מיט אַ שטאך־ווערטל — האט דער פלאטלער צו אונז קיין גאלדענע קרוין ניט געבראכט, אַ ודאי האט ער דא אין פעקעל אַ צרה, אַ קלאג, וואס מיר וועלען דערפון קיין מאל ניט פטור ווערען! הא, וואס זאגסטו פלאטלער, אפשר ניט אזוי?

— אמת טאקע — רוף איך מיך אן מיט אַ טרויעריגען פנים — אַ גאלדענע קרוין געפינט זיך טאקע ניט ביי מיר אין פעקעל. פון וואנען, א שטייגער, זאל איך דיר עפעס נעהמען גאלדענע קרוינען? וואס מיינסטו שעפטל, גאלדענע קרוינען וואלגערן זיך דיר אין די גאסען? דאפאר האב איך אייך געבראכט א פאר נייע טוכענע הויזען, וואס אנ׳אויג האט דאס נאך ניט געזעהען! פרימא דעפרימא! איין מאהל אין הונדערט יאהר, דו הערסט שעפטל, גיט זיך איין אזא פאר הויזען!

— הער פלאטלער! — רופט זיך אן פייווע אוזוועטער, אַ ביסעל אויפגעבראכט — דיין ליבען די כלה וועט דיר אזוי העלפען ווי אַ טויטען באנקעס! מיר מאכען ניט קיין געשעפטען אין דער פינסטער, זיי אזוי גוט, פויל זיך ניט, נעהם שפרייט אויס דיין שטיקעל זיידענס אויפ׳ן טיש, נאמיך אַ קוק טהאן „מה טיבו של עובר זה״ וואס פאר אַ שטיקעל גין גאלד דו האסט אונז דא געבראכט, און זאג מיר פלאטלער, איך בין זעהר אַ בעלן צו וויסען, ווען ענדיגט זיך די הונדערט יאהר פון דיינע

הויזען? מיר דארפען דאס, פארשטעהסטו מיך פארשרייבען אין בוך, כדי צו וויסען, אז נאך אזא פאר הויזען ווי דיינע, קען שוין אין די הונדערט יאהר ניט זיין!

איך ציה לאנגזאם די הויזען איבערן טיש אויס און מאך צו זיי אביסעל ברוגז'ליך: אט, נאט, גיט אַ קוק, אויב איך נאר אייך אפּ אדער ניט. א זעלכע הויזען ווי מיינע, האב איך מורא צו זאגען, וועט איהר אין גאנץ טעלז ניט געפינען! און אז איהר ווילט שטארק, קען איך אייך זאגען גאר אהן אנ'אבהאלט, אז מעהר ווי אַ קייזער, אדער אַ גובערנאטער קען זיך אזעלכע הויזען ניט פארגינען צו טראגען! איהר פארשטעהט וואס איך זאג אייך? לכן וואלט איך וועלען, אז איהר זאלט מיר אויף זיי בארגען 28 קאפּיקעס, ניט אַ גראשען ווייניגער! מחמת: 25 קאפּיקעס מוז איך היינט האבען צו באצאהלען די בעל הבית'טע פאר סטאנציע־געלט. איהר קענט ניט מיין בעל — הבית'טע! דאס איז אזא אידענע, קאטארע, וואס מעלקט די מלאכים און גנב'ט די מילך. דאס הייסט: זי רעדט מיט גאט און יאגט פון זיך ארמע לייט, ווי א הונט פליגען! אַז איך זאל איהר היינט ניט בעצאהלען די 25 קאפּיקעס נעהמט זי מיר, גאר אהנע קונצען, פאר'ן קאלנער אן און ווארפט מיר דורך אלע טירען. און די דריי קאפּיקעס האב איך נעטהיג אויף מאנטאג, היות ווי עס פעהלט מיר אויס מאנטאגדיגען טאג, וועל איך מיך פאר די דריי קאפּיקעס קויפען אַ פונט ברויט מיט אַ קאפּיקע קוואס. איהר פארשטעהט צו ניט?

— פון ווען אן, פלאטלער — רופט זיך אן שעפטל ליגעמער מיט כעס — ביזטו דאס מיר געווארען אזא סטראשנער פריץ, אז דו דארפסט מיר עפּעס האבען דרייערס אויף מאנטאגס? וואס ביזטו, אַ גובערנאטאר ביזטו? גאר אַ נייעס! נאט אייך

אַ וועק! גאנצע דריי קאפיקעס דארף ער מיר האבען! און אנדערטהאלבען קאפיקעס וועט ניט קלעקען פאר דיר? נישקשה! מיט אַ קאפיקע ברויט און מיט אַ גראשען קוואס קען מען אַ מאנטאג גאנץ גוט אַדורכלעבען! זאג מיר צו וואס ביזטו געקומען אין דער ישיבה? צו פרעסען ווי אַ פויער ביזטו געקומען?

— דו ביזט גאנץ גערעכט, שעפטל! — רוף איך מיך אפ מיט אַ קרעכץ. — מיט אנדערהאלבען קאפיקעס קען מען טאקע אַ מאנטאג גאנץ גוט זיך דורך שמוכלען. במה דברים אמורים? ווען איז דאס גערעדט געווארען? — אז אַ גאנצע וואך עסט מען זיך אן זאט ווי גאט האט געבאטען. אבער מיט מיר איז עפעס אנדערש! מיר, דארפסטו וויסען, פעהלט ניט אויס איין טאג נאר גאנצע פיער. הייגט זיי מיר אַ חכם, געה קום מיר אויס פיער טעג נאכדעריי מיט אנדערהאלבען קאפיקעס אַ טאג? פרוביער, כ׳לעבען, שעפטל, וועסטו זעהן, אז דו פאלסט מיר באלד כורעים, ווי מיין באבע אוף אַ לייטער!

מיט אַ מאל האט זיך אנגעהויבען אַ טאפעניש מיט אַ פאַ־טשעניש. זעקס הענט האבען געדרעהט די הויזען פון אלע זייטען. פייווע אוזוועגטער האט גענומען לעקען די הויזען מיט׳ן צונג. דאס איז — אזוי האט ער געזאגט — אַ טייערע סגולה אויס־צוגעפינען, אויב די הויזען זיינען פון ריינע וואל אדער געמלאכה׳טע. געמישט מיט באוועל, הייסט עס. גיט אייך דער צונג אַ ברען ווי אַ הייסע פלעט־מאשינקע איז אַ סימן, אז די הויזען זיינען פון ריינע וואל. אלא וואס דען? דער צונג בלייבט אייך קאלט ווי אַ טעלער קאלטע פארפעל, איז אַ סימן — אזוי האט ער געזאגט — אז די הויזען זיינען געמלאכה׳טע, און אזוינע הויזען מאכט ער׳ זיינען ווערט אַ זעטץ אן דער ערד און זיי גלייך אַ וועק שיקען אין האנדריקעווע. מען טאר פשוט אין זייערע ד׳ אמות ניט שטעהן.

עס ווערט ווידער אַ פאטשעריי. דאס מאל אין גאנצען אויפ'ן נאך „ויחנו". אויב איהר ווייסט ניט וואו דאס איז נאך „ויחנו"? זייט אזוי גוט, נעהמט אַ חומש, בלעטערט אויף פרשה „מסעי", פסוק כ"ו ויסעו ממקהלות, קוקט זיך איין וואס שטעהט דארטען נאכ'ן „ויחנו" וועט איהר פארשפארען מיר צו פרעגען.

איך זאג אייך, עס איז געווען, ווי איך בין אַ איד, זכות אבות וואס זיי האבען מיר די הויזען אין שטיקלעך ניט צו פליקט און אז איהר ווילט, מעג איך גומל בענטשען, וואס איך אליין האב אין די הויזען ניט געוואהנט. אַ ניט — וואלט פון מיר געווארען אַ בארג אש און איך וואלט שוין פארשפארט אייך צו דערצעהלען די גאנצע מעשה.

אזוי שטארק האבען זיי געפראסקעט אויפ'ן נאכ'ן „ויחנו"!

זיי לאזען ניט אפּ. עס ווערט נאך אַ מאל אַ טאפעריי מיט אַ פאטשעריי. פייוועָ אוזוועָנטער טאפּט די הויזען מיט די רעכטע האנד און בייסט אפּ די נעגעל פון די לינקע האנד. נאכדעם פארקעהרט. ביז ער האט באוויזען אפּ צו בייסען אלֹע נעגעל. זישע וועקסנער בייסט ניט די נעגעל. אַ פּנים שוין מיט אַ פּאר וואכען צוריק אפּגעביסען. שעפּטל ליגעמער גלעט די הויזען און פּאטשט מיט די ליפּען פּי־פּי־פּי קיין טשיקאוועס! וואס פּאר אַ קונציגע שטיקעל געוואנט דאס איז! באלד הייבט זיך אן אַ וִכּוּחַ, פון וואנען, אַ שטייגער, קומט די סחורה. פון לאדז אדער פון ביאליסטאק? ביאליסטאקער סחורה, דארפט איהר וויסען, האט מען געהאלטען אַ סך חשוב'ער, ווי לאדזער. מחמת לאדזער פאבריקאנטען, אזוי זאגט מען, זיינען געוואלטיגע חויכערס· זיי נעהמען און פּייפען אייך אריין ניט געפרעגטערהייט אַ סך באוועלנע פעדים אין די געוואנט אריין און מאכען עס אזוי

קונציג אפילו אַ געניטע אויג, ווי זישע וועקסנער, קען דאס אסור ניט האפען.

דער ערשטער מיט דער דעה האפט זיך ארויס פייוועו אוזוועגטער, (ביים וועג מוז איך אייך באמערקען, אז פייוועו אוזוועגטער איז מיר געווען אַ שטיקעל שונא, איבער אַ מעשה וואס עס איז פארלאפען צווישען אונז ביידען מיט'ן ראש הישיבה ר' יוסף ליב ז"ל.

פייוועו אוזוועגטער האט זיך מיט אַ מאל פארוואלט צו ווייזען דעם ראש הישיבה, וואס פאר אַ גרויסער חריף ער איז· נעהמט ער און זאגט פאר איהם אַ שטיק תורה. איך בין גראד געשטאנען דאביי. רוף איך מיך אפ: דו גנב איינער! די תורה איז דען דיינע? דו האסט דאך דאס ארויסגעלאטחעט פון „פרי מגדים"? פייוועו אוזוועגטער איז געווארען רויט ווי אַ בורעקע און געבליבען שטום ווי אַ קאלטע פאלקע פון אַ הוהן. — עס מאכט ניט, עס מאכט ניט! — רופט זיך אן ר' יוסף לֵיב ז"ל מיט אַ שמייכעל. — עס איז פיעל גלייכער צו גנב'ענען אַ שטיק תורה אום יום כפור איידער אין דער וואכען אַ פאר פערד! אט פון דאן אן, איהר פארשטעהט צו ניט, האט פייוועו אוזוועגטער געטראגען אויף מיר אַ הארץ).

דא האט ער געפונען, ווי די גמרא זאגט „כאן מצא בעל חוב לגבות את חובו" זיך אפ צו רעכענען מיט מיר. ער האט גענומען ריידען מיט אזא ברען, אז פונקען האבען אזש געשפריצט פון זיין מויל. ניט אנדערש, אזוי וויל ער האבען, אז די סחורה קומט פון לאדז, פון פאבריקאנטען שמוכלערס און זיי טויגען אייך אויף צעהן כפרות!

פלוצלונג דערלאנגט ער אַ טאנץ ווי אנ'אפגעבריהטער,

חאפט די הויזען, רוקט ארײַן די גבאים פּראמא אין נאז אריין און שרייט אויס אויפ׳ן קול:

— נאט, נעהמט טאפּט אקארשט אן וועט איהר פיהלען ווי קליינע שטיינדלעך קריטצען אייך אונטער די פינגער. דאס קומט, פערשטעהט איהר מיך, פון די פּאסקודנע באוועל, וואס די לאדזער פאבריקאנטען האבען אייך דארטען אריינגעשמוכעלט! וואס דארפט איר בעסער? — נעהמט ער טענהנען — גיט די הויזען אַ גוטען לעק וועט איר זעהן ווי דער צונג בלייבט אייך קאלט ווי אנ׳אבגעפּראַרענער פוס־פינגער! לכן וואלט איך זאגען, איהר הערט צו ניט, אז מען טאר דעם פלאטלער אויף די הויזען אַ קאפּיקע ניט לייהען. זיי זיינען ניט ווערט מען זאל זיי האלטען אין אַ אידישע שטוב! דער סוף וועט זיין, נאט אייך מיין האנד, אז דער באנק וועט צו באקען די גאנצע 28 קאפּיקעס. געדיינקט וואס איך זאג אייך! דער פלאטלער וויל אונז אריינרוקען אַ דודע, מיר זאלען האבען זיך צו קראטצען כל זמן מיר וועלען זיין די גבאים. פאלגט מיר, יאגט איהם ארויס פון דאנעט מיט זיין פעקעל צו זאמען. זאל ער זיך טראגען מיט זיינע הונדערט יאהרעדיגע הויזען פון וואנעט ער איז געקומען!

— דו ביזט מיר, אוזוועגטער, אזא מבין אויף אַ שטיקעל סחורה — שלאגט איהם אפּ שעפּטל ליגעמער — אט ווי וואס זאל איך דיר זאגען? אט טאקע ווי אַ קאץ אויף געפּרעגעלטע טייגלעך!

— און דו, שעפּטל! — רופט זיך אן פּייווע אוזוועגטער מיט כעס — דו פארשטעהסט מיר אויף אַ שטיקעל געוואנט, פּונקט ווי אַ קאטער אויף לייבע אלוקסטערס „היום תאמצנו״!

שעפּטל לאזט זיך אַ ביסעל אפּ און נעהמט איינטענה׳נען מיט איהם מיט גוטען.

— קום אהער אוזוועטער! לאז זיך דינען! איך וועל דיר אופווייזען על פי שכל ועל פי הגיון, אז איך בין גערעכט און ניט דו. ממה־נפשך, קומט די טוך פון ביאלעסטאק, איז דאך אַודאי רעכט! אלא וואס דען? אז וואס? טאמער קומט עס פון לאדז? ניין! עס איז ניט אזוי! עס קומט דַוקא פון ביאלעסטאק! ווען עס וואלט געקומען פון לאדז, וואלט שוין לאנג, פאר־שטעהסטו מיך, פון די הויזען קיין זֵכר ניט געווען! קומט ממילא אויס, אזוי איז די סברא מחייב, אז וואס? אז איך בין גערעכט און אלע דיינע ראיות: דער צונג בלייבט הייס — דער צונג בלייבט קאלט, איז ביי מיר ווערט, האב קיין פאראיבעל ניט׳ אַ זעטץ אן דער ערד און אויב דו ווילסט שטארק איז אפילו אַ זעטץ אן דער ערד אויך ניט ווערט! מיין ממה נפשך, פאר־שטעהסטו מיך, האלט אויס ארום־און־ארום און מיר מעגען זיך זיכער אויף איהם פארלאזען!

געבליבען איז ווי זישע וועקסנער האט געזאגט. אז וואס? אז די סחורה קומט דַוקא פון ביאלעסטאק!

זישע וועקסנער דארפט איהר וויסען, איז געווען אַ שטאר־קער מבין אויף ביאלעסטאקער סחורה מחמת ער האט געהאט אַ גליד — שוועסטער־קינד וואס וואהנט שוין יאהרען לאנג אין ביאלעסטאק. עס רעדט זיך אזוי: ער וואהנט אין ביאלעסטאק אין דער אמת׳ן גערעדט, וואהנט ער גאר אין באלטערמאנץ, נאר עס איז שוין שעהנע עטליכע יאהר ווי ער רייסט זיך ארויס צו ציהען אין ביאלעסטאק!

איצטער איז געווארען אַ וכוח: ווי לאנג די הויזען וועלען האלטען? דאס הייסט: אויב זיי זיינען שטארק אדער ניט?

— וועגען שטארקייט? — רופט זיך אן שעפטל ליגעמער מיט גאוה און בשעת מעשה ווערט ער ביי זיך אזוי גרויס,

ווי נאך איינער צו איהם איז גאר אויף דער וועלט ניטא — וועגען שטארקייט? דארפט איהר קיין גרעסערן מבין ניט האבען ווי איך בין. מחמת, מיין טאטע האט כל ימיו, געהאלטען אנ־אייזען געשעפט און מיט געגזענע גריבענעס האט ער ערשט אנ׳געהויבען צו האנדלען מיט אַ יאהר פופצעהן צוריק! לכן — לאזט ער אויס — וואו עס איז נאר אַ שאלה וועגען שטארקייט מוז מען זיך סומך זיין אויף איהם.

און אזוי איז טאקע געבליבען ווי שעפטעל האט געזאגט, אז די הויזען זיינען שטארק ווי אייזען.

איך האלט מיר איין ניט ארויס צו שיסען מיט אַ געלעכטער.

וואלטען די דריי מבינים, טראכט איך מיך, וויסען, אז די הויזען זיינען נעבאך איבערגעניצעוועטע פון מיין טאטענס אנ׳אלטען שלאפראק, וואלטען זיי מיר, ווי אַ הונט אַרויס יאגען פון דאנען. אַ נֵס זאג איך אייך, איז געשעהן, וואס די 47 באנק דירעקטארס איז איינגעפאלען אויס צו קלויבען א זעלכע דריי טייערע קאליקעס, אַ ניט — מעגט איהר מיר גלויבען, ווי הייגט איז מיטוואך איבער די וועלט, אז עס וואלט געווען מיט מיר גאר פאסקודנע. פאסקודנע צו פאסקודנע איז ניט גלייך! אהן די פאר גראשען וואלט איך געווען אַ פערפאלענער אויף אייביג! איהר קענט דאך מיין בעל הבית׳טע? אט טאקע די, וועלכע מעלקט די מלאכים און גנב׳ט די מילך. אט די וואס רעדט מיט גאט און יאגט ארעמע לייט פון שטוב ווי אַ הונט פליגען. ווען איך באצאהל איהר גיט די פאר גראשען, וואלט זי געמאכט פון מיר אויס צו דרעהען. איהר שפּילט זיך מיט אזא גאטס גנב׳טע? דאס ווערט אייך קיין מאהל ניט מיעד זוכענדיק מצוות: אַ מצוה יענעם ארויס צו טרייבען ווי אַ הונט; אַ מצוה יענעם צו באגראבען; אַ מצוה יענעם צו מסר׳ן;

אַ מצוה קאליע צו מאכען דעם שידוך; אַ מצוה צו עפענען דעם מאן די אויגען, ער זאל וויסען וואס פאר א שלאק ער האט! ווער קען אייך געדיינקען אויסווייניג אלע איהרע תרי"ג מצוות?

אט פון אזוינע וואס אקערן אייך „מצוות" פון אונטער די ערד — זאלט איהר, געדיינקט, זיך היטען פון זיי ווי פון לונג אנצינדונג!

נאר ניט דאס בין איך אויסען!

קורץ, וואס זאל איך אייך דא פיעל ברייען? דריי קיי־לעכדיגע שעה האט מען מיר אבגעמאטערט און צום סוף איז מען אנגעקומען צו הירשע גרינקישקער.

הירשע גרינקישקער, דארפט איהר וויסען — עס קען אייך דאס אַ מאל צו נוץ קומען, איז געווען אַ גרויסער מבין אויף טוך, מחמת, זיין טאטע איז געווען גאר פון די געהויבענע מעהלבייטלערס און דערצו נאך אַ גרויסער למדן און אז הירשע גרינקישקער האט געזאגט: „עס איז ריכטיג ווי איך זאג, אז מעהר ווי איין מאל אין הונדערט יאהר גיט זיך ניט איין אזעלכע הויזען און ער צווייפלט שטארק, אויב אַ גובערנאטאר קען זיך גאר פארגינען צו טראגען אזעלכע הויזען — ערשט דאן האט מען מיר געליהען 25 קאפיקעס, ניט אַ גראשען מעהר!

— ס'טייטש? — נעהם איך טענה'נען מיט הארץ — אַ זעלכע טהייערע הויזען וואס אפילו אַ גובערנאטאר, ווי הירשקע גרינ־קישקער זאגט, קען זיך דאס ניט פארגינען צו טראגען און מעהר ווי איין מאהל אין הונדערט יאהר גיט זיך ניט איין אזא אנטיקעל — בארגט איהר מיר אויף דעם ניט מעהר ווי 25 קאפיקעס, וואו איז דאס דער יושר? דערלייגט האטש נאך צוויי קאפיקעס, איך זאל האבען דורך צו קומען מאנטאגדיגען טאג!

— הער, פלאטלער! — גיט פייווע אוזווענטער אַ דונער — דו זאלסט אונז אויפהערען צו קלאפּען אַ קאפּ מיט דיינע הונ־דערט־יאהריגע הויזען און מיט דיינע גובערנאטארס! הירשע גרינקישקער, מעג איך דיר זאגען, פארשטעהט מיר אזוי אויף טוך פונקט ווי אַ קאץ אויף אנ׳אתרוג! מעהר ווי 25 קאפּיקעס וועסטו ניט קריגען, אפילו דו זאלסט ריידען ביז מארגען!

— עס איז ניט אזוי געפערליך — רופט זיך אן שעפטל ליגעמער צו מיר. — נישקשה! דו ביזט ניט דער איינער אין דער ישיבה וואס פאסט אונטער אַ ביסעל! מה הרעש? פּרוביר כ׳לעבן פאסטען בשותפות מיט נאך עטליכע, וועסטו זעהן ווי עס וועט דיר אנקומען אַ סך לייכטער!

— סטייטש, שעפטל? — נעהם איך געוואלדעווען — „אם אין קמח אין תורה"? מיט אַ ליידיגען מאגען קען מען דאך ניט זיטצען און לעהרנען?

— עס מאכט ניט, עס מאכט ניט! — רופט זיך אן פייווע אוזווענטער צו די גבאים — וויפיעל תורה פסח פלאטלער לעהרענט, וואלט זיך אויף נאמנות פאסען, ער זאל אפילו איין מאל אַ וואך אויך ניט עסען!

אַ גליק, זאג איך אייך, איז געווען אויף פייווע אוזווענ־טערס קאפּ, וואס ער איז אייך געווען אַ גבאי. אַ ניט, מעגט איהר מיר גלויבען, וואלט ער געהאפּט פון מיר אזא גאב, אז די קאפּ וואלט זיך איהם ניט ארויסגעזעהן. ער וואלט שוין פארשפארט, זאג איך אייך, זיך אב צו בייסען אלע ערב שבת די נעגעל. נאר בשעת מעשה, האב איך מיר דערמאנט, וואס מיין זיידע ע"ה האט מיר אַ מאל געזאגט, אז מיט אנ׳אוראדניק און מיט אַ גבאי פון אַ גמילות חסד זאל איך מיר קיינמאל ניט אנהייבען. אַ ניט — וואלט איך איהם געמאכט ווי אויס צו דרעהען.

בערל קיידאנער, דער קאסירער פון באנק, געהט צו צו אַ בלעכענע קעסטעלע, קוקט עטליכע מאל אינווייניג אריין און רופט זיך אן צו מיר:

— פלאטלער! מעהר ווי 19 קאפיקעס געפינט זיך ניט אין דער קאסע! אויב דו ווילסט, וועל איך דיר פאר די זעקס קאפיקעס געבען צוויי געריכערטע הערינג וואס אנ׳אויג האט דאס נאך ניט געזעהן, איין ציגענעם קעזיל און אַ טעפעל זויער־מילך, וואס דער זאגערער האט מיט אַ חדש צוריק פארזעצט און ניט זוכה געווען ארויס צו נעהמען.

— גוט, גיב אַ הער! אַ ברירה האב איך? זאל זיין אזוי צו געזונד!

אין הארצען טראכט איך מיך, איך וועל דאך סיי ווי סיי דעם משכון ניט ארויס נעהמען. וואס משוגע בין איך? איך וועל אייך געהן ארויס נעהמען אַ פאר איבער געניצעוועטע הויזען פון אנ׳אלטען שלאפראק?

איך נעהם צו די צוויי הערינג, דעם קעזעל, דעם טעפעל זויערמילך און די 19 קאפיקעס מזומנים. די צוויי הערינג מיט׳ן קעזעל רוק איך אריין אין הינטערקעשענע, די 19 קאפיקעס — אין בוזים קעשענע, דעם טעפעל זויערמילך — אונטערן פאלע און געה מיר ארויס פון באנק אנגעלאדען מיט אלדאס גוטס.

איין מאל האט שלמה מאזייקער נעטהיג געהאט צו לייהען זעקס קאפיקעס. ער נעהמט אַ טעפעלע פוטער אונטערן פאלע און מיר געעהען ביידע פראמא צום באנק. ווי מיר זיינען אריינ־געקומען אין באנק אריין רופט זיך אן דער מאזייקער: איך בין געקומען צו אייך לייהען זעקס קאפיקעס און שטאפט גלייך דעם טעפעלע פוטער זישע וועקסנער פראמא אין באז אריין.

— נאט, שמעקט אפ, דאס איז פוטער ווי מאנדלען!

זישע וועקסנער פארזוכט אביסעל און דערלאנגט דעם טעפעלע פוטער שעפטל'ן. שעפטל נעהמט, מעשה פריץ זיין פענמעסערל פון וועסטעל קעשענע ארויס, עפענט פאזאכט דעם קליינעם קלינגעל, גראבעלט מיט גרויס כוונה אַ ברעקעל פוטער פון טעפעלע ארויס, פארזוכט אַ שטיקעלע און בעסמאַ־קעוועט זיך אזוי שטארק אקוראט ווי דאס וואלט אייך געווען אויסגעפרעגעלטע טייגלעך אדער גאר מארצעפאנעס — אַ פנים שוין אַ צייט ניט געהאט אַ ברעקעל פוטער אין מויל.

— וואס טהוט זיך דא מיט אייך?—גיט פייווע אוזוועגטער אַ פייער — דו וועסט פארזוכען און ער וועט פארזוכען וועט דאך פון גאר די פוטער ווערען אַ האהן?! איך וואלט הייסען, מען זאל דעם מאזייקער לייהען פינף קאפיקעס, געדיינקט וואס איך זאג אייך, ניט אַ גראשען מעהר!

איך האב מיר איינגעשטעלט פאר'ן מאזייקער, האב ניט נאכגעלאזען ביז מען האט איהם געליהען די גאנצע זעקס קאַ־פיקעס, נאר בתנאי, אויב ער ברייננגט ניט אפ די הלואה אין דעם טאג וועז עס ענדיגט זיך די צוויי חדשים קוקען זיי אויף קיין זאך ניט און פארקויפען די פוטער „בפומבי", אונטער האמער הייסט עס. מחמת אין אזעלכע היטצען, האבען זיי שטארק מורא. אזוי האט דער ליגעמער געזאגט, אז מעהר ווי צווי חדשים וועט די פוטער ניט אויסהאלטען.

איינמאל, איהר הערט, איז דער באנק סומך נופלים שוין געשטאנען גאר אויף היהנערשע פיסלעך. מיר האבען געמיינט, אז אט, אט, פאלט דער באנק צוזאמען און מיר בלייבען אין גאנצען אהן אַ סומך נופלים!

די מעשה איז אזוי געווען, הערט נאר צו מיט קאפ: יואל דוד גרינקישקער האט נעטהיג געהאט, ווי דעם

לעבען, דרייסיג קאפּיקעס. ער נעהמט אַ פּאר טוכענע הויזען, אַ פונט דארע קישקע, אַ טעפּעלע גענזענע שמאלץ, מאכט פון אלץ מיט אנאנדער אַ פּעקעל און געהט מיט דעם אַ וועק אין באנק. געקראגען האט ער די גאנצע דרייסיג קאפּיקעס, מחמת, דער משכון איז געווען גאר אַ געהויבענער. זעקס מאנאטען האט געדויערט איידער יואל דוד האט דערלעבט אבצושפּארען דרייסיג קאפּיקעס. ווען ער איז געקומען אין באנק אויסלייזען דעם משכון געפינט ער אויס, אז פון די וואורשט איז שוין לאנג קיין זכר ניטא, די הויזען זיינען אפילו יא דא אבער אָך און וועה ווי דאס זעהט אויס! אַ האלבער הויז פעלט איהם אין גאנצען און די איבערגעבליבענע איז הוילע לעכער און אין טעפּעל שמאלץ ליגען איהם אויסגעצויגען ווי פּריצים זעקס הרוגים! צוויי מייזלעך און פיער פריישלעך! די מייזלעך זיינען געלעגען אזוי פעסט ארומגענומען איינע ארום די אנדערע, אז מען האט זיי קוים געקענט אפּרייסען — אַ פּנים אזוי ווייסט אויס, אז דאס זיינען געווען צוויי געליעבטע וואס האבען פון צרות באגאנגען זעלבסט מארד אנדערש קען ניט זיין.

ווי יואל דוד האט דערזעהען דעם אונגליק וואס מיט איהם האט פּאסירט האט ער פון הארץ — שלאקעניש דער־לאנגט אַ פאל אָן דער ערד און גע'חלש'ט אויפ'ן שטעל און פלעק. מיט צרות, מיט מאטערניש האט מען איהם קוים אפּגעמינ־טערט. אַ קלייניקייט? אַ ווערטל זיך אפּצוריידען? צו געהן פארליערען מיט איין קלאפּ אזא האב און גוטס?

יואל דוד האט געמאנט פון די גבאים אַ רובעל מיט 25 קאפּיקעס. די גבאים ווידער האבען גע'טענה'ט זיי זיינען ניט שולדיג. שולדיג זיינען די מייז. עס איז געבליבען מען זאל געהן צו אַ דין תורה. מען האט אויסגעקליבען דריי דַיָנים;

בענצע וואלקאמירער, העשעל אבאלניקער און זונדל ניישטאדטער. דער עלטעסטער פון די דַיָנים איז געווען זונדל ניישטאדטער. נאך מיין רעכנונג איז אויסגעקומען אז זונדל מוז שוין טראגען, איך בעט אייך איבער אייער כבוד, 28 יאהר האלבע הויזען — ניט אַ טאג וויינינגער!

די גאנצע קאמאנדע האט זיך אַ לאז געטאהן אויף די וויבערשע שוהל. דארטען האט געזאלט פארקומען די דין תורה.

דער ערשטער איז ארויס מיט'ן לשון יואל דוד. ער האט גענומען טענה'ן מיט טרערען אין די אויגען, אז ער איז אונ־גליקליך. די גבאים וועלען זיך פאר גאט ניט קענען פאר־ענטפערן, וואס פאר אַ צרה זיי האבען איהם דא אנגעמאכט.

— איך בין געבליבען — טענה'ט ער — ווי אַ נשרף רח"ל. עס קומט מיר אויס איך זאל נעהמען, איהר הערט, צוויי טארבעס און געהן פשוט איבער די הייזער. זיי האבען מיר אנגעמאכט אַ שאדען פון אַ שטארקען רובעל מיט 25 קאפיקעס! באצאהלען זיי מיר דעם רובעל מיט די 25 קאפיקעס איז גוט. אַ ניט — וועל איך מאהנען פון זיי פאר צַער, רפוי, שבת און בושת. צער — ווען איך בין געפאלען חלשות האב איך מיך שטארק צו טארקעט אַ ביינדעל אין עלענבויגען. רפוי — איך האב באדארפט אויפ'ן צוטארקענטען ביינדעל לייגען צוויי טאג נאכדעריי שפּאַ־נישע פליגען מיט זויערמילך. שבת — פינף טעג בין איך געלעגען, ווי אַ הונט, אויפ'ן סטאַנציע און האב די ווייסע וועלט ניט אנגעזעהן. בושת — די שאנדע וואס איך האב, אז איך מוז ארום לויפען ווי אַ פיעהאטנער מגיד אין צוריסענע תחתונים רח"ל. איהר פארשטעהט דיַנים וויפיעל איך קען פון זיי מאהנען?

דא שפרינגט ארויס זונדל ניישטאדטער, איהר קענט איהם דאך. אט דער וואס טראגט שוין, נעהמט ניט פאר אומגוט, 28

יאהר האלבע הויזען ניט אַ טאג ווייניגער, און נעהמט אויפווייזען ווי צוויי מאל צוויי איז עלף, אז יואל דוד׳ן קומט ניט קיין שמעק טאבאק, היות ווי די באנק האט פאר די הלואה קיין גראשען ניט גענומען, האבען די גבאים דעם דין פון אַ שומר חנם (ווי איינער וואס היט אומזאנסט) און אַ שומר חנם ווייסען אלע, אפילו בר בי רב דחד יומא. אז ער איז פטור צו באַ־צאהלען. — מילא, פארשטעהט איהר דאך שוין אליין, איך דארף אייך דאך ניט צו קייען און ארייגלייגען ווי אַ טושקע אין מויל אריין. אז יואל דוד׳ן קומט אַ פייג און ניט קיין געלט און אויב ער איז ניט צופרידען מיט אַ פייג, זאלען איהם די גבאים, אזוי זאגט ער, מכבד זיין מיט אַ גובערנאטאר אונטערן זייט, וועט ער שוין פארשפארען צו בעטען געלט!

— פאצאוויטש בן פדהצור! — גיט בענצע װאלקאמירער אַ געשריי אויף זונדל ניישטאדטער — אמת טאקע, אז אַ שומר חנם איז, על פי דין, פטור צו באצאהלען! במה דברים אמורים? ווען איז דאס געזאגט געווארען? — אז אַ גנב האט אַ וועק געלאטחעט. אבער זאג מיר פדהצור, וואו געפינסטו דאס אין דער גמרא. אז מייז גראבלען דיר אַ וועק, האט מיר דעם זעל־ביגען דין ווי אַ לאטחער אויף צוויי פיס? טא — פון וואנען נעהמט זיך דאס ביי דיר אזא בויך סברא, אז די גבאים זיינען דיר פטור צו באצאהלען? מיט אַ זעלכע טראנטעוואטע סברות, דו הערסט, אנקת מסלדך, וועסטו ביי מיר ווייט ניט פאהרען! דער שכל, פויער איינער! טראגט דאך אויס פונקט פארקעהרט? יואל דוד קען טענה׳ן נסתחפה שדהו! כלומר: מזלך גרם! דאס הייסט גאר פשוט: די גבאים האבען ניט פאר קיינעם געדאכט, אַ פארחראסקעטען מזל. אַ מזל וואס טויג אויף צעהן כפרות הייסט עס. האט טאקע זייער מזל גורם געווען, אז די מייז זאלען

מאכען אַ תל פון יואל דוד׳ס האב און גוטס. דעריבער טראגט אויס דער שכל, אז וואס? אז די גבאים דארפען באצאהלען פאר אלץ מיט אנאנדער. ניט נאר פאר די דארע קישקע מיט די הויזען נאר אפילו פאר׳ן טעפּעל שמאלץ אויך! ווען די גבאים וואלטען געהאט שכל חאטש פון אַ ירח בן יומו, האבען זיי באדארפט וויסען, אז אַ טעפּעל שמאלץ דארף מען א וועק שטעלען מיט די מויל ארונטער, אז מייזלעך מיט פריישלעך זאלען ניט דערלעבען דארטען אריינצוקומען! היינט, אז די „אשר יצר׳ס" האבען דאס ניט געטהון — פסק׳ען איך אז זיי מוזען באצאהלען ווי אַ טאטע און ארונטער פון מארק!

— איך האלט אויך ווי בענצע וואלקאמירער! — רופט זיך אפּ העשעל אבאלניקער. דער גרינקישקער איז גערעכט. די גבאים דארפען איהם אומקעהרען דעם גאנצען היזק! נאר דער טעם איז ניט ווי בענצע וואלקאמירער וויל האבען! זיין טעם האט ביי מיר ניט קיין טעם און ניט קיין ריח! די סברא איז גאר אנאנדערע: אַ שומר חנם איז פּטור צו באצאהלען מחמת ער קען טענה׳ן צום בעל הבית „טוביה חטא וזיגוד מנגיד"? די פּאליציי איז מחויב צו היטען די שטוב, אז גנבים זאלען ניט קענען זיך אריינחאפּען אינעווייניג אריין — טו, זאל דער בעל הבית זיך מטריח זיין און געהן מאהנען פון די פּאליציי. ביי מייז אבער קענען דאך די גבאים ניט טענה׳ן אז וואס? אז די פּאליצי איז שולדיג, מחמת זיי האבען באדארפט שטעהן אַ גאנצע נאכט מיט אַ ביקס אין האנד און היטען די מייז — פאר אזא משוגענע טענה. וואלט מען זיי דאך אלעמען פארשיקט אין אַ דול הויז. דאריבער פאלט טאקע דער שולד אויף די גבאים. זיי האבען באדארפט טהאן איינס פון דיביידע: אדער דינגען אַ שומר און אין איינגאנג איהם ארייררוקען אַ פּיסטאל אין האנד

אריין און אנזאגען ברחל בתך הקטנה, ווי באלד ער דערזעהט אַ מויז קומט אן זאל ער חאפען דעם פיסטאל און איהר אריין יאגען, גאר ניט געפרעגטערהייט, צוויי קוילען אין קאפ, זי זאל ווערען אַ גע׳הרג׳עטע אויפ׳ן שטעל און פלעק אדער זיי האבען באדארפט זיך מטריח זיין און אליין שטעהן אַ גאנצע נאכט היטען די מייז. הייסט אז זיי האבען דאס ניט געטהאן בלייבט טאקע ווי ר׳ נחמן זאגט: כל דלא ידענא פשיעותא הי זיל שלים! דער וואס איז ניט דא געדאכט אַ ליימענער גולם, ער ווייסט ניט ווי אום צו געהן מיט יענעמס אַ פִּקדון, דארף אזוינער באצאהלען ווי אַ טאטע און ניט ריידען קיין ווארט!

— איך זאג דיר אבאלניקער — גיט זונדל א געשריי — אז דיין שכל מיט דעם שכל פון „בת כהן כי תחל לזנות" זיינען ביי מיר גלייך אויף אַ האר! פרוביר נאר חד גדיא, צולייגען אביסעל דיין שעפסענע קאפ ווערסטו זעהן, אז דו ווייסט ניט מחילה מה דקאמרי רביצן! עס איז דאך פונקט קאפויער: מה דאך ביי אַ גנב, וואס דער בעל הבית קען טענה׳ן צום שומר שמא איכא ברשותך, עס איז א ליגען! קיינער האט פון דיר מיין פקדון ניט אַ וועק גע׳גנב׳ט! אויב עס איז אמת ווי דו זאגסט, טו, געה בריינג מיר דעם גנב, וועל איך פון דיר ניט מאהנען — פון דעסטוועגען איז דער שומר פטור, הייסט ביי מייז קען דאך יואל דוד ניט טענה׳ן צו די גבאים שמא איכא ברשותכם! דאס הייסט, טאמער האט ביי די גבאים גע׳חלש׳ט אביסעל דאס הארץ זיי האבען געוואלט אַ מאהל אין אַ גאווינע, פארזוכען וואס פאר אַ טעם עס האט אַ היימישע שטיקעל דארע קישקע — האבען זיי גענומען גאר אהן קונצען און ארונטער געיאגט די גאנצע שטיק דארע קישקע, אז עס איז קיין זכר ניט געבליבען. ווען ער זאל אפילו אזוי טענה׳ן,

וועט איהם אויך העלפען ווי אַ טויטען באַנקעס! מחמת, הולכין אחרי הרוב! אזוי ווי די הויזען און דער טעפעל שמאלץ מיט די זעקס הרוגים זעהט מען דאך אז די גבאים האבען ניט געלאטהעט, אזוי מוזען מיר זאגען, האבען זיי די דארע קישקע אויך נ׳יט אַ וועק געשלעפט. על אחת כמה וכמה, אז די גבאים קענען יואל דוד׳ן ווייזען צעהן פייגען אונטערן נאז!

— בהמה בצורת קאלב! — גיט העשל אַ געשריי אויפ׳ן קול — וואס האסטו מיר, זונדל, זיך אַ זוי צו קרעהט ווי אַ האהן פאר כפרות שלאגען? כ׳לעבען לאז אפליגען דיין קאפ עטליכע חדשים אין פסח׳דיגע ראסעל וועסטו דאמאלס אפשר קענען האפען דעם שניט פון אַ דין תורה. איפכא מסתברא! דיינע רייד קלעפען מיר ווי אנ׳ארבעס אין וואנט! דער שכל טראגט דאך אויס פונקט קאפויער! ביי אַ שומר — קען דער שומר טענה׳ן, ער האט פארשלאסען די טיר ווי עס דארף צו זיין. טא וואס איז ער שולדיג, אז גנבים האבען אויפגעבראכען דעם שלאס? דאס הייסט שוין אַ „אונס״! (אונגליק) און אונס רחמנא פטרי, אבער ביי מייז קענען דאך די גבאים ניט טענה׳ן: זיי האבען פארשלאסען די טיר ווי עס דארף צו זיין. ווייסען ניט די פאצאוויצעס, אז אַ מויז איז ניט מקפיד דורך וואנען זי קומט אריין? האבען זיי טאקע באדארפט, ווי איך האב פריהער געזאגט, אויף זיין אַ גאנצע נאכט און זיי היטען! וואס האבען זיי אבער געטהאן? זיי זיינען מיר געשלאפען ווי פריצים און געלאזען די מייז שארוועדען ווי אויף אַ פדיון הבן, הייסט דאס שוין נאכ׳ן דין נאך „פשיעה״ (פארברעכען) און אויף פשיעה איז אפילו אַ שומר חנם אויך מְחוּיָב צו באצאלען! און וואס דו האסט מיר געקרעהט ווי אַ האהן! הולכין אחרי הרוב? דאס הייסט: אזוי ווי די הויזען מיט׳ן טעפעל שמאלץ האבען

די גבאים ניט געלאַטהעט אַזוי האָבען זיי די דאַרע קישקע אויך ניט אָוועקגעגראַבעלט? זאָג מיר בשמים שמעקער! פון וואַנעט ביסטו מיר עפּעס אַזוי זיכער, אַז די גבאים האָבען ניט אַרונטערגעטראַסקעט אַ האַלבע הויז פון יואל דוד׳ס הויזען און האָבען דאָס פאַרנוצט פאַר זיך אויף לאַטעס? ניין! ניין! זיי וועלען דיר קוקען אין די ציינער ווען זיי האָבען נעטהיג ווי דעם לעבען לאַטעס פאַר די הויזען? לכן — שרייט אויס העשל, ווי אַ שוהל רופער — אַז די אַלע ראיות וואָס דו האָסט מיר געבראַכט זיינען ניט ווערט אַ פּיפּקע טאַבאַק! די גבאים זיינען מחויב אָפּצושטעקען. אָדער דעם משכון — אָדער דאָס געלט! דו פאַרשטייסט ויזתא, וואָס איך האָב געזאָגט, אָדער ניט?

— ביצה שנולדה ביום טוב! — גיט פייווע אָזוועגנטער אַ פייער אויף העשל אַבאַלניקער. — דו פּלוידערסט מיר היינט ווי אַ שכורער טערק! קענסטו ניט וחלקלקות, פאַרשטעהן, אַז יואל דוד איז אַ חמסן? אַ רויבער? אַ פּשוטער פערד גנב? ער וויל אַרויסשלעפּען פון אונזער קעשענע, אומזיסט און אומ־נישט, אַ רובעל מיט 25 קאָפּיקעס? שטעלט אייך פאַר: זעקס מאָנאַטען איז געלעגען ביי אונז זיין משכון. ווען ער וואָלט למשל, ניט געהאַט פאַרזעצט ביי אונז זיין פּעקעל, פרעג איך אייך, זאָגט אדרבא, לייגט נאָר צו אַ ביסעלע קאָפּ, וואָס וואָלט היינט געוועזען פון אַלץ מיט אַנאַנדער? איהר פאַרשטעהט דאָך אַליין! אַז וואָס? אַז פון משכון וואָלט שוין היינט קיין זכר ניט געוועזען, די הויזען וואָלט ער שוין געהאַט לאַנג צו טראָגען, די דאַרע קישקע מיט׳ן טעפּעל שמאַלץ וואָלט שוין היינט אויף דער וועלט ניט געוועזען! ניין! אַזאַ פרעסער ווי יואל דוד, וואָס יאָגט אַרונטער צו פריהשטיק אַ גאַנצען ראָזעווען ברויטעל און נאָכדעם שרייט ער מיט קולות, אַז ער האָט פיינט ראָזעווע

ברויט, מיינט איהר אזוינער וואלט זיך איינגעהאלטען ניט אויפצופרעסען? און דאס איז דאך ידוע על פי שכל ועל פי הגיון, אז אַ זאך וואס היינט וואלט שוין אויף דער וועלט ניט געווען איז אזוי גוט, לייגט נאר צו אביסעלע קאפּ, ווי אַ „דבר שלא בא לעולם", ווי די זאך וואלט גאר קיינמאל אויף דער וועלט ניט געווען. הייסט עס, אז וואס? אז יואל דוד האט גאר קיינמאל אין זיין לעבען ניט געהאט הויזען מיט דארע קישקע מיט געגזענע שמאלץ, און אויף אַ דבר שלא בא לעולם האלטען אלע, אז מען קען ניט מאהנען. ניט אזוי ער קען ניט מאהנען, נאר פּטור בלי כלום, דאס הייסט אנעציפּט, נעוואס, ניעקוקעריקו, אַ גאר נישט מיט אַ גאר נישט! היינט אז ער מאהנט פון אונז געלט הייסט ער, פארשטעהט איהר מיך אַ חמסן, און אַ חמסן איז דער יושר פון אייך דינים, איהר זאלט איהם אנחאפּען פאר'ן קאלנער און איהם דורכשליידערן דורך אלע טירען. מען טאר מיט אַ זוינעם אין זיינע דלת אמות ניט שטעהן. איהר פארשטעהט וואס איך זאג אייך?

— קטן בן ויזתא! — גיט יואל דוד אַ געשריי אויפ'ן אוזוועגטער — וואס מיינסטו „אשר יצר", אז די זעקס חדשים בין איך ארום געלאפען איבער די גאסען אין הוילע גאטקעס? וואס פארשטעהסטו ניט אלטער תרח, ווען איך וואלט ניט געהאט מיין משכון ביי אייך, וואלט איך דאך געטראגען די גאנצע צייט אייערע הויזען? איך מיין, מיינע הויזען וואס זיינען געליגען ביי אייך? נו, וואס וואלט דאמאלסט געווען? איז דאך די סברא מחייב, אז וואס? אז איך וואלט געהאט צוריסען אייערע הויזען! איך מיין מיינע הויזען וואס זיינען געווען פארזעצט ביי אייך און מיינע הויזען וואס זיינען געווען ביי מיר, וואלטען נאך היינט געווען שפּאגעל ניי! הייסט עס, אז

וואס? אז איך וואלט נאך היינט פארמאגט אַ פּאר נייע הויזען! ערשט פון נאדעל ארויס! דאס גלייכען, ווען איך וואלט געהאט די דארע קישקע מיט די גענזענע שמאלץ וואלט איך דאך די גאנצע צייט פארשפּארט צו קויפען זויערמילך מיט רויטע רע־טעכלעך! איך וואלט מיר די גאנצע זעקס מאנאטען געגעסען ווי אַ גובערנאטאר! דארע קישקע מיט גענזענע שמאלץ! היינט, זאג מיר, תרח בן יִשְׁבָּק, ווי לייגט זיך דאס אויף דיין טראַנ־טעוואטען שכל, אז מיינע אלץ מיט אנאדער איז ווי אַ דבר שלא בא לעולם? און מיר קומט אַ פייג אונטער נאז? וואס מיינסטו אוזוועגטער, דאס איז גנב'ענען אַ שטיק תורה פון „פרי מגדים" וואס פּסח פלאטלער האט דיר געחאפּט פאר'ן האנד? דארע קישקע מיט גענזענע שמאלץ, דארפסטו וויסען איז ניט קיין „פרי מגדים"! דו פארשטעהסט צו ניט? איך זאג דיר אוזוועגטער — לאזט אויס יואל דוד מיט כעס — וואו דו וועסט זיין אַ רב, וועט די שטאדט ברענען!

— איך פייף אויף דיר, פּימפּענאטער איינער! — דערלאנגט דער אוזוועגטער אַ געשריי אויף יואל דוד'ן — וואס איך האב אין קאפּ, האסטו ניט אין נאגעל! איך מיין פארקעהרט: וואס איך האב ניט אין נאגעל, האסטו אין קאפּ! צום טייפעל! וואס איך האב אין קאפּ האסטו אין נאגעל!

— געה שלאפען צודרומשקעטער! — גיט בענצע ווילקומי־רער אַ געשריי אויפ'ן אוזוועגטער — וואס האט איהר זיךביידע אזוי צוקאכט ווי אַ פארפעל־צימעס? וואס הארט אייך? עס וועט ניט זיין, ניט ווי דו ווילסט און ניט ווי ער וויל! מיר וועלען זיך פארלאזען אויף פּסח פלאטלער! אט, ווי ער וועט פסק'נען אזוי וועט זיין! (ביים וועג וויל איך אייך, געערטע לעזער, וואס אויפמערקזאם מאכען. איהר זעהט, אט די צוויי ישיבה

בחורים, וואס האבען ערשט פאר אַ ווײַלע געמאכט אײנער דעם אנדערען ווי אויסצודרעהען — זײַנען היינט ביידע באוואוסטע גרויסע רבנים.)

איך דערלאנג אַ שאר די היטעל אַרויף, חאפּ ארײן אַ פינגער אין מויל ארײן און האב ניט ארויס געלאָזען ביז איך האב מיך דערגרונטעוועט ארויסצוטראגען דעם ריכטיגען פסק דין. כסדר:

— די דרייסיג קאפּיקעס וואס די גבאים האבען געליהען יואל דוד׳ן פסק׳ן איך, אז דאס איז ווי אין הונט ארײן! דאס הייסט, פארשטעהט מיר גוט, אז דאס געלט איז פארפאלען, ווי אין דעק ארײן! מאכט נאר ניט קיין טעות! פארשטעהט מיר ריכטיג: קענען די גבאים זיך זעהן מיטן לינקען אויער? אזוי קענען זיי זיך שוין זעהן מיט דאס געלד! וואס פארשטעהט איהר דא ניט? איך מיין גאר פשוט, אז יואל דוד דארף די גבאים די דרייסיג קאפּיקעס ניט אפּגעבען! די צולעכערטע הויזען זאל מען אוועקגעבען יואל דוד׳ן און די גבאים מעגען איהם דאס ארײנרעכענען אין פיער קאפּיקעס. מחמת, פיער קאפּיקעס אזוי האב איך אויסגערעכענט עטליכע מאהל הין און צוריק איז אַ מציאה, ווי פון אַ גנב, אפילו אויף לאטעס אליין! ווארט דאס איז נאך ניט אלץ! לאזט זיך דינען דער צו מוז יעדער גבאי נעהמען זײַנע הויזען און געבען צו טראגען יואל דוד׳ן אַ וואך נאכדעריי ענדיגט זיך די וואך, מוז דער צווייטער גבאי איהם געבען. שפּעטער — דער דריטער און אזוי הין און צוריק ביז די גבאים וועלען אליין בלייבען אהן הויזען! דאס הייסט, פארשטעהט מיר גוט: כל זמן די תחתונים פון די גבאים זײַנען נאך גאנץ האט יואל דוד אַ צוטריט צו זיי, דערפאר פּסק׳ן איך, אז דער טעפּעל שמאלץ מיט די זעקס הרוגים גע־

הערט אין גאנצען צו די גבאים. דאס הייסט: זיי קענען טהאן מיט דעם, וואס זיי ווילען. אז זיי ווילען קענען זיי דאס גע־זונטערהייט פארנוטצען פאר זיך אליין און אז זיי ווילען קענען זיי דאס ווארפען ווען עס איז דרשה געשיינק, אט ווי זיי ווילען, אט אזוי קענען זיי טאן. איך ווייס ניט ווי איהר, נאר אין דער ישיבה זיינען אלע געווען, מי יודע, ווי צופרידען מיט מיין פסק דין. עס איז געווארען ששון ושמחה, וואס איך האב גערעכטעוועט דעם סומך נופלים פון פאלען כורעים.

ווי די דין תורה האט זיך געענדיגט האט יואל דוד אונז אלעמען איינגעלאדען אויף אַ גלעזעל טייה מיט באַבקע. מיר האבען זיך פארבראכט ביי איהם ביז אַ פאר מינוטען פאר ליכט בענטשען. וואס אמת איז אמת! אזא פרעהליכען פרייטאג האב איך שוין, איהר הערט, אַ לאנגע צייט ניט געהאט! דעם טעם פון די טייה מיט די באבקע ליגט מיר נאך היינטיגען טאג אין מויל!

איך זעה, געערטע לעזער, ווי איהר קוועטשט מיט די פלייצעס: ווי אזוי קען דאס זיין? אט ערשט פאר אַ ווייל׳ע האט מען זיך געגעבען אין טאטען אריין און אט געהט מען שוין טרינקען טייה בשותפות? ווי שיקט זיך דאס? איהר זאלט מיר קיין פאראיבעל ניט האבען וואס איך וועל אייך זאגען, אז איהר קענט ניט מהילה, דעם האראקטער פון אַ ישיבה בחור! אט אזוי זיינען זיי שוין! ווען מען קריגט זיך אין לערנען מאכט מען זיך אַש און בלאטע. איינער דערלאנגט דעם צווייטען מיט אַ תוספת אין זייט אריין, אז עס פארחאפט איהם דער אטהעם. דער אנדערער שווייגט אויך ניט. ער דער־לאנגט צוריק אַ דורקע מיט אַ "מהר"ם שיף", אז יענער פאר־צאפעלט זיך. אפגעקריגט, ווערט מען באלד צוריק נאש בראט,

גוטע פריינד הייסט עס און מען טיילט זיך צוזאמען דעם ביסען פון מויל, אדער מען הונגערט בשותפות... אט אזא טבע האבען אייך די ישיבה בחורים! איהר פארשטעהט צו ניט?

שא וואו האלט איך? ביי אברהם מענדלען הייסט עס!

דאס איז אלץ גערעדט געווארען פון אזעלכע גבירים ווי איך, דער מאזייקער, אדער יואל דוד גרינקישקער, מיט אונז איז קיין דאגה ניט געווען. מיר האבען געהאט וואס צו פאר־זעטצען. אברהם מענדעל אבער איז געווען ניט פאר אייך געדאכט און ניט פאר קיין אידען געדאכט אַ פיעראטאזיגער אביון. מעהר ווי די נשמה מיט אַ גומענעם קראגען האט ער ניט פארמאגט. און טאמער האט איהם אַ מאל זיין שוועסטער גע־שיקט אנ׳אויסגעהעקעלטען טלית־קטן מיט אַ פויגעל אין מיטען, האט ער באלד געחאפט און דאס פארזעצט פאר אכט קאפיקעס. דער סוף איז געווען, אז ער האט קיין מאל ניט זוכה געווען אפצושפארען אכט קאפיקעס ארויס צו נעהמען דעם משכון. די גבאים האבען דעם משכון פארקויפט בפומבי, אונטערן האמער הייסט עס. בערע שאדער האט אריינגעשטיגען ביז זיעבען קא־פיקעס און ביי איהם איז דאס טאקע געבליבען. וואס אמת איז אמת! אזא מציאה טרעפט זיך נאר איין מאל אין הונדערט יאהר. דער פויגעל אליין זאג איך אייך איז ווערט געווען זיעבען קאפיקעס ניט אַ גראשען וויניגער. די אונטערשטע שורה איז געווען, אז די באנק האט צו געבאקען צו אברהם מענדל׳ן אַ גאנצע קאפיקע.

שטיוועל האט אברהם מענדל געטראגען, איז דאס געווען, ווי איך בין אַ איד, אויף בילעטען צו געהן! טאמער האט איהר ניט ווילענדיג אַ קוק געטהאן אויף זיי האט איהר באלד געמוזט לויפען וואשען די הענד און מאכען אַ ברכה, „אשר יצר נקבים

נקבים, חלולים חלולים״! אט אזוי פיעל לעכער איז דארטען ניט דא געדאכט געווען!

שטעהן נעבען איהם איז געווען ממש סכנת נפשות. מחמת, פון די לעכער פלעגט ציהען אזא צוק, אז אפילו אַ אינדיק, איהר הערט, האט זיך געקענט לייכט פארקיהלען. און טאמער האט אַ ישיבה בחור געהוסט, האט מען באלד פארשטאנען, אז מסתמא איז ער געווען אַ צו נאהנטער חבר מיט אברהם מענדעל׳ס שטיוועל.

אַ קראגען האט ער געטראגען דווקא אַ גומענעם. מחמת, אַ גומענער קראגען, דארפט איהר וויסען, עס קען אייך דאס אמאל צו נוטץ קומען, פארשפארט מען דעם גאנצען לעבען צו וואשען. מען דארף נאר געבען אַ שפיי ארויף, אַ וויש מיט׳ן ארבעל און שוין פארטיג! דער קראגען גלאנצט אייך ווי אַנ׳ אפגעשייערטער היינגלייכטער.

צו זאגען אייך דעם ריינעם אמת, האט זיין קראגען אין דער ישיבה זעהר פיעל נוטצען געבראכט. אַז אַ ישיבה בחור האט למשל געפיהלט, אז מיט זיינע פאות איז עפּעס ניט גלאטיג און דא דארף ער אייך באלד געהן עסען מיטאג, איז ער צו געגאנגען צו אברהם מענדל׳ן און איהם געבעטען ער זאל זיך מטריח זיין און זיך אַ וועק שטעלען גראד, ער זאל קענען חאפּען אַ קוק אין קראגען, וואס זיינע פאות מאכען. טאמער האט ער געזעהן, אז מיט זיי איז עפּעס ניט דאסיג, האט ער געחאפּט, אריינגערוקט דריי פינגער אין מויל אריין און האט מיט אביסעל שפייעכץ געגעבען אַ פאר מאל אַ פאר איבער׳ן פאה און פארטיג. ער מעג שוין געהן עסען!

אהן אברהם מענדעל׳ס קראגען, מוז איך אייך זאגען, וואלט טאקע געווען גאר פאסקודנע. אַ סך ישיבה בחורים וואלטען

אייך געמוזט אַ וועק געהן עסען מיט צו דאסטע פאות!

אין מיטען דרינען וועל איך אייך דערציילען אַ טשיקאווע זאך. עס וועט זיך אייך אסור ניט וועלען גלויבען: אנ׳ערפינדונג האט געראטעוועט אברהם מענדל׳ן ער זאל ניט שטארבען פון הונגער. אַ ניט וואלט געוועז מיט איהם גאר שלעכט! אבער וואס שלעכט הייסט.

אט הערט זיך צו וועל איך אייך דערצעהלען.

אברהם מענדעל מיט זיין שארפע קאפּ האט זיך אמאל דערגרונטעוועט צו אַ טייערן איינפאל. דהיינו: ווי אזוי מען זאל דארפען האבען טייה אויף צעהן כפרות. ער האט אויסגעפונען אַ „במקום״ וואס שמעקט בעסער ווי אמת׳ע טייה און עס קאסט גאר אַ קלייניגקייט. אַ גאר נישט מיט אַ גאר נישט.

אויב איהר ווילט וועל איך אייך אויסלעהרנען ווי מען מאכט עס.

נעהמט אַ שטיקעל צוקער לייגט עס אַרויף אויף אַ פרעגעל־פאן און האלט עס אויפ׳ן פייער ביז די שטיקעל צוקער וועט אייך צוגעהן. נאכדעם נעהמט אַ גלאז וואסער, גיט דאס ראפּטום אַ גאס אויפ׳ן פאן און גלייך אַ טאנץ אַ וועק. מחמת, אז איהר חאפּט, לא יעלה ולא יבא, אַ שפּריץ אויפ׳ן נאז קענט איהר האבען צו זינגען און צו זאגען. — פון געברענטע צוקער אַ שפּריץ דאס איז, זאג איך אייך חיות ניט זיכער — דאס וואסער ווערט אייך באלד רויט ווי בלוט און אז איהר וועט נעהמען אט פון די רויטע וואסער אריינטריפען צוויי טראפּענס אין אַ גלאז געקאכטע וואסער וועט אייך די גלאז טייה אויסקוקען, ווי איך בין אַ איד. ווי אַ גלאז קידוש וויין. טאמער גלויבט איהר מיר ניט, טו זייט אזוי גוט, געהט נעהמט און מאכט זיך אזא גלאז טייה וועט איהר זעהן, אז פאַר אברהם מענדעלס טייה מעגען

זיך באהאלטען אלע פאבריקאנטען. די טייה פלעגט ער פונ־אנדערגיסען אין קליינע פלעשעלעך און פארקויפען אַ קאפיקע אַ פלעשעלע. פון דאן אן האט די גאנצע ישיבה אנגעהויבען צו טרינקען אברהם מענדעלס טייה. אט די פלעשעלעך טייה פלעגען איהם איינברייגגען שעהנע עטליכע קאפיקעס אַ וואך און פון די עטליכע קאפיקעס האט ער געהאט אויף אלץ מיט אנאנדער אויסער די דריי קלייגקייטען: צו קויפען ברויט, פארריכטען די שטיוועל און באצאהלען פאר סטאנציע. אויף דאס האט איהם ניט געסטייעט. אבער חוץ דעם האט ער געהאט אויף אלץ מיט אנאנדער.

און אַ מזל האט אברהם מענדעל געהאט, אזא מזל, טאטע זיסער, אויף אלע הינט געזאגט געווארען.

איין טאג איז ער מיר ארום געגאנגען שטארק פארטראכט. איך ווייס ניט ווי די מעשה איז געווען, צו איז ער געווען ארייגעטהאן אין לעהרנען, אדער ער האט געהאלטען אין אויס־געפינען אַ נייעם איינפאל.

ווי די מעשה איז געווען, דעס קען איך אייך אסור ניט זאגען, נאר דאס ווייס איך, אז אברהם מענדעל איז ארום געגאנגען, ווי אהן אַ קאפּ. זייענדיג אזוי פארטראכט איז ער אריין ביי זיין דיענסטאג עסען וועטשערע און אנשטאדט צו זאגען „גוטען אוועגט״ ווי עס פיהרט זיך ביי לייטען דערלאנגט ער דאס ניט א זאג אויפ׳ן קול: גוט וואך! די מענשען פון שטוב האבען געמיינט, אז דער ישיבה בחור איז ניט דא געדאכט משוגע געווארען. אין דער אמת׳ן גערעדט, ווי נעהמט דאס אַ קלאהרער מענש און גיט אייך אַ זאג אין אַ מיטען דיענסטאג „גוט וואך?״ מסתמא, אזוי ווייזט אויס, אנדערש קען דאך ניט זיין, האט זיך ביי איהם דער שכל דערלאנגט אַ דרעה מיט

די קאַפּ אַרונטער און שוין אויס! צו געקומען אין טעלז אַ נייער משוגענער. די מענשען פון שטוב האבען גענומען לויפען וואו די אויגען טראגען. דער סוף איז געווען, אז אויף מארגען האט די בעל הבית׳טע געלאזט וויסען דעם משגיח, ער זאל איהר שיקען אנ׳אנדער ישיבה בחור, אבער למען השם ניט קיין משוגענעם, וואס קומט אייך אריין דינסטאג און גיט אייך א זאג פּור פלאט, ניט דיר ניט – ניט מיר ניט „גוט וואך". אט צוליעב דעם פאסקודנעם „גוט־וואך" האט אברהם מענדעל פארלארען אומזיסט און אומנישט „א דינסטאג" און נאך וואס פאר אַ דינסטאג? ער פלעגט פון דעם דינסטאג זאט זיין ביז דאנערסטאג אין דער פריה, אזא דינסטאג איז דאס געווען.

איהר ווייסט גאר ניט, געערטע לעזער, וואס פאר אַ ריס אין הארצען דאס איז צו פארליערען אַזא טייערן טייערן טאג! פּרובירט כלעבען פרעגט אַ ישיבה בחור וועט ער אייך זאגען.

איין מאל, איהר הערט, האט אייער אברהם מענדעל געהאלטען גאר שמאל. מען האט געמיינט, אז אט, אט, געהט ער אבשטאטען אַ וויזיט ביי זיין עלטער־באבע, עליה השלום.

די מעשה איז אזוי געווען:

אין דער ישיבה איז געווען די מאדע, אז פרייטאג צו קבלת שבת פלעגען די ישיבה בחורים, וואס זיי האט אויסגעפעהלט שבת, זיך פונאנדערלאזען איבער אלע קלויזען און בתי מדרשים דער שמש זאל זיי באשטעלען שבת.

איינמאל פרייטאג צו קבלת שבת לאזט זיך אַ וועק אברהם מענדעל מיט נאך עטליכע ישיבה בחורים אין אייזיק ראבינאוויצעס קלויז. פאר פינף בחורים האט דער שמש געקראגען שבת און דריי זיינען געבליבען אויסען. צווישען די דריי פארשטייט איהר דאך, איז מסתמא געווען אייער אברהם מענדעל אויך. נו, ווי

דען? אנדערש קען דאך ניט זיין! אַ פּאר שעה איז ער ארום געגאנגען איבער די גאסען, דערנאך איז ער א וועק אויפ׳ן סטאנציע און זיך געלייגט שלאפען. וואס העלפט אבער זיין לייגען זיך שלאפען אז ער קען נעבאך ניט איינשלאפען! דער הונגער קנייפּט איהם אין בויך, ווי אַ בייזע שוויגער. ער שטעהט אויף פון געלעגער און געהט אריין אין קיך, טאמער וועט ער דארטען געפינען וואס צונעהמען אין מויל אריין. ער גיט אַ קוק, אז אויף אַ באנק שטעהט א פולע בלעכענע שיסעל מיט עסען. ער נעהמט ניט געפרעגטערהייט און יאגט ארונטער די גאנצע שיסעל ווי זי שטעהט און געהט, אפילו אַ לעק, איהר הערט, האט ער ניט איבערגעלאזען און געהט זיך מיט אַ פרעה־ליכען הארצען צוריק אין בעט אריין.

אויף מארגען אין דער פריה ווי די בעל הבית׳טע איז אריין געקומען אין קיך און געגעבען אַ קוק אז פון די שיסעל מיט די עסען איז קיין זכר ניטא האט זי דערלאנגט אַ געשריי אויפ׳ן קול: אוי, וועה איז מיר! זלמן לייב, קום גיכער אהער! זעה וואס דא טוהט זיך!

זלמן לייב דער מלמד גיט אַ שפּרונג פון בעט און לויפט ניט טויט, ניט לעבעדיק אין קיך אריין. בשעת מעשה איז איהם דורכגעלאפען אַ געדאנק: מסתמא האט ווער עס איז ארויס־געגנב׳עט דעם טשאלענט. אנדערש קען ניט זיין!

— וואס זאגסטו דערצו, זלמן לייב? איך האב נעכטען צוזאמען געגאסען פאר די ציג אַ פולע שיסעל מיט עסען און איצטער — נא, גיב אַ קוק, איז פון גאר די עסען קיין זכר ניט געבליבען! די שיסעל איז דיר אזוי אויסגעלעקט ווי צעהן קעטץ וואלטען דא געוועזען.

— רבונו של עולם! — שרייט די בעל הבית׳טע — ווער

האט דא געקענט אין מיטן דער נאכט עפענען די טיר און
ארײנלאזען די ציג אינעווייניג ארײן?

זלמן לייב דער מלמד חאפּט ארײן זיין געלען באָרד אין
האנד ארײן און נעהמט קנײטשען דעם שטערן, אויס צו געפינען
דעם רעטעניש. ער געהט צו צום קוימען, שטעקט ארײן די
קאפּ און קוקט שטארק אין קוימען ארײן.

— צו דרעהטער! — גיט מנוחה לאה אַ געשריי — וואס
קוקסטו מיר עפּעס אין קוימען? וואס מיינסטו, אז די ציג איז
דיר דורכגעפלויגען דורכ׳ן קוימען אין קיך ארײן? געה שלאפען,
צודרומסקעטער, וועט זיין גלייכער! וואס האסטו מיר זיך דא
אַ וועק געשטעלט אין די גאטקעס פּונקט ווי דו וואלסט מיר,
גאט זאל אויסהיטען, אנטלאפען פון אַ שרפה? געה, טוה זיך
אן און שאר זיך אַ וועק אין שוהל. דו הערסט וואס איך
זאג דיר?

— בייזער זיך ניט אזוי, מנוחה לאה! — רופט זיך אן
זלמן לייב געלאסען. — ווייסטו ניט אז ציגען שפּרינגען? עס
קען גרייליך זיין, אז די ציג האט אין פאַרהויז דערשמעקט די
שיסעל מיט דיינע איינגעמאכטס האט זי דיר דערלאנגט אַ שפּרונג
אויפ׳ן דאך און פון דאך דורכ׳ן קוימען פּראמא אין קיך ארײן!

— גוט יום טוב, לאמצעדרייצעם! — גיט מנוחה לאה
אַ פייער. — דו ביזט דאך שונא ישראל פון זינען ארונטער?
אז די ציג וואלט דיר דורך געשפּרונגען דורכ׳ן קוימען, וואלט
איך איהר דאך געפונען ליגענדיג אין קיך? איבעריגסען, זלמן
לייב, געה גיב אַ קוק, אַ קשיא אויף אַ מעשה? אַ מאל ליגט זי
באהאלטען ביי אונז אונטער׳ן בעט! אויף אונזער ציג איז אלץ
צו גלויבען!

וואס זאל איך אייך דא פיעל ברייען? אברהם מענדעל

איז שוין פון בעט ניט אויפגעשטאנען. פולע צוויי וואכען איז ער נעבאך אפגעלעגען אין גרויסע יסורים. מען האט געמיינט, אז ער וועט זיך שוין פון בעט ניט אויפהייבען. אַ פנים אז די ציגס פריהשטיק האט איהם שטארק פארשאדט. אנדערש קען ניט זיין.

אט אזא מזל האט ער אייך געהאט!

איין פריה מארגען קומט צו געהן צו אברהם מענדלען דער בעוואוסטער שדכן שמואל יונה באלטרעמאנצער און לייגט איהם פאר אַ שידוך מיט אַ רייכען פאדריאטשיק, וואס שטעלט צו צו די מלוכה איבערגעפרוירענע קארטאפעל מיט פארמוכעלטע קרויט. דער מחותן — מאכט דער שדכן — גיט פופצעהן הונדערט רובעל נדן מיט דריי יאהר קעסט אויסער מלבושים.

ווי אברהם מענדעל האט דערהערט „דריי יאהר קעסט" איז ער באלד ארויס פון די כלים. אַ קלייניקייט? אַ ווערטל זיך אפּ צו ריידען? דריי יאהר אלע טעג אויף איין ארט! איז ער מרוצה געווארען באלד אויפ'ן שטעל און פלעק. וועגען די מיידעל? אויב זי איז אַ שעהנע אדער אַ מאוסע, אַ גוטע אדער אנ'ארורה, אנ'אלטע אדער אַ יונגע, אַ ציכטיגע אדער אַ שלומפּער, אַ רוהיגע אדער אַ פעסעל פולווער — וועגען דעם האט ער אין גאנצען פארגעסען צו פרעגען. ביי אברהם מענדל אין קאפּ, דארפט איהר וויסען, איז ניט געלעגען אזעלכע נארישקייטען. צוריקריידענדיק, וואס קימערט טאקע אברהם מענדלען ווער און וואס די מיידעל איז? ער האט דען חתונה מיט די מיידעל? ער האט דאך חתונה מיט די פונפצעהן הונדערט רובעל און מיט דריי יאהר אלע טעג ביי איין בעל הבית!

זאגט מיר, איך בעט אייך, וואס איז טאקע אַ נפקא מינה אברהם מענדלען וואס פאר אַ מין סחורה מען רוקט איהם

אריין? צו עסען וועט ער האבען, פאר סטאנציע וועט ער ניט דארפען צאהלען און אַ פּאר גאנצע שטיוועל אויך, טו וואס נאך ווילט איהר?

איהר פארשטעהט וואס מען רעדט צו אייך?

צוריק ריידענדיג, וועלכער ישיבה בחור, האט דען יא חתונה געהאט מיט די מיידעל? איינער האט חתונה געהאט מיט טויזענט רובעל נדן און צוויי יאהר קעסט. אַ צווייטער — מיט פינף הונדערט רובעל און פיער יאהר קעסט. אַ דריטער — גאר אהן נדן, נאר דער מחותן האט איהם פארשפּראכן, אז באלד נאך דער חתונה עפענט ער פאר איהם אפען אַ מעהל געשעפט און ער וועט אם ירצה השם ווערען אַ מעהל בייטלער מיט אלע מעהל בייטלערס צו גלייך. נאך איינער האט חתונה געהאט מיט אַ מחותן, וואס פיהרט אַ שניט קראם (מאנופאקטור) און דער מחותן האט איהם פארשפּראכען אריינצונעהמען אין געשעפט און אויב נאך דער חתונה האט דער איידעם מיט'ן שווער זיך גענומען רייסען ווי צוויי הינט און די שוויגער האט אויך ניט געזשאלעוועט אונטער צו לייגען אַ קנייטעל. אלע פיער, דאס הייסט, דער שווער, דער איידעם, די שוויגער און די טאכטער האבען גאנצע טעג זיך געריסען ווי צוויי קעץ אין אַ זאק. דעם איידעם איז טאקע געווען פאסקודנע אויפ'ן הארצען, פון דעסט וועגען איז ער ניט געגאנגען זיך גט'ן מיט די ווייב, מחמת אַ שניט קרעמער איז ער פארט געווארען און טעג האט ער אויך ניט באדארפט געהן עסען. מיט די מיידעל, זאלט איהר וויסען איין מאל פאר אלע מאל, האט קיין ישיבה בחור ניט חתונה געהאט. די מיידעל איז געווען ניט מעהר ווי אַ באקשיש, אַ פאַרבראַקעכץ, אַ פאנסעלע, אַ מאגעריץ, אַ צוגאב צו די נדן מיט די קעסט. טא וואס וואונדערט איהר זיך אזוי, אז אברהם

מענדעל האט אין גאנצען פארגעסען צו פרעגען דעם שדכן וועגען די מיידעל? איהר פארשטעהט צו ניט? ווער רעדט נאך, אז אַ חדש נאך תנאים איז אברהם מענדעל געקומען צו די כלה און וויכנע דוואשע די כלה, רעספעקט צו מעלדען, האט איהם צו פריהשטיק דערלאנגט אַ גלאז זיסע קאפע, וואס איז ממש צוגאנגען אין אלע גלידער מיט דריי בייגעל און אַ פיינקוכען אויף הוילע אייער, אהן די שאלעכץ, הייסט עס, האט אברהם מענדעל געזעהן בעשיינפערלעך, אז זיין כלה טראגט אונטער'ן העמד אַ גאלדענע הארץ: מה דאך פאר דער חתונה, וואס זי איז על פי דין ניט מחויב מיר צו געבען עסען, פונדעסטוועגען קארמעט זי מיר מיט אזעלכע טייערע מאכלים, היינט מכל שכן נאך דער חתונה, וואס דאמאלס איז זי על פי דין מחויב מיר אויסצוהאלטען, על אחת כמה וכמה אז זי וועט מיר קעכלען און פרעגלען? אט דער פשט'ל, איך מיין דער קל וחומר האט אברהם מענדל'ן אזוי פארדרעהט די קאפ, אז ער איז געווען זיכער ווי אַ שעסקע פעלץ איז ניט קיין פרעגעל־פאן, אז ער חאפט אייך די בעסטע מיידעל פון דער וועלט.

קורץ און גוט עס האט ניט גענומען קיין פולע צוויי חדשים און אברהם מענדעל האט אייך אריין געחתנה'ט מיט זיין זייט־מיר־מוחל פריילין וויכנע דוואשע.

נו, איצטער פארשטעהט איהר שוין ווי קומט אַ פאטש צו גוט שבת? דאס הייסט: ווי קומט אברהם מענדעל צו וויכנע דוואשע די ארורה?

טו, זייט מוחל, הערט וויטער.

ווי וויכנע דוואשע איז געקומען צום רב און זי האט זיך דערוואוסט, אז אברהם מענדעל וויל זיך מיט איהר גט'ן,

האָט זי געעפנט ווי אברהם מענדעל זאָגט: איהר חזיר־שטאַל און גענומען פייערן אויף וואָס די וועלט שטעהט.

— איהר ווייסט גאָר ניט, רבי. איך קען אייך גאָר ניט געבען צו פאַרשטעהן, רבי, וואָס פאַר אַ טריפה׳נער ביין דאָס איז! ווען איך האָב איהם גענומען, געהמען זאָל איהם שוין, טאַטע זיסער, דרעהען די בויך — האָט מיין טאַטע עליו השלום מיר געזאָגט, אַז ער האָט אויסגעקליבען פאַר מיר אַ חתן אַ צאַצקע! דער בעסטער בחור פון טעלזער ישיבה. אין קנאַפּע צווי יאָהר ווערט ער מיר אַ רב, און איך אַ רביצ׳ן. ווען ער איז אַנגעקומען צו מיר — קומען זאָל ער שוין, רבונו של עולם, אויף יענער וועלט! איז ער געווען מאָגער ווי אַ הונט. אָט אַזוי ווי איהר רבי, אַ האָר זאָל ניט פעהלען! איך האָב איהם אַנגעהויבען צו קעכלען און צו פרעגלען ביז ער איז מיר געוואָרען פעט ווי אַ חזיר. וואָס דאַרפט איהר מעהר, רבי? אַלע מאָנטאָג און דאָנערשטאָג צושפּאַרט ער מיר אַ פאַר הויזען, מיט צוויי פאַר גאַטקעס! שאַ, וואו האַלט איך! האַלטען זאָל ער זיך שוין, רבונו של עולם, ביי די ציינער! יאָ, איך האָב מיך דערמאָנט, רבי!

— באַלד נאָך דער חתונה האָט ער אַנגעהויבען צו שפּילען מיט דעם שכנ׳ס ווייבעל אין קוצעניו־מוצעניו. איהר מיינט אַ ודאי, רבי, אַז זי איז אַ שעהנע? פע! עס הייבט זיך גאָר ניט אָן! אַזאַ יאָהר אויף איהר, ווי שעהן זי איז! ניט מעהר מיין הויזען־צושפּאַרער געפעלט אַ ווייבעל וואָס געהט מיט אייגענע האָר וואָס וואַשט זיך אַלע פריהמאָרגען מיט שמעקעדיגע זייף און און פוצט זיך אויס אַלע טאָג ווי אַ גראַפינע מיט אַנאַנדער קליידעל אָבער אין גרונט גענומען איז זי ניט ווערט וואָס איך וואַרף אַרויס פון נאָגעל. נו, וואָס זאָגט איהר רבי צו דעם טייה פאַבריקאַנטס קאָפּ? ער מיינט, ער איז אויך אַ מענש?

אנדערש ווי ווייבליך מיט שמעקעדיגע זייף פאסט איהם ניט? איך בין געוועזן, רבי, אַ בעלן צו פארזוכען זיינע טייה, זאג איך אייך, אז עס קעהרט די הארץ צו ברעכען!

— איך הער דאס דעם ערשטען מאל — רופט זיך אן דער רב פארוואונדערט — אז אייער מאן איז אַ טייה פאבריקאנט.

— זאל ער אזוי האבען זיין קאפ, רבי, וואס פאר אַ טייה דאס איז אויף אַ שטיקעל צוברענטע צוקער אַרויף געגאסען אַ ביסעל געקאכטע וואסער, וואס האט מיר אַ טעם ווי שאמעריצע! הייסט דאס ביי איהם טייה?

— וואס דארפט איהר מעהר, רבי? עס האט נאך קיין מאל ניט געטראפען זייט מיר האבען חתונה געהאט, אז ער זאל א מאל זאגען: הונט, טייוועל, נא! איך האב דיר געבראכט אַ פאר בורשטינענע אוירענגלעך אַ מתנה! גאר נישט מיט גאר נישט! אז זיין קאפ איז אין גאנצען ארייגעטאהן אין די חצופה מיט די אייגענע האר, ווייטער ארט איהם קיין זאך ניט. חאטש גיט איהם אַ קריינק, רבי, קענט איהר איהם ניט אפרייסען פון איהר. נאר ווען זי האט געהאפט פון מיר מיט׳ן לאקשען־ברעט איבער׳ן קאפ און מיין צאצקע האב איך צו ביילט ווי אנ׳עפעל, ערשט דאן האט ער זיך אפגעצעפעט פון די קליפה.

— גענוג שוין — שרייט דער רב מיט קולות — איהר דונערט דאך שוין איבער צוויי שעה איך האב שוין געקראגען אַ קאפ וועהטאג פין אייך!

— איך ענדיג שוין רבי, זאל איהם, טאטע זיסער, אזוי דרעהען די קאפ, ווי ער האט מיר פארדרעהט די קאפ מיט די יאהרען! איהר מעגט דאס הערען, רבי! איך זאג אייך אסור ניט קיין ליגען, אז מיידעלווייז בין איך אייך געוועזן בלוט־און־מילך, פעט ווי אַ צימעס, שטיל ווי אַ טויב. איך האב אַ הויך

ווארט ניט געקענט ארויסלאזען פון מיין מויל. יעדער בחור וואס פלעגט מיר קריגען צו זעהן, פלעגט איהם חאפען די נכפה אויפ׳ן שטעל און פלעק! דערצו האב איך נאך געהאט פופצעהן הונדערט רובעל נדן! יא, איך האב אייך פארגעסען צו זאגען, רבי, אז אנ׳אנגעשטעלטער אין אַ דרוקעריי האט גע׳חלש׳ט נאך מיר. ער האט מיר געוואלט נעהמען ווי איך שטעה און געה. דארף זיך אונטעררוקען אט דער שלאק, די שלאק זאל איהם שוין חאפען, גאטעניו! איהר ווייסט ניט, רבי, איך בין שטיל ווי אַ טויב. איך קען קיין הויך ווארט ניט ריידען. אין מיין לעבען איז נאך פון מיין מויל ניט ארויסגעגאנגען אַ קללה׳לע, אַ פייער אויף איהם! קיין אנדער נאמען ווי קארענע באנדע אדער שלומפער האב איך ניט ביי איהם! און טאמער רייד איך אַ מאל אַ ביסעל העכער, מה הרעש? נעהמט ער באלד זאגען זיין געוויסע חכמה׳לע: „בו זי האט שוין געפענט איהר חזיר שטאל!״ איהר פארשטעהט רבי, וואס פאר אַ כל־בויניק דאס איז? אַ קלאג צו איהם, אַז א כשרה מויל ווי מיינע, וואס איך האב אין מיין לעבען פון מיין מויל נאך ניט ארויסגעלאזען אַ קללה, מאכט ער, פון איהר, אַ חזיר שטאל!

— ווארט רבי, דאס איז נאך ניט אלץ. זייט מוחל לאזט זיך דיענען אט באלד ענדיג איך שוין.

— גלייך נאך דער חתונה האב איך אנגעהויבען צו שפירען אז דער צאצקע מיינער, — אַ צאצקע זאל איהם שוין וואקסען, איך וועל איהם באלד זאגען וואו — געהט מיר ארונטער פון גלייכען וועג. איך מאך צו איהם: אברהם מענדעל! געה ארויס מקדש זיין די לבנה, עס איז שוין שפעט, מען האלט שוין אין טאנצען, געה גיכער, אַ ניט — ווערסטו פארזאמען! ער אבער שטעהט מיר ווי אַ פלאקען און עס גיט איהם ניט קיין צעפע.

דער הויזען צו שפארער ענטפערט מיר נאך מיט אַ חכמה׳לע, עס איז גענוג פאר איהם וואס ער האט מיר מקדש געווען, וועט ער נאך געהן מקדש זיין די לבנה אויך? מעהר פעהלט איהם ניט? אט מיט אזעלכע חכמה׳לעך מיינט ער, אז ער וועט דאס מיר פארשטאפען די מויל? וואס דיינקט איהר רבי, האב איך געטהאן? גאר אַ קלייניקייט! איך האב איהם מכבד געווען מיט׳ן קאך־לעפעל אונטער׳ן זייט, אז ער האט זיך באלד פארצאפעלט. ערשט דאן האט ער פארשטאנען, אז ער דארף שטעלען פיס, געהן מקדש זיין די לבנה הייסט עס.

— איהר מיינט אַ ודאי רבי, אז ער וואלט געגאנגען? עס הייבט זיך גאר ניט אן! נאר ער ווייסט גאנץ גוט, אז מיט מיר שפילט מען זיך ניט. אַ ניט — לינק איך איהם אויס ביידע פיס, אז ער וועט שוין פארשפארען אנצוטוהן די הויזען!

— מיט אַ מאל פאלט גאר דעם כל־בויניק איין זיך צו געהן גט׳ן מיט מיר! ניט לאנג קריינקט ער ווי איך וועל ניט נעהמען פון איהם אַ גט! איך דערלאנג איהם רבי, באלד אַ גט, אז ער וועט אייך נעהמען טאנצען קדוש ביז׳ן באלקען! עס איז שוין באלד אכטצעהן יאהר נאך אונזער חתונה און מיט אַ מאל געפעל איך איהם ניט מעהר?

— נאט אייך אַ וועק גאר אַ נייעס! גט׳ן גיט איהם! איך זאג אייך רבי, ווי מיין נאמען איז וויכנע דוואשע איבער די וועלט, אז איהר וועט זוכען און זיפען קענט איהר ניט געפינען נאך אזא סטאטקאווגע שטילע רוהיגע אידענע, וואס קען אייך קיין הויך ווארט ניט ריידען, ווי איך בין אייך.

— זאגט מיר רבי, פארוואס האט דעם הויזען צושפארער אנגעהאפט מיט א מאל אַ גט׳עניש? מסתמא, האט ער זיך שוין

וויעדער צו זאמען געשמעקט מיט דעם שכנ׳ס ווייבעל, אַ נכפה זאל איהר חאפען!

— וואס דארפט איהר בעסער, רבי? איך רייד צו איהם מיט גוטען אהן קללות און אהן ברכות. הויך ריידען אדער שילטען — ליגט איבערהויבט ניט אין מיין נאטור: אברהם מענדל! מיר דארפען זיך אריבער חאפען מיט אונזער חאצקל׳ן צום טראנ־טונער רבין! דאס איז אַ מענש, קאטארע, וואס קען מיט זיין קליין פינגערל לעבעדיג מאכען אַ הונדערט־יאהריגען טויטען. ווייסט איהר רבי, וואס ער ענטפערט מיר? גאר אַ קלייניקייט! אדרבא טרעפט? ער זאגט, אז דעם טראנטונער רבי׳נס ברכה האט ביי איהם אזא ווערדע פונקט ווי אַ האהן קרעהט זיך אויס!

— וואס מיינט איהר רבי, איך וועל איהם דאס שווייגען? נו, האט ער פון מיר געחאפט אזא חלק, אז ער וועט שוין זיין גאנצען לעבען בלייבען אַ געפאקטער!

— זאגט איהר אליין רבי, האב איך איהם ניט באדארפט צו שפאלטען די קאפ, אז ער זאל שוין פארשפארען צו עסען פיינקוכענס מיט איינגעמארענירטע הערינג?

— געגוג שוין! געגוג שוין! — גיט זיך דער רב אַ בייזער— איהר האט דאך שוין געמאכט אייער מאן ווי אויסצודרעהען! שווייגט אַ וויילע! נאמיך אַ קארשט הערען וואס אברהם מענדעל האט עפעס צו זאגען!

— וואס ער האט צו זאגען? — דערלאנגט וויכנע דוואשע אַ געשריי — ווידע (ודוי), טאטע זיסער, זאל ער שוין זאגען! וואס קען אזא ממזר זאגען אויף אזא פיינע שטילע אידענע, וואס קען קיין הויך ווארט ניט ריידען? אז איהר וואלט מיר פאלגען רבי, דארפט איהר איהם גאר ניט לאזען ריידען. גיט

איהם אַ פּאר פּעטש אוןווארפט איהם ארויס! זאל ער געהן אין אָרצע מיט דעם שכנ׳ס ווייבעל צוזאמען!

— הערט וויכנע דוואשע! — דערלאנגט דער רב אַ געשריי אויפ׳ן קול — אז איהר פארמאכט ניט אייער מויל נעהם איך שוין און גט אייך אפּ!

ער גיט זיך אַ קעהר צו אברהם מענדלען און הייסט איהם טענה׳ן.

— רבי! — רופט זיך אן אברהם מענדעל מיט אַ טיעפען קרעכץ פון הארצען — ווען איך זאל וועלען פאר אייך שילדערן מיין אונגליק. דאס הייסט, וויפיעל צרות און יסורים איך בין שוין אויסגעשטאנען פון די מרשעת און וויפיעל קללות זי האט מיר שוין ארייגגעיאגט — וואלט איך דארפען לעבען מתושלח׳ס יאהרען! נאר איך קען אייך זאגען אין קורצען, רבי, ווען גאט וואלט פרעה׳ן ארייגערוקט אזא וויכנע דוואשע ווי מיינע, בין איך זיכער, אז פרעה וואלט אין קוק ארויסגעלאזען די אידען פון מצרים. און ווען דער רבונו של עולם טהוט אזוי, וואלט ער פארשפארט מכבד צו זיין פרעה׳ן מיט די עשר מכות. ר׳ יהודה וואלט פארשפארט זיך צו דרעהן די קאפּ אויסצוגעפינען די סמנים: דצ״ך עד״ש באח״ב און משה רבנו וואלט פארשפארט אלע ווייטע צו לויפען צו פרעהן. איז דאך די קשיא: פאר וואס האט טאקע דער רבונו של עולם אזוי ניט געטהאן? עס איז גאר פשוט רבי, גאט האט פון ששת ימי בראשית אן געשאפען איין גיהנום און איין וויכנע דוואשע. דעם גיהנום האט ער געהאלטען פאר די רשעים און וויכנע דוואשען — פאר מיר. נו, פרעג איך אייך רבי: וואו האט גאט געקענט נעהמען פאר פרעה׳ן אַ וויכנע דוואשע, אז מעהר ווי איין וויכנע דוואשע

איז אויף דער וועלט ניט געווען און עס וועט ניט זיין? און היות ווי די גמרא זאגט: „אשה רעה מצוה לגרשה" (אַ שלעכטע פרוי איז אַ מצוה אפצוגט׳ן) בין איך צופרידען רבי אייך אַ וועק צוגעבען אַ העלפט פון די מצוה און אויב איהר ווילט שטארק— גיב איך אייך אַ וועק די גאנצע מצוה און גט מיר אפ פון די ארורה!

— דאס איז אלץ רבי, וואס איך האב צו זאגען!

וויכנע דוואשע האט שוין געחאפט אויפהויבען די האנד מכבד צו זיין אברהם מענדלען מיט אַ תקיעה גדולה. און דאס מעגט איהר וויסען, אז וויכנע דוואשע האט אייך נאר געווארפען אַ פאטש, נאמיך זאגען דיענסטאג נאך מיטאג, האט איהר נאך געקענט זעהן די סימנים אויפ׳ן באק פרייטאג פאר ליכט בענטשען. אט אזא האנד האט זי אייך געהאט.

דער רב האט געגעבען אַ טייט מיט׳ן פינגער אייפן נאז. ווי איינער זאגט: פרוביר נאר וויכנע דוואשע הייבען אַ האנט, האפסטו פון מיר באלד דעם גט, איז זי געבליבען שוואך ווי אַ מילב.

אַ ניט דער רב, זאג איך אייך, וואלט אברהם מענדעל געהאט אַ שלעכטען אפשניט פון איהר.

דער סוף איז געווען, אז דער רב מיט נאך אַ פאר חשוב׳ע בעלי בתים האבען זיך אריינגעלייגט אין דעם ענין און מען האט, ווי עס איז, געמאכט צווישען זיי ביידע אַ שלום. וויכנע דוואשען האט מען אנגעזאגט: אויב זי וועט נאך אַ מאל וואגען צו הייבען, אַ האנט געגען איהר מאן גט מען איהר אפ אויפ׳ן שטעל און פלעק. און אברהם מענדלען האט דער רב געגעבען אנ׳עצה, ער זאל דאס מאל נאך געבען זיין וויכנע דוואשען און איהר לאזען פאהרען צום רבין.

איין פריה מארגען הייבט זיך אויף וויכנע דוואשע און

פאהרט אַ וועק מיט איהר זוהן חאצקלען צום טראנטונער רבין. ווי זי איז נאר אריין געקומען אין רבינ'ס חדר אריין האט זי באלד אוועקגעלייגט אַ פדיון אויפ'ן טיש. דערצעהלט איהם אויס איהר ביטערע הארץ און בעט איהם ער זאל רחמנות האבען אויף איהר און ארויס יאגען דעם משוגענעם פון איהר זוהנס קאפּ.

דער רבי פארווארפט די קאפּ אן אַ זייט, פארלייגט איין פוס איבער די צווייטע, באמקעט זיך אונטער מיט דעם נגון פון ו„הכהנים" און פארטראכט זיך.

פלוצלונג גיט ער זיך אַ הייב פון שטוהל, געהט צו פאמעלעך צום משוגענעם, קוקט איהם טיעף אין די אויגען אריין און רופט זיך אן צו וויכנע דוואשען:

— ווארט אַ ווײלע! איך געה ארונטער ברײנגען אליהו הנביא'ן! צו אזא מעשה, פארשטעהסטו מיך, מוז איך איהם אויך האבען! אז ער וועט צו לײגען אַ האנט וועט עס געהן אביסעל לײכטער!

דער רבי זיצט און גלאצט מיט די אויגען און ביי וויכנע דוואשען אין קאפּ לויפען דורך פארשידענע געדאנקען: ווייסט גאט אויב אליהו הנביא וועט זיך ניט פוילען ארונטער צו קומען פון אזא ווייטע וועג? און ווייסט, די הענט אונגעוואשען, אויב ער וועט מרוצה זיין צו צו לייגען אַ האנט?

דער רבי גיט זיך אַ הייב פון שטוהל און רופט זיך אן:

הער זיך צו, אברהם מענדעלס ווייב! (אַ רבי רופט קיין מאל ניט אַ אידענע מיט איהר אייגענעם נאמען נאר מיט דעם מאנס נאמען). אליהו הנביא זאגט, אז דיין זוהן איז אין גאנצען געזונט. ער איז קלאר ווי אלע מענשען הייסט עס. ניט מעהר, מיט אַ פינף יאהר צוריק איז אין אויבערווערץ געשטארבען אַ משוגענער, האט דער משוגענער, פארשטעהסטו מיך, אריינ־

געטאנצט, ניט געפרעגטערהייד, ביי דיין זוהן אין קאפ אריין און אזוי האלט ער אין איינטאנצען. פאר געזונטערהייט, זיי זיך ניט מצער, איך בין דיר מבטיח, אז אין אַ יאהר ארום וועט דער משוגענער ארויסטאנצען פון דיין זונהס קאפ און ער וועט ווערען פריש און געזונט מיט אלע מענשען צו גלייך!

ווי וויכנע דוואשע איז צוריק געקומען אַ היים דערצעהלט זי אברהם מענדלען אלץ וואס דער רבי האט געזאגט און לאזט אויס:

— אהא כל־בו׳ניק איינער! טאר מען ריידען אויף אַ רבין? אויף דיינע צו להכעיס בין איך געווען צוזאמען מיט אליהו הנביא׳ן אין איין חדר!

— פון וואנען ווייסטו — פרעגט אברהם מענדעל נייגעריג, דאביי האלט ער די אויגען ארונטער געלאזען, ער זאל איהר טריפה׳נעם פנים ניט זעהן — אז דו ביזט געווען מיט אליהו הנביא׳ן אין איין חדר?

— הער זיך צו כל־בו׳ניק איינער, וועל איך דיר דער־צעהלען! איך זאג דיר איך ווייס אסור ניט, ווי איך האב דאס אויסגעהאלטען! דער רבי זאגט מיר, איך זאלווארטען אַ וויילע, ער געהט ארונטער ברייגען אליהו הנביא׳ן. איך שטעה מיר ווי פארגאפט און קוק מיר דעם רבין אין זיין ליכטיגען פנים אריין. איך זעה ווי דער רבי רעדט צום אלמער ספרים: „ביזטו ניט אליהו הנביא – זאלסטו אנקלאפען דריי מאל אין טיש, ביזטו יא אליהו הנביא — דארפסטו ניט קלאפען״! נו, האט טאקע ניט געקלאפט! האב איך באלד פארשטאנען, אז אליהו הנביא געפינט זיך מיט אונז אין חדר.

— נו, צאצקע מיינער, אַ פייער אויף דיר, וועסטו שוין נאך אמאל אפיעקען פון אַ רבין?

אברהם מענדעל האט דערלאנגט אַ בייזען קוק אויף וויכנע דוואשען מיט אַ שפּיי אַ פארבראקעכץ און איז ארויס פון שטוב.

וויכנע דוואשע האט זיך געלייגט אין דער לײנג און אין דער ברייט אויסצוגעפינען וואו אברהם מענדעל איז איהר אהינ־געקומען, עס האט איהר אבער געהאלפען, ווי אַ טויטען באנקעס. אברהם מענדעל איז ווי אין וואסער אריין און ארונטער פון מארק.

איין פריה מארגען האט איהר פלוצלונג אנגעהאפּט, ניט פאר אייך געדאכט, אַ סטראשנער בויך דרעהעניש מיט אַ שטע־כעניש אַ צוגאב. זי האט דערלאנגט אַ פאל אן דער ערד און געבליבען ליגען טויט, געגעבען אַ שטארב אַ וועק הייסט עס און שוין. וויכנע דוואשע האט זיך אריבער געפּעקעלט צו איהר באבען עליה השלום. ברוך דין אמת!

מיט אַ יאהר צוריק האב איך אין תל־אביב זיך באגעגענט מיט איינעם, וואס האט אַ מאל געלעהרענט מיט מיר צוזאמען אין טעלזער ישיבה. מיר האבען זיך פונאנדער גערעדט פון אונזער אַ מאליגען ישיבה לעבען. מיר האבען געשפרונגען פון איין עפּיזאד אויף די צווייטע ביז מיר האבען ארויף געטאנצט אויף אונזער אברהם מענדלען, דערצעהלט ער מיר: אז אברהם מענדעל איז אין אמעריקע אַ גרויסער גביר, ער פארמאגט אייניגע זיידען פאבריקען מיט הייזער, מיט ברייזער און האט דריי הויך אינטעליגענטע זיהן און אלע דריי שפּילען דארטען אַ גרויסע ראלע.

נו, איך פרעג אייך, זאגט אדרבא. קען מען וויסען וואס פון א מענשען לאזט זיך אויס? אט נעהמט דאס אוועק פון די ציג דעם ביסען פון מויל און אט נאט אייך אַ וועק — גאר אַ פאבריקאנט! וואס ארט אייך? אט אזוי פיהרט זיך די וועלט און פרעגט קיין קשיות ניט! גאט, אז ער וויל קען ער!...

# געוואלד אמעריקע איז ארונטער פון זינען!

אברהם משה דער שינדעל מאכער האט מען אין קראז, אין די שטעדטעל וואו ער האט געוואהנט אַ נאמען געגעבען „אברהם משה פארפעל צימעס״, מחמת פאר אַ טעלער פארפעל צימעס, אזוי פלעגט זיין ווייב זאגען, נעהמט ער איין די כפרה. און זיין ווייב האט מען גערופען, „טויבע לאה היהנער אויג״, מחמת אויף איהר מארך, אזוי האבען אלע געשריען אין איין קול, וואקסט איהר, ניט פאר קיין אידען גערדאכט, אַ היהנער אויג. קורץ און גוט — אברהם משה מיט טויבע לאה זיינען אייך געוועזען אַ ריכטיגע באשעהרטע פאר. ביידע עהרליכע מענשען, האבען קיינעם ניט געגארט. זיי האבען אויסגעזעהען ווי בהמות און זיינען טאקע געוועזען בהמות. תוכו כברו הייסט עס. נאר אַ שינדעל מאכער, מוז איך אייך זאגען, טאמער קען אייך דאס אַ מאל צו נוטץ קומען, איז ער געוועזען אַ טייערער. עס איז ניט געוועזען איהר הערט איין הויז אין קראז און הינטער קראז, וואס עס איז ניט געוועזען געדעקט מיט אברהם משה׳ס שינדלען.

איין פריה מארגען איז ער זיך מְיַשֵׁב, געהט און פאר־קויפט זיין הייזקע מיט אלץ מיט אנאנדער און איז גרייט צו פאהרען מיט זיין ווייב קיין אמעריקע.

— וואס טהוט זיך דא מיט דיר, אברהם משה? רופט זיך אן זיין פעטער שמואל בענצעס מיט כעס — ביזטו משוגע געווארען? וואס איז דיר עפעס מיט אַ מאל איינגעפאלען צו

פארלאזען קראז און פאהרען קיין אמעריקע? וואס? עס פאַסט דיר שוין ניט, מאנארך מיינער, צו וואהנען אין קראז? עפעס קעקערע מענשען פאר דיר וואהנען דא! טא וואס פאר אַ לוי־פעניש, זאג מיר, איז עפעס פאר פלאט געקומען אויף דיין קאפ? זאג אדרבא, וואס פעהלט דיר דא און וואס קוועטשט דיר? עס מוז דאך עפעס וואס זיין, אז דו ווארפסט מיר אַ וועק ברויט און געהסט מיר זוכען ברעקלעך? געדיינקסט, וואס דיין מאַמע עליה השלום פלעגט זאגען, „מען טאר ניט אויסגיסען די אומריינע, איידער מען האט די ריינע”! איך האב שטארק מורא, אברהם משה, אז דיר שטעכט שוין דער האבער! זעה, אז דו זאלסט נאך אַ מאל ניט חרטה האבען!

— איך בין שוין, פעטער, גאר ניט משוגע! — רופט זיך אן אברהם משה מיט אַ זיכערן טאן. — אז איך טהו, מסתמא ווייס איך וואס איך טהו! זאגט מיר פעטער וואס איך וועל אייך פרעגען: וויפיעל הייזער דענקט איהר קען א שטייגער זיך איינגעפינען אין קראז מיט אלע ארומיגע שטעדטלעך צוזאמען?

— איך בין זיכער אז מעהר ווי אכט הונדערט הייזער, שוין אריינגערעכענט די באד מיט חיים באשעס קרעטשמע וועט איהר געוויס ניט געפינען. פון דעסטוועגען האב איך מיך, אויף אלע אידען געזאגט געווארען, מיין פולע אוסקומעניש. היינט אמעריקע וואס דארטען זיינען דא צעהן מאל אזוי פיעל הייזער ווי אין קראז — קענט איהר זיך שויך פארשטעלען, אז איך וועל דארטען מאכען געלט ווי בלאטע! ניט ווילענדיג מוז איך דארטען ווערען אַ מיליאנערציק! איהר פארשטעהט פעטער צו ניט?

דער פעטער האט איינגעזעהן, אז אברהם משה, חאטש ער איז אַ בהמה, רעדט ער דאס מאל גאר ניט פון וועג, ווינשט ער איהם צו, אז גאט זאל איהם מצליח זיין וואו ער

וועט זיך דרעהען און קעהרען און ער זאל למען השם אן איהם אויך ניט פארגעסען.

— גערייינק, אברהם משה קרוין — לאזט אויס דער פעטער מיט אַ זיפץ — איך האב דיר ברוך השם, צוויי דערוואקסענע טעכטער און באלד וואקסט אונטער אַ דריטע. אלע דריי האבען ניט אויסגערעדט זאל זיין קיין העמד ניט אויפ׳ן לייב. ווער רעדט שוין וועגען נדן? אין קראז, ווייסטו דאך אברהם משה, קען מען ניט דערלבען אפצושפארען אפילו אַ קאפיקע! פון וואנעט אַ שטייגער? פון די עטליכע בייגעל וואס מען פארקויפט דיר דעם פויער?

— טא, גערייינק, אברהם משה! פריהער גאט און נאך דעם — דו!

געזאגט און געטהאן. אברהם משה מיט זיין ווייב טויבע לאה האבען זיך געזעגענט מיט די שטעדטעל און אַ וועק קיין אמעריקע.

ווי די שיף איז אנגעקומען קיין ניו־יארק הויבט אויף אברהם משה די אויגען צו חאפען אַ קוק: וויפיעל דעכער קען זיך אַ שטייגער געפינען אין אמעריקע?

פלוצלונג גיט ער זיך אַ חאפ פאר׳ן קאפ און אַ געשריי אויפ׳ן קול:

— געוואלד, טויבע לאה, איך האלט ניט אויס!

— וואס איז דיר, אברהם משה קרוין — פרעגט טויבע לאה דערשראקען — שוין ווייטער דיר אנגעהאפט אַ בויך וועהטאג?

— וואס קלאפסטו מיר דא, קאַצע פאַיקע, אַ קאפ מיט בויך וועהטאגס? — גיט אברהם משה אַ פייער — זעהסט ניט, אז אמעריקע איז דיר ארונטער פון זינען? קוק זיך איין. וואס דא טוהט זיך! זיי נעהמען און דעקען דיר די דעכער מיט בלעך!

דו זעהסט ניט אַ שינדעל אפילו אויף אַ רפואה! ארונטער פון זינען, טאטע זיסער, מוזען דאך די אמעריקאנטשיקעס זיין אַ ניט־ווי נעהמען דאס קלאהרע מענשען און געהן דיר דעקען דעכער מיט בלעך? דאכט זיך, אפילו אַ קינד אין וויעג ווייסט, אז פון בלעך מאכט מען פענדלעך, קווערטלעך, ריבאייזענס, אבער דעכער? דאס קענען נאר טהאן מענשען וואס זיינען, שונא ישראל, פון דולהויז אנטלאפען! אז מען זאגט, אז אין אמעריקע איז אלץ מיט די קאפ ארונטער איז דאך ניט שייך?

— וואס זאגסטו, טויבה לאה, אפשר ניט אזוי?

— דו ביזט אויף נאמנות גערעכט, אברהם משה! — רופט זיך אן טויבע לאה מיט אַ טרויעריגען פנים — דאס זיינען טאקע נעבאך קראנקע מענשען, משוגעים הייסט עס, ניט פאר דיר געדאכט, אבער זאג מיר, איך בעט דיר, פארוואס האט גאר קיינער קיין רחמנות ניט אויף זיי, מען זאל זיי אַ וועק פיהרען אין קעניגסבערג? גוטע דאקטוירים, מיין איך, וואלטען זיי נאך קענען ראטעווען. אַ שאד כ׳לעבען. אז אזוי פיעל מענשען אהן עין הרע, זאלען דיר שטארבען אין אַ משוגעים הויז. איך זאג דיר, אברהם משה, עס ציגעהט מיר אויף נאמנות מיין הארץ קוקענדיג אויף זיי!

— אַ שעהנע מעשה, טויבע־לאה, האסטו מיר דא אפגע־צימבעלט! וואס הייסט פארוואס מען פיהרט זיי ניט אַ וועק אין קעניגסברג? ווער אַ שטייגער, זאג מיר, זאל זיי דאס פיהרען, אז אלע זיינען דיר ניט פאר קיין אידען געדאכט אַרונטער פון זינען? דו זעהסט דאך ניט אפילו איין דאך מיט שינדלען? וואס האסטו, טויבע לאה, געוואלט, אז מירביידע זאלען דאס טהאן? זאג מיר אויף דארויף, זיינען מיר דאס געפאהרען קיין אמעריקא צו פיהרען משוגעים אין קעניגסבערג? זעה, טויבע

לאה, איך בעט דיר, פארדרעה מיר ניט מיין קאפ מיט דיינע משוגעתן!

— זיי ניט אין כעס, אברהם משה! איך האב דיר גאר קיינמאל ניט געזאגט, אז מירביידע זאלען דאס טהאן! וואס קענסטו אבער זאג מיר אנווערען, אז דו זאלסט אַ וועק שרייבען אין קראַז און טאקע היינט גופא צום רב און צו שמערע וואלף דעם מלמד און זיי מודיע זיין, אז זיי זאלען למען השם קומען וואס צום גיכסטען. זיי קענען ראטעווען מי יודע וויפיעל מענשען פון דול־הויז. דו ווייסט דאך, אז קראַזער רב און שמערע וואלף דער מלמד וועלען דיר לויפען מיילען פאר אַ מצוה!?

— דו פארמאכסט קאצעפאיקע דיין מויל? — דערלאנגט אברהם משה אַ דונער — אַ ניט, שטופ איך דיר באלד אריין אין ים אריין!

— אברהם משה! — רופט זיך אן טויבע לאה מיט טרע־רען אין די אויגען — זעה קרוין, זאג מיר, וואס הייבען מיר איצטער אן צו טהון? ווי צאפעלט מען זיך ארויס פון דאנעט? זאג אדרבא! וואס וועלען מיר דא טהאן, אז אַ ווארט מיט וועמען אויסצירריידען איז ניטא און געהן אויפ׳ן גאס קען מען אויך ניט? דו זעהסט גאר ניט, ווי אלע לויפען דיר ארום ווי פארסמ׳טע מייז? איין משוגענער יאגט דעם צווייטען? ווערה איז צו אונזערע יאהרען, אז אויף דער עלטער וועלען מיר מוזען אנהייבען זיך לעהרנען לויפען. ווארום טאמער פארוועלט זיך דיר אמאל צו געהן מיט די הענט פון הינטען ווי קלאהרע מענשען געהן און ווי עס געהען דיר אלע בעלי הבתים אין קראַז — וועט דיר ארויף פליהען אַ משוגענער אויפ׳ן רוקען און דיר געבען אזא שליידער אן דער ערד, אז דו וועסט שוין פאר־

שפארען זיך אויפצוהויבען אין געה טהו וואס א משוגענעם, הא וואס? אפשר ניט אזוי?

— געדיינק, אברהם משה! עס איז די גרעסטע ריזיקע פאר אונזביידען צו געהן אויפ'ן גאס! געוואלד! וואס האבען טיר געטהאן! ווי נעהמען דאס צוויי קלארע מענשען פארלאזען אַ שטעדטעל פון הוילע חכמים און קומען צו לויפען אין אַ שטאדט פון הוילע משו'געים? אוי! איך בלייב אַ וועק! איך האלט ניט אויס! זאג קרוין, וואס טהוט מען? וואס טהוט מען? וואס פאנגט מען אן צו טהון? איך וואלט לויפען פון דאנעט וואו די אויגען טראגען!

טויבע לאה צו וויינט זיך און נעהמט אויסגיסען איהר ביטער הארץ!

— אוי, גאטעניו. וואס האסטו געטהאן? צו וואס האסטו פארדרעהט מיין מאן די קאפּ און איהם געהייסען פאהרען קיין אמעריקע? אז דו האסט געזעהען, רבונו של עולם, אז מיין מאן שטעכט דער האבער, האסטו באדארפט איהם דערלאנגען אַ לייג אַ וועק אויף אַ חודש אין בעט, וואלט ער שוין פאר־שפארט צו טראכטען פון אמעריטשקע גנב. געוואלד גאטעניו! פארוואס האב איך מיך אזוי פארזינדיגט געגען דיר!?

זי ווישט זיך אפּ די טרעהרען און גיט זיך אַ קעהר צום מאן:

— זאג מיר, אברהם משה, וואס וועט שוין זיין, אז אמעריקע וועט שוין אנהייבען צו דעקען די דעכער מיט שינדלען? דאס הייסט: גאט וועט שוין רחמנות האבן אויף זיי און זיי אומקעהרען צוריק זייער שכל, וועסטו דען, פרעג איך דיר קענען קלעטערען אויף אַ זעלכע הויכע מויערען, וואס קריכען דיר אזש אין הימעל אריין? געדיינק, אברהם משה, וואס דיין

ווייב טויבע לאה זאגט דיר, הַלְוַאי זאל איך ליגען זאגען, עס וועט דיר דאס, דו הערסט צו ניט, דערלאנגען אַ שווינדעל אין קאפּ און דו וועסט זיך מיר דאס געבען אזא קייקעל ארונטער אז דו וועסט זיך צושיטען, די שָׁעָה זאל ניט זיין, ווי אַ מיר־ביגע בולקעלע. דו פארשטעהסט וואס איך זאג דיר?

אברהם משה האט געזעהען, אז ער איז סטראשנע אריינגעפאלען, פאהרען צוריק אהיים האט ער ניט מיט וואס און פרובירען איבערמאכען אמעריקע, זיי זאלען אנהייבען צו דעקען די דעכער מיט שינדלען וועט ער אויך ניט קענען, מחמת מענשען וואס געוואהנען זיך איינמאהל צו צו אַ משוגעת איז שוין שפּעטער זיי שווער אפּ צו געוואהנען. און ווער ווייסט, טראכט ער ביי זיך, אפשר איז טאקע טויבע לאה גערעכט? ער וועט סיי ווי סיי ניט קענען קלעטערן אויף א זעלכע הויכע מויערן, ער קען נאך דערלאנגען אַ פאל אן דער ערד און זיך צושיטען, די שעה זאל ניט זיין, ווי א מורביגע בולקעלע. באין ברירה, האט ער זיך געחאפּט צו אַ נייע פרנסה: ער האט געקויפט פאר אַ פאר דאלער עטליכע דוצענט פּאזניצקעס, אַ פאר פּעקלעך הארנאדלען מיט איינגלישע שפּילקעלעך און ארויס, ווי מען רופט אין אמעריקע „פּעדלען" געווארען א ביזנעס־מאן הייסט עס.

אַ יאהר צייט האט אברהם משה געפּעדעלט. מיט צרות מיט מאטערניש האט ער אייך אפּגעשפּארט פינף און צוואנציג דאלאר. דאס געלט האט ער געהאלטען אין בעט אונטער א פּערענע.

איין פּריה מארגען רופט זיך אן טויבע לאה:

— דו ווייסט, אברהם משה קרוין, וואס איך וואלט זאגען? מיר דאכט זיך, אז עס וואלט אסור גאר קיין נארישקייט ניט

געוועזן, אז מיר זאלען נעהמען די פאר דאלאר און אַ וועק טראגען אין באנק אריין! אין שטוב צו האלטען, פארשטעהסטו מיך, איז אַ גרויסע ריזיקע. דו ווייסט דאך, אז גאנץ אמעריקע איז פול מיט גנבים און גזלנים. עס קען גריילין טרעפען, דו הערסט צו ניט? אז גזלנים, די שעה זאל ניט זיין, חאפען זיך אריין, ניט געפרעגטערהייט, ביי אונז אין שטוב אריין, שטעלען דיר אויס אַ פיסטאל אונטערן סאמע נאז און גיבען דיר אַ קאמאנדע: אברהם משה, געלט אדער דעם נפש! טאמער לא יעלה ולא יבא שפארסטו זיך איין, דו ווילסט ניט נתנ'ן, דערלאנגען זיי דיר; מיט'ן פיסטאל צוויי קנאקען פיף פאף און שוין אויס אברהם משה! דו פאהרסט שוין צו דיין באבען אויף יענער וועלט! דו שפילסט זיך מיט אמעריקאנער גזלנים? דער סוף וועט זיין, מען וועט צו נעהמען פון דיר די פאר גראשען און איך וועל נאך בלייבען, ניט פאר קיינעם געדאכט און ניט פאר קיין אידישע טאכטער געדאכט — אַ יונגע אלמנה און טאקע מעהר ווי דאס פעלט מיר ניט היינט! גע־דיינק, אברהם משה! אויב דיין לעבען איז דיר ניחא און אויב דו ווילסט ניט אז איך זאל דיר בלייבען א יונגע אלמנה, זאלסטו מיר באלד נעהמען און אַ וועק לייגען אונזער ביסעל האב און גוטס אין באנק אריין, אַ ניט — וועסטו חרטה האבען. איך האב אבער מורא, אז דאמאלסט וועט שוין קיין צייט ניט זיין!

— איך פארשטעה דיר גאר ניט, טויבע לאה! — רופט זיך אן אברהם משה פארוואונדערט — זאג מיר כ'לעבען, ווי אזוי אַ שטייגער קענסטו דאס מיר בלייבען אַ יונגע אלמנה? פאר וועמען, זאג מיר, ווילסטו זיך דאס פראלען, אז דו ביזט נאך יונג? פאר מיר ווילסטו זיך פראלען? וואס מיינסטו, איך

ווייס אפשר ניט, אז צו דער חתונה ביזטו מיר אלט געווען איבער צוואנציג, ניט א טאג וויניגער און אפשר נאך מיט אַ שמיציג אריבער און נאך אונזער חתונה איז שוין ברוך השם צוויי און פירציג יאהר געווארען, טא פון וואנען, איך בעט דיר, ביזטו דאס מיר פון העלער הויט געווארען אזוי יונג? זיי מוחל, נעהם אַ שטיקעל קרייד און רעכען צו זאמען אויפ׳ן וואנט ווי אלט דו ביזט, וועסטו זעהן, אז עס מאכט דיר אויס פונקט צוויי און זעכציג, ניט אַ טאג וויי:יגער.

— הער, אברהם משה! — גיט טויבע לאה אַ פייער — זיי אזוי גוט, לייג מיר אַ קארשט ניט צו קיין יאהרען. איך בעט דיר ניט. דעווײלע בין איך ערשט פאר דריי יאהרען שבועות געווארען — צוויי און פערציג ניט אַ טאג מעהרער! און אויב איך געפעל דיר ניט מעהר — איך קוק דיר שוין אויס אלט? — קענסטו זיך געזונטערהייט נעהמען אנ׳אנדערע! קנאפ ווייבער זיינען דא אין אמעריקע? מסתמא, אַ קשיא אויף אַ מעשה, האסטו זיך שוין מיט וועמען עס איז צו זאמען גע־שמעקט? אין אמעריטשקע גנב איז דאך ניט שייך? וואס מיינסטו אבער, אברהם משה, אז די ווייבלעך מיט די געשא־רענע האר מיט די קורצע קליידלעך מיט די ציגארעטלעך אין מויל — אַ פייער אויף זיי — וועלען דיר געהן קאכען אלע טאג פארפעל־צימעס? קדחת מיט כשרה פאדים וועלען זיי דיר קאכען, אבער ניט קיין פארפעל־צימעס. גאר אַ נייעס! נאט אייך אַ וועק! מיט אַ מאל בין איך איהם גאר אלט געווארען! צו־ריק ריידענדיג, וואס איז דער וואונדער, אז איך זעה טאקע אזוי אויס? מיידעל־ווייז האב איך געשיינט ווי די ליכטיגע זון. אלע בחורים פלעגען ווערען די כפרה פאר מיר. ווער קען דאס געדיינקען וויפיעל בחורים זיינען געלעגען פאר מיינע

פיס און זיך געבעטען ביי מיר ווי ביי אַ גזלן, איך זאל רחמנות האבען אויף זיי און זיך לאזען אפזאגען דעם „הרי את"? און זייט איך האב חתונה געהאט מיט דיר בין איך פאר־שווארצט און פאר׳ח׳שֶכ׳ט געווארען. איך האב דען זאג מיר ווען געוואוסט, אז איך לעב אויף דער וועלט? ווי אַ פערד האב איך געהארעוועט פון בעגינען ביז שפעט אין דער נאכט! נו, איז גאר אַ וואונדער, אז איך בין פאר די צייט אלט געווארען?

— וואס מיינסטו, אברהם משה, איך בין דיר דאס אזא שוטה? איך פארשטעה גאר ניט, אז דו ביזט שוין פארחלאבעט אין אנ׳אנדערע? אָהָא, פארשטעה איך! מיין אבער ניט, אז עס וועט דיר דאס אזוי לייכט אפגעהן! נישקשה, די וועלט איז נאך ניט געשטארבען! עס וועט זיך נאך דו הערסט, איינ־געפינען איינער, ווער עס זאל זיך אננעהמען פאר מיר! בין איך דיר מיט אמאל אלט געווארען, טא זיי אזוי גוט, גיב מיר אַ גט און געה צו דיינע יונגע ווייבלעך! מאך אבער נאר ניט קיין טעות — איך רייד צו דיר ווי צו אַ גוטען פריינד. מיין ניט, אז די ווייבלעך, וואס קוקען דיר אויס אזוי יונג—זיינען טאקע אין דער אמת׳ן יונג. לעבען זאלען אזוי מיינע שונאים, ווי יונג זיי זיינען! דו זעהסט ניט, אז אויף זייער פנים ליגט דיר אנגעלעגט אַ וואגען מיט פארב און קראכמעל? פרוביר כ׳לעבן, גיב אַ קארשט אשאר ארונטער גאר די אנלייגענעכץ ועסטו באלד זעהן, אז זיי קוקען דיר אויס אַ סך עלטער פון מיר! דו מיינסט אַוַדאי, אז איך פארשטעה ניט זייער קונץ? אָהָא, פארשטעה איך! נישקשה! טויבע לאה איז נאך ניט עובר־בטל! ניט דערלעבען אבער זאלען מיינע שונאים איידער איך זאל מיר געהן פארבען! איך בין ניט, דו הערסט, אברהם משה,

קיין פארבערקע און ארונטער פון מארק! און אויב דו האסט זיך ארייגגענומען אין קאפ ניט אנדערש, דו מוזט אויך האבען אַ געפארבענע ווייב ווי אלע אמעריקאנציקאס — זאג איך דיר, דו זאלסט מיר קיין מינוט ניטווארטען און מיר שוין געהן געבן אַ גט! מיט אַ משומד אונטער איין דאך וויל איך אפילו אַ טאג ניט זיין!

— דו הערסט וואס איך זאג דיר? שוין א הער די צוועלף שורות און געה, איך וויל דיר ניט זאגען וואו!

געוואלד געשריען! — גיט אברהם משה אַ פייער — וואס האסטו מיר קאצעפאיקע זיך אזוי צו לאזען ווי אַ שליטען בארג ארונטער און קענסט זיך ניט אבשטעלען? וואס ווייבלעך — ווען ווייבלעך? שעהמען דארפסטו זיך אין דיין ווייטען האלז אריין! עס איז שוין ברוך השם איבער פערציג יאהר נאך אונזער חתונה, ליגט דיר נאך היינט אין קאפ ווי דו זעהסט אויס? טאטע זיסער, וואס טהוט זיך דא מיט דיר? מיר האבען דאכט זיך גאר אנגעהייבען צו ריידען וועגען א וועק לייגען די פאר דאלאר אין באנק אריין, פאלט זי מיר גאר אין מיט'ן דערינען אריין ווי א יאוועץ (יָוָן) אין אַ סוכה: מיט ווייבלעך מיט מיידלעך! געה קאצעפאיקע שלאף זיך אויס, וועסטו וויסען וואו דו ביזט אין דער וועלט!

— זאג מיר טויבע לאה! דו מיינסט, אז אין באנק איז דען אונזער געלט זיכער? פרוביר אקארשט, געה פארביי די באנק וועסטו זעהן ווי טיר און טויערן שטעהן דיר אפען גע־שפאנט פונקט ווי דאס וואלט געווען אַ באד אדער א קרעטשמע. געדיינק טויבע לאה, וואס איך זאג דיר. הלוַאי זאל איך דיר ליגען זאגען, מען וועט זיי נאך אַ מאל בדלות שטעלען, און

דאמאלסט, פארשטעהסטו מיך איז אונזערע געלט פארפאלען ווי אין דעק אריין!

— וועגען דעם, אברהם משה — רופט זיך אן טויבע לאה מיט אנ׳ערנסטן פנים — דארפסטו זיך דיין פעלץ ניט רייסען! אין באנק, פארשטעהסטו מיך, לויערן דיך אַ סך פארשטעלטע מענשען. האסטו אפשר אמאל באמערקט, ווי עס געהט דארטען ארום אַ הויכער — דארער איד מיט אַ לאנגען געלען בארד און טראגט דיר אויפ׳ן קאפ א שווארצען קאפעליוש. דו וואלסט אויף נאמנות שווערען, אז דער אלטער קראזער רב ר׳ יענקעלע זכרונו לברכה איז דיר פלוצלונג אויפגעשטאנען פון קבר און שפאצירט זיך דא ארום אין באנק, ווי ביי זיך אין גן־עדן, ווייסטו ווער איז דאס דער איד? דו וועסט אסור ניט טרעפען— דאס איז אַ פארשטעלטער וואס האלט אנ׳אויג אויף יעדען איינעם וואס קומט דיר אריין אין באנק. און טאמער פאלט ביי איהם אויף איינעם אַ חשד, אז ער איז נעבאך אַ שטיקעל לאטחער — האפט ער איהם, ניט געפרעגטערהייט, פאר׳ן קאל־נער אן איז איהם מכבד מיט אַ בריק אין זיי מיר מוחל און שליידערט איהם דורך אלע טירען.

— גוט! — רופט זיך אן אברהם משה — איך פאלג דיר, טויבע לאה! זאל דאס מאל איבערגעהן מיינע, זיי מוחל, געה, נעהם און פארהיינג מיר אלע פענסטערס, אז אַ שפעלטעלע, דו הערסט, זאל זיך ניט ארויסזעהען, דערווייילע וועל איך ארויס־חאפען פון אונטערן פערענע דעם זעקעלע מיט די פאר דאלאר.

אברהם משה שטאפט די פאר גראשען אין בוזעם קעשענע אריין, ציהט ארויף אויף זיך זיין ווינטער מאנטעל, פארשפילעט עס אויף אלע קנעפלעך און גיט אַ קאמאנדע, אז טויבע לאה זאל זיך האסטיג אנטאן.

טויבע לאה טהוט אן איהר שבת׳דיגע פאלערינע, האפט ארויף אויפ׳ן קאפ די האלבע היטעלע מיט׳ן גרינעם געגזענעם פעדער, נעהמט דעם זאנציקעל אין האנט אוןביידע לאזען זיך פון שטוב ארויס.

אויפ׳ן וועג גיט טויבע לאה ראפטום אַ פרעג:

— אברהם משה! דו האסט?

— געוויס האב איך! וואס מיינסטו קאצע פאיקע, איך האב דיר שוין פארלארען? זעהסט ניט, אז דער מאנטעל איז דיר פארשפילעט אויף אלע קנעפלעך?

זיי געהען אפ אַ שטיקעל ווייטער, ווידער דאס זעלבע:

— אברהם משה! דו האסט?

— אלע בייזע חלומות צו מיינע שונאים׳ס קעפ! — גיט אברהם משה אַ דונער — דו וועסט מיר גאר ניט אויפהערען אלע וויילע צו פרעגען „אברהם משה דו האסט״? וואס פאר אַ האסטעניש איז מיט א מאל ארויף אויף דיין קאפ? איך דער־לאנג דיר באלד אַ „האסט״, אז עס וועט דיר ווערען פינסטער אין די אויגען!

— זעה, זיי ניט אזוי אין כעס, אברהם משה — רופט זיך אן טויבע לאה געלאסען עס מאכט ניט. גיב זיך כ׳לעבען אַ טאפ! זעה אויב דו האסט! קנאפ ליידאקעס דרעהען זיך דא ארום? דו קענסט ניט אמעריטשקע גנב! דאס קען דיר ארויס־שלעפען א בייטעלע פון אונטערן הויט און דו זאלסט גאר ניט אנהייבען צו וויסען אז עס פעהלט דיר וואס! דעריבער זאג איך דיר אברהם משה, דו, זאלסט אלע וויילע זיך געבען אַ טאפ, כדי דו זאלסט וויסען וואו דו האלטסט אין דער וועלט.

אברהם משה מיט טויבע לאהן לאזען זיך מיט מזל אין באנק אריין.

די ערשטע זאך קוקט ער זיך ארום, וואו שפאצירט זיך דא דער אלטער קראזער רב ר׳ יענקעלע זכרונו לברכה. נאך דעם געהט ער צו צו אַ פענסטערל און גיט אַ פרעג:

— הערט יונגערמאנטשיק! זאגט מיר אקארשט: אטעדא לייגט מען דאס אַ וועק געלט?

— גזלן איינער! — גיט טויבע לאה אַ טאנץ — פאר וואס האלסטו ניט די האנד אויפ׳ן בוזעם קעשענע? וואס ווילסטו, מען זאל דיר חלילה בדלות שטעלען?

— זיי מוחל טויבע לאה! געה צו צום אלטען קראזער רב ר׳ יענקעלע זכרונו לברכה און בעט איהם, ער זאל האל־טען אנ׳אויג אויף מיר. טאמער זעהט ער, אז אַ לאטחער קומט צו צו מיר, זאל ער איהם דערלאנגען אַזא טראסק אין זיטצער, אז ער זאל לויפען וואו די אויגען טראגען!

— ניין! — ענטפערט דער יונגער מאן — דא לייגט מען ניט אַ וועק קיין געלט!

— וואו דען לייגט מען אַ וועק געלט, אויב ניט דא? אין באד לייגט מען אַ וועק געלט? האט קיין מורא ניט, איהר מעגט נעהמען! מיין געלט איז ניט קיין גע׳מלאכ׳טע געלט, עס איז דעם אמעריקאנער קייזערס אסיגנאציעס! הלוַאי, רבונו של עולם, האב איך פון זיי אפולע ציכעל, וואלט איך באלד שפאנען די פערד און זיך פאהרען געזונטערהייט צו זאמען מיט מיין ווייב טויבע לאה הייסט זי, צוריק פון וואנען איך בין געקומען און וואלט נאך, איהר הערט, קענען העלפען מיין פעטער חתונה מאכען זיינע צוויי טעכטער.

— געהט צו צו יענעם פענסטערל, דארטען לייגט מען אַ וועק געלט!

— אויב דא לייגט מען ניט אַ וועק קיין געלט, וואס

טהוט איהר דא אין באנק? וואס, איהר ז׳יצט דא און פסקנ׳ט שאלות? נעהמט שוין צו פון מיר די פּאר גראשען א ניט – געה איך שוין, איהר הערט, און זאג אייער בעל הבית, אז ער האלט אין באנק אַ דארמאיעדניק, אנ׳אומזיסטען פרעסער הייסט עס!

– איהר געהט אַ וועק פון דאנען – גיט דער יונגער־מאן אַ געשריי – אַ ניט דערלאנג איך אייך באלד מיט׳ן טינ־טער אין פנים אריין, אז איהר וועט מיר ווערען שווארץ ווי אַ נעגער! איהר פארשטעהט וואס איך זאג אייך? טא, טראגט זיך האסטיג פון דאנען, אויב איהר ווילט ניט איינמאכען אייער אויבערציהער!

– קום גיכער אַ וועק פון פענסטערל! – גיט טויבע לאה א געשריי און אַ צופּ אברהם משה׳ן פאר׳ן ארבעל – אַ קשיא אויף אמעריטשקע גנב? ער קען דיר טאקע מיט אנ׳אמת׳ן דער־לאנגען מיט׳ן טינטערל אין פנים אריין! וואס? דער דארמא־יעדניק וועט דיר זשאלעווען דעם בעל הבית׳ס טינט?

אברהם משה געהט צו צום צווייטען פענסטערל און גיט אַ פרעג:

– דא לייגט מען אַ וועק געלט?

– דא לייגט מען ניט אַ וועק קיין געלט – ענטפערט איהם אַ יונגע מיידעל – דא פארשרייבט מען דאס געלט.

– טויבע לאה! נאמיר גיכער הלכ׳ענען פון דאנען! דו זעהסט ניט, אז אלע זיינען דיר חויכערס? זיי מיינען אודאי, אז איך בין זיי געהאפּט אין דער מעשה? צו דרומשקעט הייסט עס? אָהָא! איך וועל זיי ווייזען, אז אברהם משה׳ן דעם שינ־דעל מאכער קען מען ניט דאסען! פארשטייי איך גאר ניט? הא, אז די קעשענע גנבים ווילען מיר פארשרייבען מיין געלט מיט טינט, עס זאל זיך ניט ארויסזעהן ניט דער קייזער און

ניט דער אדלער און נאכדעם וועלען זיי פּרובירען דאס אפּ־
קויפען פון מיר פאר אַ שמעק טאבאק? איך זאג דיר טויבע
לאה, מען קען אויף נאמנות פון זיי משוגע ווערען, אזעלכע
בייטעל שניידערס, איז ניט געווען און עס וועט ניט זיין!

— זעה, האלט זיך איין א ביסעל — רופט זיך אן טויבע
לאה מיט הארץ — פּרוביר כ׳לעבען, גיב איהר א פרעג נאך
א מאל: צו וואס אַ שטייגער וויל זי דאס נעהמען ניט דיר
ניט, ניט מיר ניט און פארפאצקענען אונזער געלט מיט טינט?
פרעג איהר, וואס האבען מיר איהר געטהאן?

— דו ווייסט אברהם משה, וואס מיר איז איין דער מינוט
איינגעפאלען? גיב כ׳לעבען אַ קוק! האפּט דיר ניט די מיידעל
דעם אמבליק פון ציפּקע פייגע ביילעס? לאז מיר אַ ווײַלע
צו, איך וועל איהר אפרעג טהאן, אויב זי האט ניט אין קראז
וועלכע קרובים?

— דו געהסט אַ וועק קאצע פאיקע פון דאנעט! — גיט
אברהם משה א געשריי — וואס נאך וועט דיר איינפאלען? דו
קענסט נאך זאגען, אַ קשיא אויף א מעשה, אויף דיר איז אלץ
צו גלויבען, אז דער דאַרמאיעדניק פון יענעם פענסטערל זעהט
דיר אויס ווי חיים לייב׳ס בן יחיד? זעה, איך בעט דיר, צו
דרומשקע מיר ניט מיין קאפּ מיט דיינע משוגעת׳ן! וואס מיינסטו,
דא איז קראז? לאז מיר בעסער ריידען מיט די מיידעל ווע־
גען מיינע געשעפטען!

— זאגט מיר בארישניע (פריילין) — רופט זיך אן אברהם
משה צו די מיידעל – פאַרוואס ווילט זיך אייך עפּעס, אומזיסט
און אומנישט, נעהמען פורפלאט און פארשרייבען מיט טינט
מיינע געלט? אפשר ווילט איהר אויף זיי אויפשרייבען מיין
נאמען, כדי איהר זאלט וויסען וועלכע געלט עס איז מיינע?

אָך, מהיכא תיתי! אדרבא ואדרבא! מיט'ן גרעסטען כבוד! דערלאנגט זייט מוחל, אַ טינט און פעדער וועל איך אייך ווייזען ווי איך לייג אַ וועק מיין נאמען ווי אַ געבארענער גובערנאטאר!

— הערט ר' איד — גיט די מיידעל זיך אַ בייזער — רעדט ניט אזוי פיעל. זייט מוחל האלט זיך איין אַ ווײלע, וועל איך אייך געבען צו פארשטעהן אלץ מיט אנ'אנדער: קוקט זיך איין—איהר זעהט דעם ביכעל? אט, אין דעם ביכעל שרייבט מען איין דאס געלט מיט אלץ וואס מען דארף וויסען!

— ראשית חכמה, זאגט מיר ר' איד· ווי רופט מען אייך?

— איך וועל אייך זאגען דעם אמת. וואס האב איך מיך דא פאר אייך צו שעהמען? אין קראז האט מען מיר גערופען מיט אַ צו נאמען „פארפעל־צימעס". ליידאקעס האבען אויסגע־טראכט אויף מיר, אז איך פּגר אַ וועק פאר אַ טעלער פארפעל־צימעס. גלויבט מיר ווי איך בין אַ איד. אז דאס איז אַ פּאס־קודנער ליגען. אט פּרובירט כ'לעבען, גיט אַ קארשט אַ פרעג מיין ווייב, טויבע לאה הייסט זי וועט זי אייך זאגען אז איך האב האלד אלץ מיט אנ'אנדער, אפילו גערשטענע קאשע אויך! אַי, פארוואס האבען די כל־בו'ניקעס אויסגעטראכט אויף מיר, אז איך האב האלד דַוְקא פארפעל־צימעס? דאס קען איך אייך אסור ניט זאגען. זאלען זיי אזוי וויסען, טאטע זיסער, פון זייער קאפּ, ווי איך ווייס אייך, פאר וואס און פאר ווען!

— הערט ר' איד — רופט זיך אן די מיידעל מיט א שמייכעל — איך דארף ניט וויסען, וואס איהר האט האלד און וואס ניט. פון מיינעט וועגען מעגט איהר האלד האבען, איהר הערט, אפילו אייער אייגענע ווייב אויך. איך וויל נאר וויסען, ווי רופט מען אייך דא אין אמעריקע!

— איך פארשטעה אייך גאר ניט באַרישניע! וואס ווילט איהר, אז אין אמעריקע זאל מען מיר אויך רופען מיט אַ צו־נאמען? פונוואנען א שטייגער זאל אמעריקע וויסען, אז אין קראז האב איך האלד געהאט פארפעל־צימעס? דא רופט מען מיר גאר ניט! איהר פארשטעהט וואס איך זאג אייך?

— איך מיין, ר׳ איד, ווי איז אייער נאמען!

— וואס, איהר ווילט וויסען וועגען מיין נאמען? הלואי, רבונו של עולם, זאלען אלע אידען האבען אזא נאמען! וואס פאר אַ נאמען איך האב געהאט? איך קען אייך גאר ניט זאגען, ווי אלע פלעגען זיך רייסען איבער מיר. יעדער קרעמער האט זיך געבעטען ביי מיר, איך זאל ביי איהם נעהמען אויף בארג, נאר איך האב זיי אלעמען משלח געווען, מחמת, איהר ווייסט דאך באַרישניע, אז מען גיט אַ אידענע אויף בארג, וועט זי אייך נעהמען גאר אהן אנ׳אפהאלט, אפילו זאכען וואס זי דארף האבען אויף צעהן כפרות. נאר אז מען גיט איהר — נעהמט זי! אט אזא טבע האבען זיי שוין די ווייבער!

די מיידעל ווישט זיך די שווייס און אטהעמט שווער.

— איך מיין, ווי האט מען אייך אַ נאמען געגעבען צום ברית?

— אהא! איצטער פארשטעה איך שוין וואס איהר מיינט! איהר ווילט אַ ודאי וויסען ווי איך הייס? האט איהר דאך באלד געקענט זאגען טא צו וואס האט איהר זיך מיר געדרעהט ארום און ארום ווי א קאזאק ארום א בולקע?

— יא, ווי הייסט איהר?

— ווער איך? איהר ווילט וויסען ווי איך הייס, איך הייס נאך מיין זיידען, עליו השלום, אברהם משה! אַ שפאס, וואס פאר אַ טייערער איד דאס איז אייך געווען?

— דערצעהלט מיר ניט וועגען אייער זיידען איך בעט אייך ניט—זאגט מיר אקארשט ווי איז אייער פאמיליע נאמען?

— אז מיין טאטענס פאמילע נאמען איז געווען היהנער־קעפּעל פארשטעהט איהר דאך שוין אליין, אז מיין פאמיליע נאמען איז אויך היהנערקעפּעל!

— ווי אלט זייט איהר?

— פארוואס פרעגט איהר מיר עפּעס ווי מען פרעגט אַ פויער? קענט איהר ניט פרעגען ווי אלט זייט איהר ביז הונדערט און צוואנציג יאהר״?

— נו גוט, ווי אלט זייט איהר ביז הונדערט און צוואנ־ציג יאהר?

— ווער איך? זייט אזוי גוט, ווארט אַ ווײלע, וועל איך אייך באלד זאגען!

ער בייגט זיך איין צו טויבע לאה און פרעגט איהר אין דער שטיל:

— וואס זאגסטו טויבע לאה, זאל איך איהר זאגען דעם אמת?

— חס ושלום! האפּ ארונטער אַ פּאר יאהר אויב עס לאזט זיך נאר! אין אמעריקע גנב טאר מען דעם גאנצען אמת ניט ארויס זאגען?

— איך בין אייך אלט 58 ביז הונד׳ערט און צוואנציג יאהר. קיין גאנצע 58 יאהר, פארשטעהט איהר מיך, בין איך אין דער אמת׳ן נאך ניט, נאר איך געה אויף 58. אין פינף חדשים ארום וועל איך, מיט דעם אויבערשטענס הילף, ווערען פולע 58 ביז הונדערט און צוואנציג.

— ווי לאנג זייט איהר שוין אין אמעריקע?

— ווי לאנג איך בין שוין דא אין אמעריקע פרעגט

איהר? זאגט מיר, וואס ארט אייך ווי לאנג איך בין שוין דא אין אמעריקע? איך האב אייערע לאנקעס דערוויילע נאך ניט אפגעטרעטען! האט קיין מורא ניט! די פאר דאלאר וואס געפינט זיך ביי מיר האב איך פון קיינעם ניט געלאטחעט, מיר זאלעןביידע אזוי לעבען, ווי דאס איז מיינע אייגענע פארהארעוועטע!

– איהר דארפט זיך שעהמען אין אייער וייטען האלז! – רופט זיך אן די מיידעל מיט אַ געמאכטען כעס – ווי זאגט דאס אנ'אלטער איד צו אַ יונגע מיידעל „מיר זאלען ביידע אזוי לעבען"? איהר וועט דאס ניט דערלעבען, אז איך זאל מיט אייך לעבען! לעבט מיט אייער וויב אדער פון מיינעטוועגען, מיט אייער באבען עליה השלום, אבער מיר, איך בעט אייך, לאזט צו פרידען! איהר פארשטעהט וואס איך זאג אייך?

ער בייגט זיך צו צו טויבע לאה'ן און ראמט איהר אריין אַ סוד אין אויער אריין:

– דו ווייסט טויבע לאה אז די מיידעל וואלט דיר געווען אין קראז, זאג איך דיר, ווי מיין נאמען איז אברהם משה, אז מען האלט אזוינע אין אדול־הויז און זי דערלעבט שוין ניט ארויס צו געהן פון דארטען.

האסטו געהערט אין דיין לעבען, וואס פאר אַ פזמון זי האט מיר דא אבגעצימבעלט? „זי וועט ניט לעבען מיט מיר"! ווער דארף איהר? איך דארף איהר אויף צעהן כפרות! מעהר פעלט מיר ניט אויס ווי צו האבען אנ'אמעריקאנטשקיכע פאר אַ קאכאנקע (מעטריסעי)! איך זאג דיר טויבע לאה, אז דער קליגסטער מענש קען פון זיי משוגע ווערען! הא, וואס זאגסטו, אפשר ניט אזוי?

– זייט אזוי גוט ר' איד – גיט די מיידעל זיך אַ ביי־

זער — זאגט ווי לאגג זייט איהר שוין דא אין אמעריקע?

— ווי לאנג איך בין שוין דא אין אמריקע? אַ קנאפען יאהר! דאס הייסט, אין אַ חדש ארום וועט אייך ווערען אַ יאהר!

— קומט אויס — רופט זיך אן די מיידעל — אז איהר זייט שוין עלף חדשים אין אמעריקע.

— געוואלד געשריען! גיט אברהם משה אַ טאנץ — אז איהר ווייסט. אז איך בין שוין אין אמעריקע עלף חדשים, טא צו וואס פרעגט איהר מיר? איהר נעהמט און ווארפט ארויס רייד וואס קיינער האט דערפון קיין הנאה ניט?

— מיט וואס באשעפטיגט איהר זיך?

אברהם משה שטעלט אויס אויף די מיידעל אַ פאר אויגען און גיט אַ פרעג מיט כעס:

— וואס זייט איהר מיינע? אַ טאטע, אַ ברודער, אַ פעטער? וואס קימערט עפּעס אייך מיט וואס איך בעשעפטיג זיך? וואס? איהר ווילט אפשר ווערען אַ שותפ׳טע מיט מיר? איך דארף ניט קיין שותפים אין מיינע ביזנעס! איך האב מיר שוין אַ מאל פון אַ שותף אזוי אפגעבריהט, אז איך וועל שוין פאר־זאגען אַ צעהנטען! איך האב ברוך השם אנ׳אייגענע שותפ׳טע, מיין ווייב טויבע לאה זאל געזונד זיין. נאט, קוקט זיך איין, אט איז זי! און נאך אַ שותפ׳טע דארף איך, איהר הערט, אויף צעהן טישיצע כפרות!

— לאזט מיר לעבען ר׳ איד! — רופט זיך אפּ די מיידעל מיט כעס — איך וויל ניט ווערען אַ שותף אין אייערע ביזנעס, וואס מיינט איהר, איך ווייס ניט, אז איהר וואלט מיר אפּנא־רען פון קאפּ ביז די פיס?

— אזוי לעבען זאלט איהר! — גיט אברהם משה אַ געשריי אויפ׳ן קול — איך האב נאך אין מיין לעבען ניט געלאטהעט

וואס אַ האר איז ווערט! גערט זי גאר די פארחולקע און רופט מיר גנב! וואס מיינט איהר, איך בין אייך אַמעריטשקע? אַ גנב זייט איהר אליין! איהר פארשטעהט צו ניט?

טויבע לאה גיט אַ צופּ אברהם משה׳ן פאר׳ן ארבעל, שלעפּט איהם צו צו זיך און זאגט איהם אַ סוד אין אויער אריין:

— למען השם זאג נאר ניט אויס די פארחולקע וואס פאר אַ ביזנעס דו האסט! וואס פארשטעהסטו ניט? מסתמא איז צו איהר געקומען אַ קרוב פון פוילען און זי וויל, אז ער זאל זיך אויך נעהמען צו דעם זעלביגען ביזנעס ווי דיינער. זי זעהט, פארשטעהסטו מיך, אז דו טראגסט איהר געלט אין באנק, רעכענט זי, אז דו ביזט אל־רייט! מסתמא האסטו אַ טייערען ביזנעס! אזוי פיעל, טאטע זיסער, זאל זי געבען נדן, וויפיעל מיר פארמאגען! מעהר פעלט דיר ניט אברהם משה! דו דארפסט נאך האבען אַ קאנקורענט אין אמעריקע אויך! זאג איהר, דו הערסט צו ניט, אז דו ביזט אַ שמש אין אַ שוהל וועט זי דיר לאזען געמאך!

אברהם משה חאפּט אַ קוק אויף די מיידעל און רופט זיך אן:

— אז אייך געהט אזוי אין לעבען, איהר ווילט דַוקא וויסען וואס פאר אַ ביזנעס איך האב? אל־רייט! אבער למען השם, זאגט נאר קיינעם ניט אויס! איך בין אַ שמש אין אַ שוהל. נו, געפעלט אייך?

— אין וועלכע שוהל זייט איהר אַ שמש?

געוואלד געשריען! — גיט אברהם משה אַ דונער — וואס האט איהר זיך היינט אנגעצעפּעט אן מיר ווי אַ קלעק און לאזט מיר ניט אפּ? וואס קימערט אייך אין וועלכע שוהל איך בין איך אַ שמש? ווילט איהר אפשר געהן מסר׳ן דעם גבאי,

אז איך האב געלט? אויף אמעריטשקע גנב איז קיין קשיא ניט!

די מיידעל ווישט זיך די שוייס פון שטערן, אטהעמט טיעף אפּ און גיט אַ פרעג:

— טו, זאגט מיר פעטער וואו וואהנט איהר?

— ווער, איך?

— אַ ודאי איהר! ווער דען, אייער באבע עליה השלום?

— וואס, איהר ווילט וויסען וואו איך וואהן? אָך, מהיכא תיתי! פארוואס זאל איך אייך ניט זאגען? איך לייג עפּעס וואס צו, אז איך זאג אייך? נאר איך בעט אייך מיט גוטען, איהר זאלט למען השם מיר ניט ברייננגען די פּראצענט אין שטוב אריין! מעהר פעלט מיר ניט, אז דער הויטשינדער, דער בעל הבית הייסט עס זאל זיך דערוויסען אז אַ מיידעל פון אַ באנק קומט צו מיר, וועט ער מיינען, אז איך בין אַ מיליא־נערטשיק, חאפּט ער באלד ניט געפרעגטערהייט און העכערט מיר די דירה געלט און געהט טהוט איהם וואס! רופט איהם קאטער אויב איהר ווילט!

— איהר שפּילט זיך בארישניע מיט די אמעריקאנטשיקעס? זיי מעסטען אייך מיט'ן גראבען פינגער אויס וויפיעל דער חדר האלט און פאר יעדען פינגער דארפט איהר זיי צאהלען, גע־דיינקט, אַ האלבען דאלאר אַ חדש. און פּרובירט אַ קארשט איין חדש זיי ניט צאהלען, קומט צו געהן אַ גאראדעוואי (פאליסמאן), חאפּט די גאנצע פאמיליע און שטעלט זיי גאר אהן קונצען, אויף דרויסען ארויס און געהט שרייט חי וקים! און טאמער, איהר הערט, בארישניע, נעהמט זיי ווער מוסר'ן: סטייטש? ווי נעהמט דאס אַ איד און ווארפט ווינטערצייט אַ גאנצע פאמיליע אויף דרויסען ארויס? ענטפערן זיי אייך באלד: זייט אזוי גוט

פעטער, פוילט זיך ניט, חאפט זיך אקארשט אריבער אין תל־אביב, וועט איהר זעהן וואס דארטען טהוט זיך אפ.

ווילט איהר געעהרטע לעזער מיר טהאן אַ טובה? טא זייט אזוי גוט, לאזט מיר זיך דא א ווײַלע אפשטעלען, האט קיין מורא ניט, אייער אברהם משה מיט טיבע לאהן וועלען אייך ניט אנטלויפען! איך האב שטארק חשק מיט אייך אביסעל זיך דורך צו שמועסען. ווי זאגט מען? — „אז מען שמועסט זיך דורך ווערט אביסעל לייכטער אויפ׳ן הארצען״!

— זאגט מיר אדרבא, קיינער הערט דאך דא ניט, זיינען די אמעריקאנער אפשר ניט גערעכט? שינדען דא ניט די בעלי הבתים ארונטער די הויט פונ׳ם ארעמען שכן? זייגען זיי ניט אויס די בלוט פון פאר׳חשכ׳טען קרעמער וואס מאטערט זיך זיין שטיקעל ברויט צו פארדינען? ווערען דא ניט די סוחרים רואינירט פון די אונמענשליכע הויכע דירה געלט, וואס מען רייסט פון זיי? איז דא ניט טויזענד מאל ערגער, ווי אין אמעריקע גופא? דארטען זאגט מען אייך חאטש אפען: „ביזנעס בעפאר אַ טאטע — מאמע״ דאס מיינט: אמעריקע ווייסט ניט פון „אידעאליזם״ און אַ מענש וואס זאגט אייך גאר אהן חכמות: אט אזוי בין איך, אזוי וויל איך און אזוי האנדעל איך — צו דעם מענשען האב איך קיין טענה ניט. דאס הייסט: כזה ראה וקדש! (אט אזא מיידעל בין איך, ווילסטו — איז גוט, א ניט טראג זיך פון מיר). אבער דא אין ארץ ישראל זיינען דאך אלע, פון גרעסטען ביז דעם קלענסטען, איינגעטונקט אין הוילע אידעאליזם, און אסך פון זיי, ניט אויסגערעדט זאל זיין, זיינען אייך אזוי פרום, אז עס פארחאפט אייך פשוט דער אטהעם. טא, ווי גראמט זיך דאס, איך בעט אייך, אידעאליזם און פרומ־

קייט מיט הויט־שינדעריי? דאס קומט דאך אויס ריכטיג ווי די גמרא זאגט: „טובל ושרץ בידו" (ער געהט טבילה און האלט אַ שרץ אין האנט)? טאמער גלויבט איהר מיר ניט וואס איך זאג אייך? אז וואס? אז אין ארץ ישראל זיינען אלע אהן אנ׳אויסנאם איינגעטונקט פון קאפ ביז די פיס אין הוילע אידעאלען? טא, פרובירט כ׳לעבען, טהוט וואס איך הייס אייך, וועט איהר זעהען, אז איך האב רעכט! כסדר: נעהמט א בעל הבית פון עטליכע הייזער מיט אַ ספעקולאנט פון מגרשים (פלעצער) פלעכט אריין צווישען זיי אַ פאגראמשטשיק פון קליינע קינדער, איך מיין אט די וואס רייסען אויס זייערע פרדסים זיי זאלען קענען צו טיילען דעם באדען אויף מגרשים און אויב איהר האט חשק קענט איהר צו צעפּענען צו זיי א מעקלער אויך (פארזיכטיג ניט אלע! עס זיינען דא יוצאים מן הכלל). בינדט זיי צוזאמען אזוי שטארק אט ווי מען בינדט למשל פערד גנבים. נאכדעם, אויב איהר האט כח, הויבט אויף אלע פיער אין דער הויך און דערלאנגט זיי אַ זעטץ אן דער ערד — אבער אַ זעטץ, טאטע זיסער, מוז דאס זיין, אז דער בעל הבית זאל דערזעהן די קוימענס פון זיינע הייזער, דער ספעקולאנט — זיין שוויגער פון יענער וועלט אין דער פאג־ראמשטשיק — זיין באבען ע״ה וועט איהר זעהען ווי עס נעהמט זיך שיטען פון זיי אידעאלען ווי ווערעמדיגע ארבעס! נו, זעהט איהר שוין ווער עס איז גערעכט? איך אדער איהר? הערט ניט וואס זיי זאגען אייך, אז אלץ וואס זיי טהוען, טהוען זיי דאס ניט פאר זייער טובה וועגען, נאר פאר די טובה פון דאס לאנד. זיי זיינען געקומען אין ארץ ישראל — אזוי טענה׳ן זיי — אויפצובויען זייער געליעבטע תל־אביב און וואס מעהר דירה־

געלט זיי וועלען אויסקוועטשען פון שכן אלץ גיכער און שעה־נער וועלען זיי קענען אויפבויען די שטאדט און אלץ מעהר נחת רוח וועלען זיי קענען פארשאפען אונזער הויך געעהרטען ר׳ מאיר דיזענגאף דער ראש פון דער עיריה.

פאלגט מיר, שרעקט זיך ניט, זאגט די היפאקריטען גלייך אין פנים אריין: שקילא טיבותך ושדיא אחיזרי״, מיר דארפען אייער בויעניש אויף צעהן טויזענד כפרות! עס וואלט אַ סך גלייכער געווען פאר׳ן גאנצען בנין הארץ און פאר די אידישע אומה בכלל׳ אז איהר וואלט בעסער געבליבען זיטצען אין חוץ לארץ און געלאזט אנדערע קומען אויף אייער ארט, א זעלכע וואס ווילען טאקע מיט אנ׳אמת בויען ארץ־ישראל, אבער ניט די וואס ווילען האסטיג אליין אויפגעבויט ווערען... „לא מעוקצך ולא מדובשך״ ניט מיר דארפען האבען אייער ביס — ניט מיר דארפען האבען אייער האניג. רופט מיר ניט פעטער און קומט מיר ניט צו געסט! טאנצט מיר ניט קיין קדוש און שטעקט מיר ניט די האנט אין קעשענע! מאכט זיך ניט חזיר־פיסעל־כשר און לייגט מיר ניט אריין די טומאה אין די יראה!

איהר פארשטעהט וואס איך זאג אייך?

ברור לי כשמש בצהרים, ווען ד״ר הערצעל ז״ל וואלט היינט אויפשטעהן און געבען א קוק אויף דעם „ערב רב״ וואס זיינען דא אנגעלאפען, וואלט ער פון צרות און שאנדע צוריק אין זיין פינסטערן קבר אריין, כדי זיינע אויגען זאלען דעם חורבן ניט זעהן.

מיר בלייבט נאר צו זאגן די פאר ווערטער: אוי להם לבנים שגלו מעל שלחן אביהם (וועה איז צו די קינדער, וואס זיינען פארטריבען געווארען פון זייער פאטערס טיש)!

וואס פרעגט איהר? סטייטש? ווי איז דאס מעגליך „שתי רשויות״ אין איין מענשן? פון איין זייט פרום זיין און פון דער צווייטער זייט שינדען פון ארעמע די הויט? דאס — מוז איך אייך זאגען איז בא מיר אַ קנאפּע קשיא! זייט מוחל, רוקט זיך צו אביסעלע נעהנטער, וועל איך אייך ערקלערען אלץ מיט אנאנדער!

איהר דארפט וויסען איין מאל פאר אלע מאל, אז עס געפינט זיך צווישען אונז אידען אַ סך און טאקע א סך, וואס ווערען שותפות מיט׳ן רבונו של עולם אויף גלייכע חלקים. העלפט אויף העלפט הייסט עס. חצי שלי וחצי שלך. דער רבונו של עולם פארלאזט זיך אויף זייער יושר, זיי זאלען זיין די איינטיילערס. ווייסט איהר וואס זיי טהוען? טרעפט, אדרבא! גאר א קלייניגקייט. די ערשטע זאך נעהמען זיי זיך ארונטער זייער חלק אלץ וואס איז געזונט און גוט פאר זיך און פאר די קעשענע הייסט עס. און די אנדערע העלפט: ווי טאנצען קדוש, שלאגען כפרות, געהן צו תשליך, מקדש זיין די לבנה, פאלען כורעים, א. ז. וו. שיקען זיי אפּ אין דער הויך צום רבונו של עולם!

אט אזעלכע קונקעל־מונקעל, פארשטעהט איהר מיך, מאכען זיי מיט די הענד אונגעוואשן.

איך פארשטעה ניט וואס טהוט זיך דא מיט אייך? פארוואס קענט איר מיר ניט פארשטעהן? דאכט זיך, איך רייד צו אייך פשוטע דבורים? טא, זייט אזוי גוט, הערט זיך איין נאך אַ מאל, אפשר וועט איר דאך פארשטעהן! זאגט מיר, איהר ווייסט די גמרא „רחמנא ליבא בעי״ (גאט ליעבט הארץ)? היינט אז איהר ווייסט, טא פארוואס פארשטעהט איהר ניט? זיי מאכען אייך אזוי: די ערשטע זאך שיינקען זיי אַ וועק

דעם רבונו של עולם זייער הארץ און פאר זיך לאזען זיי אפילו אַ ברעקעל ניט איבער! היינט אז א מענש בלייבט אייך, לא עליכם, אהן אַ הארץ, פארשטעהט איהר דאך אליין, אז בא אזוינעם איז רעכט צו טהאן אלץ מיט אנאנדער. רייסן הויכע פראצענט, שינדען פון ארעמע די הויט, אפנארען פון קאפ ביז די פיס און וואס ניט? מען שרעקט זיך פאר קיין זאך ניט אפ! אַ מענש אהן אַ הארץ איז דאך ניט שייך?

נו, איצטער פארשטעהט איר שוין ווי עס קען זיין שתי רשויות בא איין מענשן?

במה דברים אמורים? אויף וועמען איז דאס אלץ גע־זאגט געווארען? אויף אזעלכע מענשען וואס זייערע פרומקייט מיט זייערע אידעאליזם איז נאר אַ מסכה אויפ׳ן פנים, אבער בא אמת׳ע פרומע און בא די אמת׳ע אידעאליסטען איז בא מיר ניט קיין ברעקעל ספק אז בא זיי שטעהט יושר, רחמנות, אמת און גערעכטיקייט אויף זעהר א הויכע שטופע. פאר זיי, איהר הערט, דארפט איהר זיך ניט היטען. די אמת׳ע פרומע און די אמת׳ע אידעאליסטען, זיי וועלן אייך נאך טהאן „לפנים משורת הדין". זיך היטען און מוסר זאגען דארף מען נאר אט די צבועים „העושין מעשי זמרי ומבקשין שכר כפנחס". וואס מעלקען די מלאכים און גנב׳ענען די מילך. האלט זיך שטענ־דיג אן דעם כלל: אַ זייגער וואס קלינגט גארניט איז אַ סך קוראנטער ווי אַ זייגער וואס קלינגט, נאר ער קלינגט פאלש, די ווייזער וועלן אייך קיינמאל ניט אפנארען און דער פאל־שער קלונג — אלע מאל... וד׳ל.

אין איין גאנג וועל איך אייך דערצעהלען אַ גלייך ווערטל פון ר׳ אייזעלע חריף.

אין סלאנים האט מען באדארפט אויסקלייבען א גבאי. די

פרייע האבען געוואלט דעם אפטייקער פאר'ן גבאי און די פרומע— ר' יענקעלע דעם ראש הישיבה. דער סוף איז געווען, אז דער אפטייקער איז אויסגעקליבן געווארען.

ניט טויט — ניט לעבעדיג לויפט אריין דער שמש בא ר' אייזעלע חריף און מאכט צו אים מיט אַ טרויעריגען פנים:

— איהר ווייסט רבי, מען האט דאך אויסגעקליבען דעם אפטייקער פאר'ן גבאי!

— וואס וואונדערסטו זיך אזוי? — רופט זיך אן ר' אייזעלע געלאסן — איך האב שוין לאנג געוואוסט, אז דער אפטייקער וועט ווערן דער גבאי!

— פון וואנעט רבי — רופט זיך אן דער שמש פארוואונדערט — האט איהר דאס געוואוסט, ווער עס וועט ווערען דער גבאי?

— וואס פארשטעהסטו ניט? —ענטפערט ר' אייזעלע מיט אַ טיעפען קרעכץ פון הארצען — די פרייע זיינען אלע אמת'ע פרייע און וואו עס איז דא „אמת" דארטען איז דא „אחדות". דאריבער האבען טאקע אלע פרייע געשטימט נור פאר'ן אפטייקער. אבער די פרומע זיינען רח"ל ניט אלע אמת'ע פרומע, און וואו עס איז ניטא קיין אמת — איז ניטא קיין אחדות. האבען טאקע „בסוד" אַ סך פון זיי געשטימט פאר'ן אפטייקער. נו, וואס איז דיר אזוי דער וואונדער, אז דער אפטייקער איז אויסגעקליבען געווארען?

שא, וואו האלט איך? בא אברהם משה'ן הייסט עס!

געדיינקט וואס איך זאג אייך אן! איהר זאלט, למען השם, נאר ניט קומען מיט פראצענט ביי מיר אהיים אַ ניט — בין איך אַ פארלארענער! מעהרער דירה געלט, פארשטעהט איהר מיך, קען איך ניט צאהלען און טאר ניט צאהלען!

— ר׳ איד! רופט זיך אָן די מיידעל געלאַסען — איך דאַרף וויסען וואו איהר וואהנט, ניט איבער די פּראַצענט, נאָר טאַמער, די שעה זאָל ניט זיין, הימעלט איהר אַ וועק, איהר גיט אַ שטאַרב אַ וועק הייסט עס, זאָל מען וויסען, פאַרשטעהט איהר מיך, וועלכער אברהם משה איז געשטאָרבען. אויב דאָס איז דער זעלביגער אברהם משה וואָס האָט געוואוהנט אין די און די דירה אָדער עס איז גאָר אַנ׳אַנדערער אברהם משה.

— איהר פאַרשטעהט ר׳ איד וואָס איך רייד צו אייך?

— דו זעהסט, טויבע לאה — מאַכט צו איהר אברהם משה אויפגעבראַכט — אַט די חויכערס, די קעשענע גנבים טראַכטען שוין, אַ פייער אויף זיי, וועגען מיין טויט! זיי זוכען שוין פּרעצעפּקעס ווי זיי זאָלען קענען יַרש׳ענען מיין געלט! טאַמער, פאַרשטעהסטו מיך, ציהען מיר זיך אַרויס פון די דירה און טאַמער, גאָט זאָל שומר ומציל זיין, אַז איך שטאַרב טאַקע. ניט דערלעבען זאָלען זיי, אין דער אמת׳ן אַ וועק, וועלען די חויכערס זאָגען: אמת טאַקע, אַז אברהם משה איז געשטאָרבען, אָבער דאָס איז ניט דער זעלביגער אברהם משה, וואָס האָט אַ וועק געלייגט ביי אונז די געלט. דער אברהם משה האָט גאָר געוואוהנט אין אַנ׳אַנדער דירה. אויף אַזאַ מאָדע, דו הערסט צו ניט, וועלען זיי דיר טאַקע געבען, ווייסט אָבער וואָס? אַ פייג אונטער׳ן נאָז, אָבער ניט קיין געלט! און דו וועסט נאָך דאַרפען אויף דער עלטער נעהמען אַ טאָרבע און געהן איבער די הייזער! קום גיכער פון דאַנען. לאָמיר לויפען פון די זשוליקעס! זיי קענען מיר נאָך, אַ קשיא אויף אַ מעשה, אַרויס לאַטחענען די פינף און צוואַנציג דאָלאַר פון קעשענע! דו שפּילסט זיך מיט אַמעריטשקע גנב? קיין בעסערען אָרט וואו צו האַלטען אונזערע געלט, זאָג איך דיר, טויבע לאה, איז ניטאָ און עס

וועט ניט זיין, ווי ביי אונז אונטער׳ן פערענע! זיי זיינען ארויס פון באנק און גענומען האסטיג לויפען אהיים ווי אַ הונט וואלט זיי נאך געיאגט.

איהר זייט געוויס אַ בעלן צו וויסען וואס איז געווארען מיט אברהם משה׳ס געלט? קען איך אייך זאגען אז ער האלט עס ווידער פאררוקט ביי איהם אונטער׳ן פערענע. ערווארט, אזוי זאגט ער, ביז אין אמעריקע וועט זיך עפענען אַ באנק פון הוילע צדיקים. ניט קיין חויכערס, וואס ווילען איהם ירש׳ענען הייסט עס.

איך רעכען, אז ער וועט לאנג דארפען ווארטען. הא? וואס זאגט איהר? אפשר ניט אזוי?

# א חתונה אין שידעלעווע.

ר׳ חיים ליב דער שידעלעווער גמרא מלמד איז געווען, ניט פאר קיין מענשען געדאכט, אַ גרויסער אביון. ניט איין מאל האט געטראפען, אז די גאנצע פאמיליע האט זיך געלייגט שלאפען אין גאנצען אהן וויעטשערע.

שידלעווע, דארפט איהר וויסען, איז אנ׳ארעמע פיצינקע שטעדטעלע, מאהלט אייך ווי קליין דאס איז; טאמער לא יעלה ולא יבא איז אַ ציג זיך מיַשֵב און לייגט אייך אַ וועק די די לעפעל, זי דערלאנגט אַ פגר אַ וועק הייסט עס, האט זי נעבאך ניט קיין ארט אין שידלעווע גופא, וואו זיך אויס צו ציהען. מוז מען איהר אַ וועק טראנספארטירען אין אמאקסט און איהר באהאלטען אויף אמאקסטער ציגעגער בית עולם.

— שידלעווע מיט אמאקסט איז ווי אַ שטוב מיט אַ קאמער. ממש מיט די האנד צו דערלאנגען,

נאר ניט דאס בין איך אויסען.

ר׳ חיים ליב האט געהאט אַ טאכטער. חנה פאיע האט זי געהייסען נאך אַ באבען פון איהר מאמעס צד. געענוי ווי אלט זי איז געווען — דאס קען איך אייך אסור ניט זאגען. נאר דאס וויים איך, אז אין שטעדטעל האבען אלע געשריען מיט איין קול, אז חנה פאיע ר׳ חיים לייב׳ס מעג שוין איבער־טאן א העמד. זי איז שוין לאנג נאך שלשים. שוין אריינגע־קראכען מיטביידע פיס טיעף אין די דרייסיגער הייסט עס. דערצו איז זי אייך נאך געווען אַ גרויסע בהמה. אַ בהמה און אַ

בהמה איז ניט גלייך. חאַטש נעהמט, איהר הערט, און טרייבט איהר אַ וועק אין פעלד מיט אלע ציגען צו גלייך.

איין פריה מארגען – איך געדיינק ווי היינט, וואלט דאס געווען–ווען דער ציגען פאַסטוך האַט אנגעהויבען צו טרובענען, די בעלי הבית׳טעס זאלען ארויס לאזען די ציגען פון שטאל, האַט בערקע קונדס אנגעקלאַפּט ביי מיין רבין ר׳ חיים ליב אין פענסטער און אַ זאַג געטהאַן אויפ׳ן קול:

– ציפּע לאה! ציפּע לאה! וואס טהוט זיך דאַ מיט אייך? אזוי לאנג שלאפט איהר נאך? דער פאַסטוך האַט דאך שוין צוזאמען גענומען אלע ציגען! גאַט איז מיט אייך! נעהמט גיכער און לאזט ארויס אייער חנה פאַיע׳ן אַ ניט קען זי נאך, אוי וועה איז מיר, בלייבען פון הינטען! געדיינקט, ציפּה לאה! נאַט אייך מיינע ביידע הענט, אז אליין וועט חנה פּאיע ניט געהן! מיט׳ן באק און מיט אלע ציגען צוזאמען איז עפּעס אנדערש!

ציפּע לאה איז געוואָרען אנגעצונדען ווי אַ פייער. דער פּנים האַט ביי איהר געברענט ווי ביי אַ גזלן. זי חאַפּט אַ פלאַ־קען און לויפט ווי אַ פאַר׳סמ׳טע פון שטוב ארויס. חאַפּט זי בערקען – פלעגט זי איהם דעם מח. נאַר איידער זי האַט זיך דערריהרט איז שוין בערקע געווען אַ מהלך הינטער׳ן שטעדטעל.

גאַנץ שידלעוועוע האַט געקייכט פאַר געלעכטער פון בערקעס קונציגען איינפאַל.

נאַר ניט דאס בין איך אויסען!

מאוס איז דאס געווען, אז עס האַט אייך, ווי איך בין אַ איד, נעקעהרט דאס הארץ ארויף צו קוקען אויף איהר. לאנגע צינגער פלעגען זאגען, אז חנה פאַיע חאַפּט דעם אומבליק פון אברהם מענדעס קוה. בערקע קונדעס פלעגט געהן נאך ווייטער. איך געדיינק, ווי ער פלעגט כסדר טענה׳ן צו מיר, אז גאַט

וואלט געבען, אז חנה פאיען וואלט איבער נאכט צו וואקסען נאך צוויי פיס. וואלט זי און אברהם מענדעס קוה אויסקוקען פונקט ווי אַ צווילינג. אַ האר זאל ניט פעהלען. נאר אויף בערקען, זאג איך אייך, אין ניט געווען וואס צו קוקען. חנה פאיען איז קיין מאל ניט צו געוואקסען קיין צוויי פיס און זי איז קיין מאל ניט געווארען אַ צווילינג מיט אברהם מענדעס קוה. ער האט גערעדט סתם אין דער וועלט אריין. אבער אז חנה פאיע האט אייך אויסגעזעהען ווי אַ שוועסטערקינד פון אברהם מענדעס קוה, איז לית מאן דפליג. דאס האט אייך קיינער ניט געקענט לייקענען, אפילו איהר אייגענער טאטע אויך ניט.

געוואויגען האט זי אייך אַ קימא־לן פון פינף פוד! נאך תל־אביב׳ער וואג מאכט עס אויס שטארקע פיער הונדערט אונצעס.

שטענדיג איז דאס ארום גקקראכען פארשמוצט און פארפאצקעט, אין קויט און אין בלאטע. גלויבט מיר ווי היינט איז קורץ פרייטאג איבער דער וועלט, ווען איך פויל מיר ניט אַ שאר צו טהאן די בלאטע וואס עס איז אייך געלעגען ניט מעהר ווי אויף איהר פארטוך אליין, וואלט איהר מיט די בלאטע געקענט בעמיסטיגען, לייכט ווי אַ האר פון מילך צוויי דונאם פרדס און אפשר נאך די גאנצע דריי. אט מיט אַזוי פיעל מיסט, איהר פארשטעהט צו ניט, איז אייך חנה פאיע געווען באלייגט פון אויבען ביז אונטען! און פעט, מאמע מיינע, איז דאס געווען, אז עס איז אייך פשוט גאר נישט צו באַשרייבען! אַ פנים — אַ פארשלעפטע קריינק, אַ ירושה פון אַ באבען פון איהר טאטענס צד. וואס דארפט איהר מעהר? טאמער איז זי געגאנגען אין גאס, האט איהר פאר אַ מייל געקענט זעהן, ווי איהר בוזים צאפעלט זיך אונטער׳ן יאקעל ווי אַ הייסע

בלינצע אויף אַ פרעגעל־פאן. אט אזוי פעט איז זי אייך געווען. וואס ארט אייך? פארלאזט זיך אויף מיר! איך האב געקענט חנה פאיען קלאהר ווי מיינע פינף פינגער. הלואי, טאטע זיסער, וואלט איך איהר ניט געקענט! ניט איינמאל האב איך געחאפט פון די פינף פודיגע שלומפער אַ דורקע אין רוקען, אז דאס הארץ איז מיר פארגאנגען! איהר שפילט זיך? צו האפען פון אזא נבלה א בוכצע, קענט איהר גאר אהן קונצען דערזעהן אייער באבען פון יענער וועלט. איהר מוזט אַ ודאי מיינען, מסתמא פלעג איך מיר אנהייבען מיט איהר? חס וחלילה! איך זאג אייך דעם ריינעם אמת. וואס האב איך מיך דא פאר אייך זיך צו שעהמען? איך פלעג ציטערן, פאר איהר ווי פאר פייער. נאר דאס בין איך אייך מודה, אז זי פלעגט געהן פלעג איך פרובירען שטילינ־קערהייט איהר אונטערהאלטען אַ פוס. איך האב אבער אסור קיין זאך דאמיט ניט אויסען געווען. איך בין נאר געווען א בעלן צו הערען דעם קלאפ וואס עס וועט דערלאנגען ווען אזא פינף פודיגער שלומפער וועט דאס מיר געבען אַ טראסק אן דער ערד און זיך אויס ציהען, ווי אַ ציג פאר׳ן פגר׳ן. אבער ווייטער, ווי איהר זעהט מיר אַ לעבעדיגען, פלעג איך איהר אַ האר ניט אנריהרען. איך פלעג ציטערן פאר איהר ווי פאר אַ הונט.

אז דער רבי, געדיינק איך, פלעגט זיך אננעהמען פאר מיר און נעהמען געוואלדעווען: סטייטש? וואס האסטו צום אינגעל? וואס האט ער דיר געטהאן? פארוואס דורקעסטו זיך עפעס? פלעגט זי נעהמען שרייען אויפ׳ן קול, אז „דער ממזר גיט אלע ווייל אַ קוק אויף מיר און פאלט דיר ארויס מיט אַ געלעכטער! דו ווייסט גאר ניט טאטע, וואס פאר אַ כל־בו׳ניק דאס וואקסט דיר! נו, האב איך איהם מכבד געווען מיט אַ בוכצע אין רוקען, אז ער וועט שוין לאכען מיט הובעל־שפענער״!

צוריקרײדענדיג, זאָגט מיר איך בעט אײך, וואָס איז דאָס פון מיר געװען אַזאַ גרויסע עַוְלה, אַז איך האָב יאָ געלאַכט? אדרבא! פאָלגט מיר אַ גאַנג און לאַכט מיר ניט, ווען איהר זעהט ווי חנה פאַיע שטעהט אײך נעבען קוימען, דער נאָז אײנגעפּאַצקעט אין סאַזשע, די זאָקען אײנע אַרויף און אײנע אַרונטער, דער קאָפּ פול מיט פעדערן און פון אונטערן יאַקעל הײנגט איהר נאָך ווי אַ פערדישער עק — דער געפּעס־טוך, וואָס זי ווישט מיט דעם אויס די טעפּלעך מיט די פענדלעך, נו, זײט מיר אַ חכם שטעהט און קוקט און לאַכט מיר ניט!

הא? וואָס זאָגט איהר? אפשר ניט אַזוי?

ווי איך שטעה מיר אַזוי פון ווײטען און קוק מיר צו וואָס דער סוף וועט זײן, וועט חנה פאַיע אַרויסשלעפּען דעם געפּעסטוך אָדער ניט. קומט מיר אין מיט׳ן דערינען צו אַנײע שמחה. איך זעה ווי חנה פאַיעס פאַרטוך רוקט זיך ביסלעכווײז אַרום איהר קלײד און עס בלײבט איהר הײנגען אין גאַנצען אויפ׳ן רעספּעקט צו מעלדען. זי נעהמט זוכען דעם פאַרטוך. דער פאַרטוך איז ניטאָ. זי דרעהט זיך אַרונטער די קאָפּ זוכענ־דיג און שילט מיט טויטע קללות. איך האַלט מיר צו בײם נאָז. בלאָז, מיר אָן ווי אַ פענכער און היט מיר, אַז עס זאָל חלילה ניט פּלאַצען. אַ ניט — קען איך אײך חאַפּען אַ דורקע, אַז איך זאָל פאַרשפּאַרן צו זאָגען אַלע אין דער פריה „מודה אני״.

זי געהט צו צו די מאַמען, און מאַכט צו איהר מיט אַ זויערע מינע:

— מאַמע! ווײסטו ניט וואו עס האָט דיר געקענט אהינ־קומען מײן פאַרטוך? איך האָב שוין, זאָג איך דיר, אויסגע־אַקערט אַלע ווינקעלעך און קען דאָס ניט געפינען! דאַכט זיך אָט ערשט פאַר אַ ווײלע האָב איך מיך מיט׳ן פאַרטוך אָפּגעווישט דעם

פּנים, און אויסגעווישט טרוקען אלע טעפּלעך און מיט אַ מאל איז ער מיר ווי אין דער ערד אריין!

ציפּע לאה חאפּט אַ קוק אויף חנה פאיען און גיט א געשריי אויפ'ן קול:

— שלומפּער איינע! זעהסט ניט אז דער פּארטוך הייננט דיר אין גאנצען אויף דיין גראבען זיטצער? און קוק זיך איין שמורגלע איינע, ווי דער געפּעסטוך הייננט דיר נאך ווי אַ קוהשער עק! אַ האר זאל זיט פּעהלען!

עס איז דאך חנה פאיקע! — שרייט ציפּע לאה מיט קולות — צו לויפען פון דיר, וואו די אויגען טראגען! ווי נעהמסטו דאס ליימענער גולם, און שטאפּסט ארונטער דעם געפּעסטוך אונטערן יאקעל? קיין אנדער ארט וואו צו האלטען דעם געפּעסטוך האסטו שוין ניט? עס איז אַ וואונדער, ווי איך בין אַ אידישע טאכטער, אז דו האסט דעם געפּעסטוך ניט ארונטער געשלונגען? אַ קשיא אויף אַ מעשה? אויף דיר חנה פּאיקע, איז אלץ צו גלויבען!

ווי איך האב דערהערט דעם טשיקאווען ווארט „גראבער זיטצער” האב איך מיר דערלאנגט אַ וואלגער אן דער ערד און גענומען שרייען מיט אלע כחות.

— געוואלד מאמע, מיין בויך! איך האלט ניט אויס פאר געלעכטער!

אויף מיר קוקענדיג האבען אלע קינדער גענומען לאכען.

מיר האבען, זאג איך אייך, אזוי פּיל געלאכט, אז מיר זיינען באלד געבליבען אהן כוחות לאכענדיג.

חנה פאיע פאלט צו ווי אַ גזלנ'טע און איז מכבד יעדען אינגעל מיט אַ פּארציע: דעם אַ דורקע און דעם — אַ שטורך. דעם אַ טראסק און דעם — אַ חמאיל. דעם אַ פּייער

און דעם שייער. דעם אַ בוכצע און דעם – אַ בארשט. דעם אַ קנאק און דעם – אַ תקיעה גדולה. דעם אַ לאטע און דעם– מיט אַ גובערנאטאר אונטער׳ן לעפעלע.

(אַ קשיא אויף אַ מעשה? אַ ודאי ווייסט איהר ניט וואס דאס איז „אַ גובערנאטאר אונטער׳ן לעפעלע״?

אט הערט זיך איין, וועל איך אייך אויסלעהרנען ווי מען מאכט עס.

מען נעצט איין דעם גראבען פינגער און מען דערלאנגט אַ יאג צווישן די ריפען, אז יענער פארצאפּעלט זיך. אט דאס הייסט אַ גובערנאטאר!)·

אין איין מינוט האט זי אויסגעלייגט אלע אינגלעך ווי סאלדאטען אויף אַ שלאכט פעלד אַ האר זאל ניט פעלען.

אין חדר איז געווארן אַ יללה. אלע אינגלעך האבען געוויינט מיט קולות. יאסקע בערע שלמה׳ס, וואס האט גע־האט זכות אבות צו חאפּען מיט׳ן גובערנאטאר אונטער׳ן זייט, האט גענומען שרייען „געוואלד איך בין פארביי״! „חנה פאיע האט מיר אונטערגעהאקט א האלבע זייט״! אוי קינדער – שרייט ער אויפן קול – מיר דאכט זיך, אז איך הייב שוין אן צו פיהלן דעם גובערנאטאר אין די צווייטע זייט אויך!

ניט טויט, ניט לעבעדיג לויפט צו דער רבי צו אונז. ער גיט אַ קוק וואס פאר אַ חורבן חנה פאיע האט דא אנ־געמאכט, אלע קינדער ליגען אויסגעלייגט, ווי שעפּסען און וויינען.

– קינדער! – רופט זיך אן דער רבי מיט אַ רחמנות פּנים – פאלגט מיך, וויינט ניט! איך געה איצטער צו מנחה. אט גלייך ווי איך קום פון מנחה געהען מיר זיך באדען אין עזערע.

ווי מיר האָבען דערהערט, אַז דער רבי וועט זיך געהן מיט אונז באָדען — האָבען מיר אַלע מיט אַ מאָל זיך געגעבען אַ הייב אויף.

אַפילו יאָסקע איז אין קוק געזונט געוואָרען פונ׳ם גור־בערנאַטאָר.

און מיר נעהמען פּאַר שמחה טאַנצען און שפּרינגען אַקוראַט ווי איינער וואָלט אונז אָנגעזאָגט, אַז היינטיגען יאָהר פאַלט אויס ל״ג בעומר דריי טאָג נאָכדעריי, אָדער קאָמעדיי־אַנטשיקעס קומען אָן אין שטעדטעל. די קאָמעדיאַנטשיקעס וועלען זיך ברעכען אין אַ בער מיט אַ האָהן וועלען טאַנצען אַ קאָזאַצקע. איצקעס יאָשעס האָט, פון גרויס שמחה, זיך אַרויפגעכאַפּט אויף וועלוועקעס רוקען און איז ניט אַרונטער געקראָכען, האָטש צוהאַקט איהם אויף שטיקלעך, ביז וועלוועקע וועט איהם ניט אַרומטראָגען בראַנציק איבער׳ן חדר. בענצקע גדליה׳ס האָט פאַר שמחה געקרעה׳ט ווי אַ האָהן און געפּייפט מיט׳ן נאָז. פייפקע אַבעלע׳ס האָט געוויזען אַ קונץ, אַז ער קען שטעהן אויפ׳ן קאָפּ, האָט ער טאַקע, פאַרשטעהט איר מיך, דערלאַנגט אַ פאַל אַז ער איז באַלד אַ גע׳הרג׳עטער געוואָרן. לייזערקע חיים נאַטעס האָט געוויזען אַ טייערען קונץ. — ער האָט געטראָגען אַ בעזים־שטעקען אין גאַנצען אויף איין פינגער און האָט דאָס אַזוי לאַנג געטראָגען ביז דער שטעקען האָט זיך געגעבען אַ בוק פאַר אַברהמ׳קעס נאָז. אַברהמ׳קע האָט געכאַפּט אַ פייערדיגען טראַסק, אַז עס איז איהם פינסטער גע־וואָרען אין די אויגען. עס איז אַרויס צווישען זיי אַ מורא׳דיגער געשלעג. ראַנגלענדיג האָבען זיי זיך אַזוי שטאַרק פאַרפּלאָנ־טערט, אַז איהר האָט אסור ניט געקענט וויסען וועלכער חלק געהערט צו אַברהמקען און וועלכער — צו לייזערקע חיים נאַ־

טעס. מיט צרות, מיט מאטערניש האט מען זיי קוים אויסגע־פלאנטערט. אהרקע משה דעם שמש האט געוויזען אַ טשי־קאווען קונץ: ער האט גענומען און אנגעבלאזעןביידע באקען ווי אַ פויק, נאכדעם האט ער מיט ביידע פויסטען דערלאנגט ראפּטום אַ טראסק אין די באקען אריין. די באקען האבען ארויסגעלאזן אזא מורא׳דיגען שאס, אז מיר אלע האבן גע־מיינט, דער דאך איז אייך איינגעפאלען. פון שרעק איז די רביצין אריבער געפאלען איבער אַ ביינקעל, אַ האר האט גע־פעלט וואלט זי זיך אויסגעלונקען אַ פוס. לייזערקע משה לייזערס האט געוואלט ווייזען גאר אַ פויגעלדיגען קונץ: ער וועט שטעהן בא איין זייט וואנט און ער וועט דערלאנגען אזא שפּיי, אז דער שפּיי וועט אַ וועק פליהען ביז דעם צווייטען וואנט. זאלמענקע אהרע דעם מילנערס איז געשטאנען געגען איבער לייזערקע און איהם געקוקט אין מויל אריין און איידער וואס — ווען, איידער זאלמענקע האט נאך באוויזען זיך אפּצורוקען האט שוין לייזערקע דערלאנגט דעם שפּיי, און דער שפּיי האט געטראפען זאלמענקע פונקט אין פנים אריין.

זאלמענקע איז געווארען אנגעצונדן פון כעס. ער גיט אַ הייב די פוס און וויל שוין מכבד זיין לייזערקען מיט אַ בריק אין בויך. לייזערקע גיט האסטיג אַ חאפּ זאלמענקעס פוס און נעהמט שפּאצירען מיט איהר איבער׳ן חדר. זאלמענקע הינקט איהם נאך אויף איין פוס און שרייט מיט קולות: לייזערקע אַ פייער אויף דיר! לאז אפּ מיין פוס! לייזערקען אבער גיט דאס אַ צעפּע ווי דער וואנט. ער שפּאצירט זיך מיט זאלמענקעס פוס ווי אנ׳אלטער איד מיט אַ שטעקען.

— איך זאג דיר לייזערקע מיט גוטן — שרייט זאלמענקע

מיט קולות — לאז אפּ מײַן פוס, אַ ניט, דערלאנג איך דיר אַ בריק, אז דו וועסט מיר ווערען אַ גע׳הרג׳עטער.

— בריק, בריק זאלמענקע — מאכט לײזערקע מיט אַ געלעכטער — פויל זיך ניט, דערלאנג, ווי פיעל דו קענסט. אבער דערווײלע, פּריצ׳ל מײַנער נאמיך הלכ׳ענען. עס ווערט שפּעטלעך!

לײזערקע געהט מיט זאלמינקעס פוס פאראויס און זאלמענקע שרײַט מיט קולות.

— לײזערקע, דו לאזט אפּ מײן פוס, אַ ניט דערלאנג איך דיר אַ בריק, אז דו וועסט מיר ווערן אַ גע׳הרג׳עטער?

זאלמענקע האט אזוי לאנג געהונקען ביז ער האט זיך אנגעחאפּט אן די פּאלעצע וואס אויף איהר איז געשטאנען דער טאפּ מיט דעם רבינס שנויף טאבאק. דער טאפּ האט דערלאנגט אַ פאל אן דער ערד און די טאבאק האט זיך צושפּרײט איבער׳ן גאנצן חדר. מיר האבען אלע אנגעהויבען צו ניסען אויף וואס די וועלט שטעהט.

חנה פּאיע האט דערהערט אַ ניסערײ, קומט זי ארײן זעהן וואס דא טהוט זיך. זי גיט אַ קוק, וואס פאר אַ חורבן מיר האבען דא אנגעמאכט. זי ווערט אנגעצונדען ווי אַ פײער און נעהמט געוואלדעווען: ווער האט דאס גע... אטשי!.. אטשי!... אטשי..! איך ברעך אײך אויס די הענ... אטשי!.. אטשי!.. אטשי!.. זי לויפט ארויס ווי אַ פאר׳סמ׳טע פון חדר און מאכט צו די מוטער: מאמע, געה קוק זיך איי... אטשי!.. אטשי!.. אטשי!.. וואס די קינ... אטשי!.. אטשי!.. אטשי!..

ציפּע לאה קומט ארײן. זי זעהט וואס דא טהוט זיך. אלע קינדער פארגעהן פון ניסען.

— וואס האט איהר ממןָ... א טשי! אַ טשי!... אַ טשי!...

ווער האט ארונ... אַ טשי... אַ טשי!... א טשי!... ווארט דער רבי ווע... אַ טשי! אַ טשי!... אַ טשי!...

זי לויפט אריין אין צווייטען קאמער אין ניסט בשותפות מיט חנה פאיען.

אין מיטען דערינען עפענט זיך די טיר און עס קומט אריין דער רבי.

— וואס פאר אזא ניסעניש איז עפעס מיט א מאל געווארען אויף אייך? — געה קוק וואס די קינ... אַ טשי!... אַ טשי!... אַ טשי!...

דער רבי קומט אריין. ער זעהט, וואס פון זיינע טאבאק איז איהם געווארען

— ווער האט דאס געמא... אַ טשי!... אַ טשי!... אַ טשי!... זאגט גיכ... אַ טשי!... אַ טשי!... אַ טשי!...

— רבי רופט זיך אן לייזערקע — דאס הא... אַ טשי!... אַ טשי!... א טשי!... און טייט מיט'ן פינגער אויף זאלמענקען.

— עס איז א ליג... א טשי!... א טשי!... א טשי!... און דאביי טייט זאלמינקע מיט'ן פינגער אויף לייזערקען.

— וואס זייט איהר דא געקרא... אַ טשי!... א טשי!... א טשי!...

וואס זאל איך אייך דא פיעל ברייען? מיר זיינען באלד אומגעקומען פון ניסען. אונזער גאנצע שמחה איז מיט א מאל צושטערט געווארען.

ווען, איך בעט אייך, איז שוין געלעגען אין זינען זיך באדען, אז מיר פיהלען אונזער נעזער זיינען פארביי מיר ווע־לען דאס ניט אויסהאלטען?

אט אזעלכע פייערדיגע טאבאק, איהר הערט, האט דאס אונזער רבי געשמעקט!

— שא, וואו האלט איך? ביי חנה פאיען הייסט עס!

חנה פאיע געהט צו צוריק צום קוימען. בייגט איין די קאפ אונטער׳ן דרייפוס און דערלאגט אייך דאס ניט מיט א מאל אזא שטארקען בלאז, אז גאר די אַש פון אונטער׳ן דרייפוס איז איהר פראמא אין די אויגען אריין. ווי אנ׳אבגעבריהטע האט זי אייך געגעבען א שפרונג א וועק פון קוימען און גענומען טאנצען אויף איין פוס און שפייען, טאנצען און שפייען (גע־דיינקט, טאמער, די שעה זאל ניט זיין, פארטרושעלט איהר זיך, ווען עס איז, אנ׳אויג, זאלט איהר גאר ניט קלעהרען און באלד נעהמען טאנצען אויף איין פוס און שפייען, טאנצען און שפייען, וועט איהר זעהן ווי עס גייט אייך איבער אין קוק! איהר פארשטעהט וואס איך זאג אייך?

וואס מיינט איהר. צוזעהענדיג ווי חנה פאיע טאַנצט און שפייט האב איך אפשר געשוויגען? אַודאי ניט! איך שיס אויס מיט אזא פייערדיגען געלעכטער, אז עס האט פאַרקלונגען דער גאנצער חדר. איך בעט אייך, וואס קומט מיר דאפאר? מען איז דאך מעהר ניט ווי א מענש? איהר מעגט מיר גלויבען בנאמות, אפילו אַ קאץ, איהר הערט, וואלט אויך ניט געקענט זיך איינהאלטען פון לאכען.

די נבלה אבער קוקט אויף קיין זאך ניט. פליהט צו צו מיר און דערלאנגט דאס מיר ניט אַ תקיעה גדולה איבער׳ן אויער. אז עס איז מיר ארויס פייער פון די אויגען?

נאר ניט דאס בין איך אויסען!

דער רבי פלעגט כסדר שרייען מיט קולות:

— לוימענער גולם! קוק זיך איין ווי דו זעהסט אויס! נעהם שפילע זיך צו די קלייד, פארקנעפּעל זיך דעם יאקעל, וואש זיך אפ דעם פּנים, וויש זיך אפ דעם נאז! וואו איז

דאס געהערט געווארען—פלעגט ער ניט אויפהערען צו טענה'ן— אז א מיידעל זאל אלע אין דער פריה ניט נעהמען א טראפּען קאלטע וואסער און ניט אריבער פאהרען א פּאר מאל איבער'ן פּנים אריבער? און וואו איז דאס, טאטע זיסער, געזעהען גע־ווארען, אז א מיידעל שטעהט אויף פון געלעגער זאל זי די ערשטע זאך ניט חאפּען און אויסצופּען די פעדערן פון קאפּ? קוק זיך איין, שמורגלע, ווי דו זעהסט אויס! דו זעהסט דאך אויס, ווי א גאנז ערב חנוכה! א האר זאל ניט פעהלען!

דער רבי פלעגט פשוט איינלייגען די וועלט און דאס האט איהר אזוי פיעל געהאלפטן ווי געגזענע שמאלץ צו ערד ציטערניש.

צוויי מעלות האט אבער חנה פאיע געהאט, וואס דאס האט ארונטער געוואויגען אלע איהרע חסרונות: זי האט אייך געקענט בראקלען לאקשען אזוי דין, אז עס איז ממש געווען אויף בילעטען צו געהן. נאך אַ מעלה האט זי געהאט: ווען זי האט ערב שבת געשטויסען גאגעלעך (גערשטען) צו שטעלען אין טשאלענט האט זי אייך געקענט, ווי איהר זעהט מיר אַ לעבעדיגען, אפּקלאפּען הונדערט קלעפּ מיט אַ מאל, ניט אפּ־שטעלענדיג הייסט עס, און עס האט איהר געגעבען אַ צעפּע ווי דער וואנט. קיין שידלעווע מיידעל, איהר הערט, האט ניט גע־קענט נאך מאכען חנה פאיעס קונץ! אזא קלאפּערקע איז זי אייך געווען.

איין פריה מארגען – איך געדיינק ווי היינט וואלט דאס געווען – עפענט זיך פּלוצלונג די טיר פון חדר און עס לאזט זיך אריין דער באוואוסטער שדכן ר' גימפּעל גירטעגאלער. דער רבי גיט זיך אַ חאפּ פון ביינקעל, לויפט איהם אנטגעגען, שטעקט איהם אפּ אַ ברייטען שלום עליכם, נעהמט איהם אן פאר'ן לאץ,

פיהרט איהם ארויף אויבען אן, שטופט איהם אונטער אַ בייַנקעל, רוקט אריין דריי פינגער אין וועסטעל קעשענע, שלעפט ארויס זיין טאַבאקערקע, קלאפט אן מיט׳ן גראבען פינגער אַ מאל דריי און איז איהם מכבד מיט אַ טייערן שמעק טאבאק, וואס צו געהט אין אלע גלידער.

— ציפע לאה! ציפע לאה! — גיט דער רבי אַ געשריי אויפ׳ן קול—זיי מוחל, קום א הער אַ ווײַלע! קוק זיך אקארשט איין, וואס פאר אנ׳אנגעלייגטער גאסט מיר האבען דא! איך וועל דיר וועטען אין וויפיעל דו ווילסט אז דו וועסט ניט טרעפען ווער דאס איז!

ציפע לאה חאפט האסטיג דעם פארטוך, פאהרט אייך אריבער אַ פאר מאל איבער׳ן פנים, מאכט צו רעכט די קלייד, גיט אייך אַ שלעפ די טיכעל איבער׳ן שטערן, חאפט א קוק אויב דער יאַקעל איז איהר פארשפילעט אויף אלע קנעפלעך, ווישט זיך אפ דעם נאז ווי ביי לייטען, הוסט זיך אביסעל אויס, קוקט זיך איין אין מעשענע שיסעל, אויב איהר פנים האט עפעס אַ שטיקעל פנים, שפייט גוט אויס און געהט אריין פראמא אין חדר וואו דער רבי מיט׳ן גאסט זיצען.

ווי ציפע לאה האט דערזעהן ר׳ גימפלען איז זי געווארען מלא שמחה.

— גוט מארגען אייך ר׳ גימפעל! שוין א צייט אויף נאמנות אייך ניט געזעהען! דאכט זיך, אז פון שיינע ביילעס פדיון־הבן אן האבען מיר זיך מעהר ניט געטראפען. וואס מאכט אייער ווייב און קינדער זאלען לעבען און וואס מאכט אייער חתונה געהאטע טאכטער? הערט זיך שוין וואס ביי איהר? אַ קשיא אויף א מעשה, מסתמא וועט זייז אַ אינגעל. נו, ווי דען? אַ פערשלעפטער קריינק פון די מאמען זאל געזונד זיין.

וויפיעל אינגלעך אויב איך מעג פרעגען, האט איהר שוין ר׳ גימפעל? דאכט זיך, אויב איך מאך ניט קיין טעות, אַ שטיקלעך זעקס, אויסער דער צווילינג זאל געזונד זיין, הא? וואס זאגט איהר? האב איך געטראפען אדער ניט?

— אַ דאנק פאר׳ן נאך פרעגען — ענטפערט ר׳ גימפעל מיט א גוטמוטהיגען פנים — געלויבט די הענד אונגעוואשען, אלע געזונד. ניט מעהר געהאט אייך א שטיקעל שאדען. אנוסטען האט דער ווינט ארונטער געטראגען דעם דאך פון די שטאל וואו מיין ברודערס צוויי ציגען האלטען דארט סטאנציע. און ביי מיין מוזיניקעל האט זיך צושפילט, ניט פאר אייך געדאכט אנ׳אויערל. מיר האבען שוין אויס געטאהן, איהר הערט, אלץ וואס אמויל קען ריידען און דער אויערל איז ווי אויף צו להכעיס, נאך אלץ ניט פארהיילט. א פנים געחאפט אַ שטאר־קען צוק. ווער קען, איך בעט אייך, די קליינוואַרג אויסהיטען? דאס רוהט ניט איין אַ מינוט אין שטוב. אלע ווײלע ארײן און ארויס. נו איז גאר אַ וואונדער, אז דאס חאפט אייך א צוק? איך זאג אייך דעם ריינעם אמת, עס איז זכות אבות, אז דער קליינער מזיק לאזט זיך אייך ניט ארונטער, איך וויל פון מיין מויל ניט ארויסריידען אהן הענד און אהן פיס. אט וואו עס איז דא, איהר הערט אַ לייטער, אַ בוים, אַ בוידעם, קלעטערט דאס אויף אלע פיער. עס איז פשוט, זאג איך אייך, ניט אויס צו האלטען פון איהם, פאר יאהרען, ניט פאר איצטער געדאכט, איז ער מיר געקראכען אויפ׳ן טיש און ארונטער גע־פאלען, איז ער אייך אפגעלעגען געגויע צוויי חדשים אויפ׳ן בעט. מיר האבען געמיינט, אז ער וועט שוין חלילה ניט אויפ־שטעהן. שולדיג איז אין דעם געוועזען ניט קיין אנדערער ווי מיין ווייב זאל לעבען. איך מאך צו איהר: פייגע ביילע! נעהם

דעם מעסער און צושטעך גוט אויף דעם ארט, וואו דאס קינד איז געפאלען, כדי דאס קינד זאל ניט קראנק ווערען! זי חאפט דעם מעסער, גיט א פאר שטעך און פארטיג. גזלנ׳טע! — שריי איך צו איהר — וואס טהוסטו? זעהסטו ניט אז עס איז ניט געווג? זשאלעווע ניט, שטעך נאך אביסעל! זי האט זיך אייך אבער איינגעשפארט — עס איז גענוג! מעהר דארף מען ניט! נו, טא נאט אייך „אַ גענוג״! דאס קינד איז טאקע אפגעלעגען ניט פאר קיין קינד געדאכט, צוויי חדשים אויפ׳ן בעט.

— ווייבער, ניט אויסגערעדט זאל זיין, אז זיי שפארען זיך איין, קאנט איהר זיי פון ארט ניט ריהרען. עס העלפט אייך קיין טענות און קיין מענות אט אזוי ווילען זיי און געהט רופט זיי, אויב איהר ווילט, „בשמים שמעקער״!

שא! וואו האלט איך? האט מיר קיין פאראיבעל ניט. איך בין אייך גאר פארקראכען אין האצע־פלאצע.

— און וואס מאכט איהר ציפע לאה? ווי געהט עס אייך? ווי פיהלט איהר זיך עפעס מיט אייער ביסעל געזונד? און וואס מאכט אייער טאכטער? זי מוז שוין זיין א גאנצע כלה־מויד!

— וואס זאל מען מאכען, ר׳ גימפעל? ניט צו פארזינדיגען! קיינער האט ביים רבונו של עולם קיין חלק ניט ארייגעלייגט! אט מען באלדערט זיך. קיין גרויסע גליקען ווי איהר זעהט, קען מען אין שידלעווע ניט מאכען. אביסעל דערעסט מען ניט, אַ ביסעל בארגט מען צו אין קלייטעל און די עטליכע תענתים דורכ׳ן יאהר העלפען אויך צו אַ ביסעל. אויף אזא מאדע, איהר פארשטעהט צו ניט, שטופט מען אייך ווי עס איז דורך די שטיקעל חיונה. איך וועל אייך זאגען דעם ריינעם אמת, ר׳ גימפעל. איך ווייס אסור ניט וואס פאר אַ פייער עס איז מיט

שידלעווע! חאפט אייך אן קעלעם. ציטיוואן, לאצקעווע, ליגעם, אט די אלע שטעדטלעך זיינען א האר ניט גרעסער ווי שיד־לעווע, און דארטען, איהר הערט, האבען אייך אלע מלמדים זייער אויסקומעניש. אמת, זיי עסען דארטען אויך ניט קיין מארצעפאנעס מיט היהנערישע לעבערלעך, אבער די שטיקעל ברויט, די טעפּעלע ציקאריע און שבת א פוסנאגע אין טשאלענט— דאס פעהלט זיי ניט! דארטען, פארשטעהט איהר מיך, פאלט גאר ניט אַ טאטען איין צו געהן נעהמען און צאהלען פאר א אינגעל ווייניגער ווי אכט רובל אַ זמן. און אַ מאל נאך מעהר אויך! אין שידלעווע אבער, ניט אויס גערעדט זאל זיין, איז מען אייך ווי פארשאלטען. מעהר ווי פינף רובעל פאר אַ אינגעל צאהלט מען ניט! אמת, די טאטעס טענה׳ן צו מיין מאן, זיי װאלטען איהם מיט׳ן גאנצען הארצען צאהלען אַ ביסעל מעהר, נאר גאט ווייסט דעם אמת, אז עס געהט זיי ארויס די אויגען פון קאפ איידער זיי קענען צו וועגען ברייגנען האטש די פינף רובעל. היינט ווער רעדט שוין וועגען מעהר?

— הערט ר׳ גימפעל אַ טשיקאווע מעשה:

אנוסטען קומט צו אונז צו געהן שמערע יאסע דער בלע־כער. זיינער אַ אינגעל לעהרענט ביי אונז אין חדר. ער ברייגנגט צו טראגען אַ קישען און בעט זיך ביי אונז, מיר זאלען דאס צו נעהמען פאר דעם רובעל שכר למוד געלט וואס ער קומט אונז. נו, ווי פארשטעהט איהר? מסתמא, האבען מיר ניט גע־נומען. הגם, גאט ווייסט דעם אמת, אז מיר זיינען נאך אַ מהלך ווייט פון ראטשילד׳ן און אַ רובעל, איהר הערט, שפּארט ביי אונז אן גאר אין די הויכע ערטער. מיט אַ רובעל, פארשטעהט איהר מיך, לעבען מיר דורך אלע דריי אַ גאנצע וואך און אז די שוך קוועטשט — צוויי אויך. אבער זייט מיר אַ חכם, געהט

און נעהמט צו פון אנ׳אָרעמען בלעכער דעם קישען פון צו קאָפּענס! הא? וואס זאגט איהר ר׳ גימפּעל, קען מען דאס? אמת, זיין קרוב טענה׳ט שטענדיג צו איהם: „געוואלד געשריען, שמערע יאסע! וואס טהוט זיך דא מיט דיר? צו וואס האָרע־וועסטו ווי אַ פערד און געהסט און גיסט דיין אינגעל צו אַ גמרא מלמד? גיב איהם בעסער אַ וועק צו אַ בעל מלאכה וועט אויף נאמנות זיין אַ סך גלייכער אי פאר דיר — אי פאר׳ן אינגעל! וואס ווילסטו, שמערע יאסע, טענה׳ט זיין פריינט אז דיין זוהן זאל דיר ווערען אַ רב, אנדערש פּאסט דיר ניט, מאנאַרך מיינער? אַ מענש קאַטארע וואס קומט ארויס פון הוילע שמידען אין בלעכער ווילט זיך איהם ניט דא געדאכט גאר האבען אַ זוהן אַ רב! וואו דיין זוהן — דו הערסט, שמערע יאסע — וועט זיין אַ רב, דארטען וועט די שטאדט ברענען! אט מיט אזעלכע פייערדיגע דבורים דערלאנגט זיין קרוב שמערע יאסן אין זייט אריין. ער אבער הערט אלעמען ווי די קאץ. מיין אינגעל — זאגט ער — מוז קענען לעהרנען. ער טאר ניט זיין אַ פּויער ווי זיין טאטע. הלואי — מאכט ער — וואלט מיין טאטע מיר געגעבען לעהרנען, וואלט איך היינט אויך געווען אַ מענש מיט אלע מענשען צו גלייך. און די בעלי הבתים, די לומדים הייסט עס, וואלטען ניט געקוקט אויף מיר ווי אויף אַ פּראסטען פּויער.

— אט אזעלכע אידען, איהר הערט ר׳ גימפּעל, האבען מיר אין שידלעווע אַ סך. א סך! די טאטעס זיינען זיך מוסר נפש. זיי שפּארען אייך אפּ דעם ביסען פון מויל און צאהלען פאר זייערע קינדער שכר למוד געלט. היינט געהט און נעהמט נאך צו פון זיי דעם קישען פון צו קאָפּענס! ווי קען מען דאס, איך בעט אייך, האבען אזא שטיינער הארץ? דערווייליע אבער, ר׳ גימפּעל, שמייכעלט מען אליין, ניט אויסגערעדט זאל זיין,

צו אַ שטיקעל טרוקענע ברויט. איהר פארשטעהט צו ניט?

— האט קיין פאראיבעל ניט ר׳ גימפעל! איך מוז אויף אַ ווײלינקע אריינלויפען אין קיך אריין. האב געלאזען שטעהן אויפ׳ן פייער די קענדעלע ציקאריע. אַ קשיא אויף אַ מעשה? עס קען אייך נאך דערווײלע אויסלויפען.

ווי ציפע לאה האט נאר אריבער געטרעטען דעם שוועל פון קיך האט די ציקאריע זיך געגעבען אַ הייב אין דער הויך און עס האט שוין געהאלטען אט, אט, ביים אויסלויפען.

ניט טויט — ניט לעבעדיג האט זי אַ חאפ געטהאן די קענדעלע פון דרייפוס און גענומען בלאזען מיט אלע כחות טפו... טפו... טפו...

די ציקאריע האט גענומען לאנגזאם, לאנגזאם זיך אַרונטער לאזען און איז מיט אמאל אין קענדעלע פארשוואונדען געווארען.

אַ האר האט געפעלט וואלט פון די גאנצע ציקאריע ניט געבליבען קיין טראפען.

ציפע לאה גיסט אן אַ טעפעלע ציקאריע, טראגט עס אריין אין חדר, שטעלט דאס אַ וועק מיט גרויס דרך ארץ הארט נעבען ר׳ גימפל׳ן און מאכט צו איהם מיט אַ גוטמוטהיגען פנים:

— זייט מוחל ר׳ גימפעל, טרינקט א קארשט אַ טעפעלע ציקאריע. מיינע ציקאריע, מוז איך אייך זאגען, האט אַ שם אין גאנץ שידלעווע. מיינט ניט ר׳ גימפעל, אז איך וויל מיך פאר אייך פראלען, חס ושלום! אט וועמען איהר וועט אין שטעדטעל אַ פרעג טהאן, וועלען אייך אלע זאגען מיט איין קול, אז ציפע לאה׳ס ציקאריע מעג אפילו שלמה המלך טרינקען! אפשר ר׳ גימפעל וואלט איהר מיר זיך געגאנגען וואשען און נעהמען עפעס אין מויל אריין? אַ קשיא אויף אַ מעשה! מסתמא שוין

איבער גע׳חלש׳ט דאס הארץ! שעהמט זיך ניט ר׳ גימפעל, זאגט דעם אמת, מיר זיינען דאך עפעס אייגענע מענשען? הא, וואס? אפשר ניט אזוי?

— אַ גרויסען דאנק אייך, ציפע לאה! עס איז ניט נעטהיג! ארויספאהרענדיג פון דער היים האט מיר מיין ווייב מיט געגע־בען אַ פאר בייגעל מיט עטליכע רעטעכלעך. פאהרענדיג האב איך מיך גאנץ פיין איבערגעגעסען.

— פארוואס, חכמה מיינע — דערלאנגט דער רבי זיך אַ בייזער — האסטו איינגעגאסען די ציקאריע אין אַ טויבען טעפעלע? האסטו ניט געקענט נעהמען פאר׳ן גאסט דעם הע־רענדיגען טעפעלע?

(די טעפלעך וואס עס איז געווען ארונטער געהאקט די אויערליך, האט דער רבי זיי גערופען: „טויבע טעפעלעך נור איין טעפעלע האבען זיי געהאט וואס דער אויערל איז נאך ניט געווען ארונטער געהאקט, דעם טעפעלע האט גערופען „דער הערענדיגער טעפעלע״).

ציפע לאה האט זיך שטארק פארשעהמט. די בלוט איז איהר ממש אין פנים אריין. האט איינגעזעהען, אז זי האט געמאכט אַ סטראשנעם טעות. דער רבי איז טאקע גערעכט. זי לאזט פארשעמט ארונטער די אויגען און רעדט קיין ווארט ניט.

— עס מאכט ניט! עס מאכט ניט ר׳ חיים לייב! — רופט זיך אן ר׳ גימפעל מיט אַ שמייכעל — אט ווי איהר קוקט מיך אן טרינקט מען ביי מיר און דער היים אויך ניט אין קיין בעסערע טעפעלעך. מיין ווייב, איהר הערט, האט שוין יאהרען לאנג אַ הערענדיגען טעפעלע אין די אויגען ניט געזעהן. אין דער אמת׳ן גערעדט, פון וואנען, אַ שטייגער, זאל זיך אייך איינגעפינען אַ הערענדיגען טעפעלע. אז ווי מען קויפט נאר

אַ נייעם, האקען מיינע „בני ברק” די ערשטע זאך ארונטער דעם אויערל?

ר׳ גימפעל ווערט גיך פארטיג מיט׳ן טעפעלע ציקאריע, ציהעט זיין שניפסטוך פון הינטערקעשענע ארויס, ווישט אפּ אין איינגאנג די מויל מיט׳ן נאז צוזאמען, זיפצט זיך אייך אפּ ווי גאט האט געבאטען, האפּט זיין טאבאקערקע פון וועסטעל־קעשענע ארויס, שעפּט אן פולע צוויי פינגער, טראגט עס צו גאנץ פיין אין יודעשלעך צום נאז, פורשקעט זיך אייך עטליכע מאל אפּ און געהט ארויס מיט׳ן לשון.

— איהר פארשטעהט דאך מסתמא ר׳ חיים לייב, צו וואס איך בין צו אייך געקומען. ווי זאגט די גמרא? די לחכימא ברמיזא (פאר אַ קלוגען איז אַ וואונק אויך גענוג)! אז איך וואלט געהאט צו פארקויפען אַ פאר וואגאנעס צוקער, וואלט איך מסתמא געגאנגען צו בראדסקין און ניט צו אייך. אַ גע־לעכטער אן אַ זייט! איך בין געקומען אייך פארלייגען אַ שידוך מיט דעם ווידוקלער אונטער — שמש.

ציפּע לאה לאזט דעם שדכן ניט ענדיגען און פאלט איהם אריין אין די רייד אריין:

איהר ווייסט אסור ניט ר׳ גימפעל, וואס פאר אַ ברילי‌אנט אנ׳אוצר מיר פארמאגען אייך. אונזער חנה פאיע זאל לעבען, איהר הערט צו ניט, איז אַ בראנד בריה. עס איז ניטא נאך איינע צו איהר גלייכען, עס ברענט ממש אונטער איהרע הענד און שיינען שיינט זי אייך טאקע ווי די ליכטיגע זון. עס איז פשוט, זאג איך אייך, אין איהר פנים ניט אריינצוקוקען. אַ ציכטיגע—סכנת נפשות! אַ שפּריינקעלע, איהר הערט, וועט איהר אויף איהר ניט געפינען! זי קען אייך אפּטראגען אַ קלייד אַ קיילעכ־דיגען יאהר. טהוט זי דאס אויס — וועט אייך אויסקוקען, ווי

איהר זעהט מיר אַ לעבעדיגע, ווי אקארשט פון נאדעל ארויס. אזא ציכטיגע איז זי אייך! אַ שאד אויף נאמנות וואס איהר קענט מיין חנה פאיען ניט זעהען אויפ׳ן לייב, דאס איז ווייס ווי א פארצעלייענער טעלער, ערשט פון פאבריק ארויס. וואס רייד איך ווי פארצעלייענער טעלער? אַ פארצעלייענער טעלער און א פארצעלייענער טעלער איז ניט גלייך. דאס איז ווייס, זאג איך אייך ווי אנ׳אלבאַסטער!

— געווהנט שוין! געווהנט שוין! — גיט דער רבי זיך א בייזער — וויפיעל איז דער שיעור צו לויבען דיין טאכטער? צו לאזט זי זיך טאטע זיסער אין רייד. קענט איהר ר׳ גימפעל בשום אופן איהר ניט אפהאלטען! דאס מאלט אייך ממש ווי אַ מיהל. אז מען שמועסט: „ווייבער האבען לאנגע האר און אַ קורצען שכל״ איז דאך ניט שייך? זעה ציפע לאה, איך בעט דיר מיט גוטען, האלט זיך איין אַ ווייל. פאהר ניט מיט׳ן וואגען אין שליטען אריין, לאז ר׳ גימפעל ענדיגען. נאך דעם וועסטו פון מיינעטוועגען קענען ריידען אפילו ביז מארגען. דו פארשטעהסט צו ניט?

— איך מוז אייך זאגען ר׳ חיים לייב — רופט זיך אן ר׳ גימפעל מיט אנ׳ערענסטען פנים — אז דעם שידוך וואס איך לייג אייך פאר איז ממש אַ גליק־שידוך. דער בעל דבר, דער אונטער שמש הייסט עס. פארדיענט אייך א צירקע א רובעל א וואך, חוץ א פרייען וואהנונג! עס רעדט זיך אזוי „אַ פרייען וואהנונג״. מען קען זאגען ווי מען וויל. אז מען וויל זאגט מען אז דאס איז אַ וואהנונג און אז מען שפארט זיך איין קען מען אייך אפשלאגען, אז דאס איז אפילו קיין קאמער אויך ניט. די בעלי הבתים איהר הערט, גיבען איהם דאס רעכט צו שלאפען אין בית המדרש נעבען סאמע אויוען און, מען רעכענט איהם דאפאר

קיין קאפיקע ניט. נאכ׳ן שכל נאך, ר׳ חיים לייב, הייסט דאס טאקע אַ פרייע וואהנונג. הא? וואס זאגט איהר, אפשר ניט אזוי? זייט מוחל, לאזט זיך דינען! דאס איז נאך ניט אלץ? דערצו חאפט ער גאנץ אפט אַ זייטיגען פארדינסטעל אויך. חנוכה — פון ווערפלעך גיסען, פורים — פון שלח־מנות טראגען, ביי אַ קינפעטארען — פון אנשלאגען שיר־המעלות׳ן, סכות — פון ארומטראגען ביי די ווייבער דעם אתרוג. אין אַ „לקוי חמה״ פארקויפט ער פאררויכערטע גלעזלעך — מאכט ער אויך א פאר גראשען. מאכט זיך אַ ברית אין שטעדטעל — און מאכען מאכט זיך אפט, איך וויים ניט פארוואס, נאר אט אזוי איז עס, אין ווידוקלע האבען כמעט אלע ווייבער אינגלעך, זאגען זאגט מען, אז דאס קומט פון עסען אַ סך קנאבעל. אַ ווידוקלער פאר קנא־בעל נעהמט אייך איין, איהר הערט, די כפרה. נאר לֵצים זאגען, אז עס קומט דערפון וואס ווידוקלער אוראדניק איז זעהר אַ שעהנער, פארקוקען זיך אלע ווייבער אויף איהם, דאַ־ריבער האבען זיי אלע אוראדניקלעך, אינגלעך הייסט עס. נאר ווי די זאך זאל ניט זיין, ברית׳ן איז דארטען דא אלע מאנטאג און דאנערשטאג. ביי יעדען ברית טראגט ער א וועק, איך בעט אייך איבער אייער כבוד, די שטיקעל וואס דער מוהל האט פאבראקירט און בעהאלט עס אויפן בית המדרש בוידעם, חאפט ער אייך דאפאר א שעהנע פאר קאפיקעס. מאכט זיך אַ מאל, אז מען געפינט א גע׳הרג׳טען אידען און מען דארף איהם היטען ביז דער אוראדניק וועט קומען מאכען דעם פראטאקאל, איז אייך דער אונטער־שמש דער גאנצער כָל־ולך. דער גאנצער מאכער הייסט עס! ער איז דער היטער, דער אַ וועק פיהרער אויפ׳ן בית עולם און טאקע דער באגראבער אויך. צו אזא מעשה, איהר הערט, דערלייגט ער אויך ניט די באבעס ירושה. הכלל, צו

וואס ער ריהרט זיך צו, אפילו צו אַ גע׳הרג׳טען. לעקט ער אויך אפּ אַ ביינדעל! דורכשניטלעך פארדינט ער אייך, אַ קימא־לן׳ פון אַ רובעל מיט 23 קאפּיקעס אַ וואך. לאזט זיך דינען ר׳ חיים לייב, דאס איז נאך ניט דער עיקר. דער עיקר איז, איהר מעגט ציפּע לאה אויך הערען, עס שטעהט איהם פאר גאר אַ גרויסער גליק וואס ער קען ממש נתעשר ווערען. די מעשה איז אזוי. הערט זיך צו מיט קאפּ.

— אייער נעכטען האב איך מקבל געווען אַ בריעף פון זונדעל פּימפּענאטער, פון אונטער שמש הייסט עס. זיין טאטען רופט מען חיים שמאיע דער פערדבייטער. דאס איז ניט חלילה קיין צונאמען, נאר זיין פרנסה באשטעהט פון בייטען פערד, אַ שטייגער אַ בלינדען אויף אַ הינקענדיגען, אַ הינקענדיגען אויף אַ בלינדען און אמאלביידע צוזאמען אויף אַ געזונטען. דאריבער פארשטעהט איהר מיך, רופט מען איהם פערדבייטער. איך דער־צעהל אייך דאס, מחמת איהר זאלט שפּעטער ניט האבען צו מיר קיין טענות, אז דעם יחוס זיינעם האב איך פון אייך פארבארגען.

ער שרייבט היות ווי דער אויבער שמש רייסט זיך צו פאהרען קיין אמעריקע צי זיינעם אנ׳איידעם וואס איז געוואָ־רען איבער נאכט אַ מיליאנערטשיק — אמעריקע פארשטעהט איהר מיך איז ניט שידלעווע אין שידלעווע צו ווערען אַ מיליא־נערטשיק דארף מען אפּלעבען מתושלח׳ס יאהרען, אמעריקע אבער האט זיך איהר אייגענעם שגיט. ביי איהר פארשטעהט איהר מיך, געהט אלץ אין קוק. איהר קענט זיך לייגען שלאָ־פען אַ שלעפּער און אויפשטעהן איהר הערט, אַ מיליאנערטשיק. און דאס קען אויך דארטען טרעפען, אז איינער זאל זיך ליי־גען שלאפען אַ גראבער יונג, וואס קען ניט פשוט זיין נאמען

אונטער חתמ׳נען. אַ סַמֶך מאכט ער אייך מיט אַ ווייך גלעזעל און אַ „ה״ מיט אַ נייעם מאדע קונץ: ראשית חכמה דערלאנגט ער אַ שטעל אנידער זיין גראבען פינגער אויפ׳ן פאפיער און אז דער פינגער שטעהט שוין פעסט האפט ער דעם פעדער און נעהמט פאמעלעך דרעהען ארום פינגער ביז עס ווערט איהם אַ האלבע קייקעלע. אז די האלבע קייקעלע איז שוין פארטיג, פראסקעט ער אריין זיין קליינעם פינגערל אין האלבען קייקעלע אריין און נעהמט איצטער דרייען מיט׳ן פעדער ארום קליינעם פינגערל. ער דרעהט אזוי לאנג ביז עס ווערט איהם אַ קליינע האלבע קייקעלע. אז די האלבע קייקעלע איז שוין אויך פארטיג דאן ווייסט ער, אז ער האט אייך אויסגעלייגט אַ „ה״ מיט אלע הייען צו גלייך. אט דער „הייען מאכער״ קען אייך דארטען אויפשטעהן אין דער פריה אַ פערטיגער דאקטאר. איהר פארשטעהט וואס דארטען טהוט זיך?

אז מען זאגט אייך אמעריקע — זאלט איהר גלויבען! און היות ווי דער אויבער שמש – אזוי שרייבט ער אין בריעף— האט איהם פארגעלייגט, אויב ער וואלט אהם קענען שאפען פופציג קארבען מזומנים גיט ער איהם איבער די שמש׳ערייַ מיט האק און פאק און דערצו אַ פרייען וואהנונג הינטער די ווייבערשע שוהל, — לכן לאזט ער אויס — אויב איך וואלט פאר איהם קענען פאקען אַ מיידעל מיט פופציג רובעל נדן, האט ער חתונה מיט איהר אויפ׳ן שטעל און פלעק. גאר אהן קוקעניש און אהן פרעגעניש הייסט עס. די מיידעל — שרייבט ער — מוז זיין ביט — פּא — סיעמו אַ דיקע, א גראבע, א פעטע, א געזונטע הארא־פאשנע מיידעל. פון דינע מיידלעך זאגט ער מיר אן, זאל איך לויפען ווי פון א פייער. ערשטענס — אזוי שרייבט ער — עסען דינע מיידלעך אַ סך מעהרער ווי פעטע און צווייטענס: ווערען

דינע מיידלעך באלד מיעד און פאלען אין די האלאבלעס אזוי
ווי אנ׳אויסגעדינטער פערד און אזוי ווי ער וויל האבען, אז
זיין ווייב זאל באלד נאך דער חתונה אנהייבען צו באקען
קארנע לעקעך מיט אייער בייגעלעך און ארום פאהרען מיט
די אייגענע געבאקענע געבעקס איבער אלע שטעדט און שטעדט־
לעך, דאס הייסט, וואו עס איז נאר דא אַ יְריד דארטען דארף
זיך געפינען זיין ווייב אויף אזא מאדע, וועט ער אם ירצה
השם — אזוי שרייבט ער — אין צעהן — פונפצעהן יאהר זיך
קענען דערשלאגען צו אנ׳אייגענע קוה און א מאל צו אנ׳איי־
גענע הייזקע אויך. דאריבער מוז ער האבען ביט – פא – סיעמו
אַ דיקע, א גראבע, א פעטע, א געזונטע הארעפאשנע מיידעל
וואס זאל איהם העלפען ציהען די חיונה. און אזוי ווי איך קען
אייער טאכטער, אז זי איז, קיין בייז אויג זאל איהר ניט
שאדען, פעט ווי א צימעס און קען אפקלאפען הונדערט קלעפ
מיט איין האנד און עס גיט איהר א צעפע ווי דער וואנט, אזא
מיידעל ווי אייערע בין איך זיכער, אז זי וועט ניט פאלען אין
די האלאבלעס ווי אנ׳אויסגעדינטער פערד, לכן האלט איך, אז
דער שידוך איז ווי אנגעמאסטען. ווי זאגט די גמרא? „ארבעים
יום קודם יצירת הולד״, פערציג טעג פאר׳ן געבארען איז שוין
אין הימעל אויסגערופען געווארען, אז חנה פאיע וועט זיך מיט
מזל באהעפטען מיט זונדעל פימפענאטער. איהר פארשטעהט צו
ניט? אֵי וואס דער מחותן איז אייך אַ פערד־בייטער? דאס
דארף ביי אייך, ר׳ חיים לייב, קיין אפהאלט ניט זיין! איהר
זייט דאך א איד קאטארע וואס קוקט אריין אין די שווארצע
פינטעלעך, ווייסט איהר דאך אזוי גוט ווי איך, אז מיט מייד־
לעך טאר מען ניט שפעקולירען. ווי זאגט מען? „מיידלעך און
פּראצענט וואקסען אייך איבער נאכט״. מאכט זיך אייך פאר־

שטעהט איהר מיך, אַ פערדל וואס וויל אייך געהן אין שפאן, קוקט אויף קיין זאך ניט, שפאנט איהם איין און פאהרט זיך מיט איהם געזונטערהייט ווי גאט האט געבאטען. און וואס שפעטער וועט זיין? דאס זאל גאט זארגען! דערווייילע איז אייך ארונטער אַ הויקער פון קאפ! הא? וואס זאגט איהר? אפשר ניט אזוי? אט, האט אייך אנוסטען, יאסע בערע זאלמענס חתונה געמאכט זיין טאכטער. מיינט איהר אַ ודאי, אז ער האט אייך געחאפט מי יודע וואס פאר אַ העכט? פע! עס הייבט זיך גאר ניט אן! איך קען גוט זיין איידעם, ער איז אַ שמענדעריק שבשמענדריקעס און זיין טאטע איז א בעל עגלה בן בנו של בעלי עגלות! וואס אבער, פרעג איך אייך, האט ער, נעבאך געקענט טהאן? זיין טאכטער איז שוין געוועזן ארייגעקראכען מיט ביידע פיס און די דרייסיגער אריין און דערצו נאך א שטיקעל בהמה אויך. נו, זאגט מיר איך בעט אייך, אויף וועלכע חשבונות האט ער אייך געהאט צו שפעקולירען? אייך, ר׳ חיים לייב, איז דאך מסתמא בעקאנט די גמרא: „בתך בגרה שחרר עבדך ותן לה״. האסטו אנ׳ערוואקסענע טאכטער, טראכט ניט פיעל, נעהם אַ האלצהעקער אַ וואסערטרעגער אַ פעצקורעס, אט וועמען דו קריגסט, אפילו דיין הויז דינער און מאך איהר מיט איהם חתונה! האט טאקע יאסע בערע זאלמענס געמאכט ווי א חכם. ער האט גענומען און איהר חתונה געמאכט מיט דעם ערשטען פערדל וואס האט זיך געלאזט אנטהאן דעם חאמעט אויפ׳ן האלז און שוין ארונטער פון מארק! דאריבער האלט איך מיך, ר׳ חיים לייב מיט די דעה, אז דער שידוך מיט׳ן אונטער שמש איז ווי אנגעמאסטען. איהר דארפט נאר זעהען צו שאפען די פופציג רובעל וועט איהר זעהן ווי עס וועט געהן ווי גע־שמירט. איהר פארשטעהט צו ניט?

— גאר אַ קלייניקייט! — רופט זיך אן ציפּע לאה מיט הארץ — אַ ווערטעל אויס צו ריידען! פופציג רובעל? דאס איז דאך גאט מיינער אנ׳אוצר מיט געלט? מיין מאנס פארדינסטען, איהר הערט ר׳ גימפּעל, קלעקט אונז קוים וואסער אויף קאַשע־ ווער רעדט שוין וועגען שפּארען פאר מיידלעך נדן? אזא מיידעל ווי אונזערע חנה פּאיע זאל לעבען דארף דער חתן נעהמען, איהר הערט, אהן אַ קאפּיקע נדן? קוקט ניט ר׳ גימפּעל וואס מיין מאן מאכט מיר ארונטער פון האנט, פּונקט ויי איך וואלט איהם שוין געווען עובר־בטל. איך זאג אייך ר׳ גימפּעל דעם ריינעם אמת. איהר פארשטעהט דאך אליין, אז איך באדארף זיך פאר אייך ניט פּראלען. וואס איך האב שכל אונטער׳ן נאגעל האבען דאס ניט צוואנציג ווייבער אין קאפּ און אין לייב און לעבען! גאר אַ נייעס! נאט אייך אַ וועק! איך פּלאַפּעל איהם גאר! ניט מעהר איך וויל מיך מיט איהם ניט קריגען, לאז איך איבער געהן מיינע! אַ טאטע פארשטעהט מיר אויף א טאכטער פּונקט ווי אַ ציג אויף אנ׳אתרוג! אַ מאמע מיט אַ טאכטער איז ווי צוויי קערפּערס מיט איין נשמה און אַ טאטע מיט א טאכטער זיינען ווי צוויי ווילד פרעמדע מענשען. ניט ער פארשטעהט איהר און ניט זי פארשטעהט איהם. דאס איז פּונקט ווי שיד־ לעוור רב רעדט אייך מיט׳ן אורדאניק אויף לשון הקודש! הא? וואס זאגט איהר? איז אפשר ניט אמת וואס איך זאג? ווי איהר זעהט מיר אַ לעבעדיגע ר׳ גימפּעל, ווען דער אונטער שמש זאל אייך אויספאהרען א האלבע וועלט וועט ער ניט געפינען נאך איינע צו איהר גלייכען. די צרה איז, ר׳ גימפּעל וואס איהר קענט ניט חנה פּאיען. פּרובירט כ׳לעבען אַ פּרעג טהאן אין שטעדטעל איבער חנה פּאיע, ציפּע לאה חיים לייב׳ס וועט איהר הערען ווי אלע וועלען אייך זאגען מיט איין קול,

אז דאס איז אַ מיידעל אַ צאצקע, וואס איז ווערט מיט גאלד צו וועגען. ווער עס וועט איהר קריגען וועט זיין א גליקליכער אייף זיין גאנצען לעבען. ער וועט האבען באצייטענס דעם גן עדן אויף דער וועלט. איהר האט פארשטאנען ר׳ גימפעל, וואס איך האב אייך געזאגט?

— אַ ודאי האב איך פארשטאנען — פארוואס זאל איך אייך עפעס ניט פארשטעהן? אבער...

— וואס אבערט איהר ר׳ גימפעל? זאגט וואס קוועטשט אייך?

— ווער זאגט דאס אייך, אז מיר קוועטשט? עס איז אבער פארט דא אַ גרויסער „אבער״!

ר׳ חיים לייב זיצט און קוועטשט מיט די פלייצעס. דער פנים פלאמט ביי איהם פונקט ווי מען וואלט איהם אקארסט גאחאפט פאר׳ן האנט לאטחענעגדיג אַ בולקע. אלע וויילע גיט ער א קוק אויף ציפע לאה׳ן און לאזט באלד ארונטער די אויגען. ער קען איהר פשוט גלייך אין פנים ניט קוקען.

— איך בעט דיר מיט גוטען, ציפע לאה — רופט זיך אן ר׳ חיים לייב מיט כעס — די זאלסט מיר אויפהערען צו פלאַפלען נארישקייטען. וואו האסטו דאס געהערט, אז אַ בחור זאל דיר נעהמען, ניט דיר ניט, ניט מיר ניט, און חתונה האבען מיט אַ מיידעל ווי זי שטעהט און געהט אהן אַ קאפיקע נדן? ער מוז דאך זיין שונא ישראל פון זינען ארונטער! בפרט נאך היינטיגע צייטען, וואו מיידלעך געהען דיר זעכצעהן אין א טו־צענט און בחורים זיינען אַ רענדעל אַ לויט. ווילסטו אז אַ בחור זאל דיר געהן מימ אַ מיידעל צו דער חופה וואס פארמאגט ניט קיין קאפיקע ביי דער נשמה? וואס דארפסטו מעהר? אַ לעפצע־דראק, אַ צוציק אַ רייפענשלעגער אַ שלח־מנות טרעגער, א שוהל

רופער, אַ פארשציק אין באד, אַ פעצקורעס געהען דיר ניט פון שטאל, חאטש גיב זיי א קריינק וואו דו זאלסט זיי ניט אַוועק לייגען חאטש אַ הונדערטער נדן — היינט ווער רעדט שוין פון אנ׳אויבער שמש? דאס איז שוין ממש מיט גאלד צו וועגען! געה שוין ציפע לאה! דו ווייסט אסור ניט וואס דו באלעמוט־שעסט! דיינע רייד האט מיר אזא ממשות ווי פאריאהריגער שניי! דו פארשטעהסט צו ניט?

— איך בין טאקע מישטיינס געזאגט — רופט זיך אן ציפע לאה ברוגזלעך—גיט מעהר ווי אַ נאריישע אידינע. אבער דו מיין מאן האלטסט זיך דאך פאר אַ וועלט חכם נו, זאג אדרבא, איך בין טאקע אַ בעלן צו הערן, פון וואנען אַ שטייגער קענסטו דאס מיר צוזאמען שארען אַ פופציגער? נאט אייך אוועק דער פינטע נגיד מיינער! מיט אַ מאל הייבט ער מיר גאר אן צו שיטען פון אלע זייטען מיט פופציגערס!

— הער ציפע לאה!—גיט ר׳ חיים לייב זיך אַ בייזער— ווילסטו מיט מיר ריידען ווי אַ מענש, איז גוט, אַ ניט — הייב איך מיך באלד אויף און געה מיר גאר אַוועק! קענסטו מיר ניט זאגען, ווען איך האב דיר דאס אנגעהויבען צו שיטען פון אלע זייטען מיט פופציגערס? אַ סך פופציגערס האב איך דיר צו שאטען? טא וואס האקסטו מיר אַ קאפ מיט פופצי־גערס? וואס עס איז ניט געשטויגן און ניט געפלויגען?

— איך זאג דיר, חיים לייב איין מאל פאר אלע מאל, דו זאלסט זיך אקארשט ניט איינריידען, אז דאס איז אַ דריי־דעל אין דער גמרא. פופציג רובעל איז פופציג רובעל ניט קיין טעפעל ציגענע שאלעכץ. געדיינק וואס איך זאג דיר! ווען מירביידע זאלען אפילו זיך פארקויפען פאר סאלדאטען וועלען מיר אויך ניט קענען, דו פארשטייסט צו ניט, צוזאמען

מאכען פופציג רובעל מיט איין קלאפ! איך האב געזאגט און וועל זאגען, אז אַ אונטער שמש וואס פארדינט ניט מעהר ווי אַ רובעל מיט דרייאונצוואנציג קאפיקעס אַ וואך און האט דיר אַ טאטען אַ פערד־בייטער דארף נעהמען חנה פאיען ווי זי שטעהט און געהט! אונזערער יחוס, דארפסטו ניט פארגעסען איז ווערט אַ סך מעהר ווי פופציג רובל! הא? וואס? אפשר ניט אזוי? נאר אז דו ביסט מיר אזא פייגער מאן און דו ווילסט איהם געבען פופציג רובעל נדן אך, מהיכא תיתי! מיט'ן גרעסטען כבוד! אז דיר איז רעכט איז מיר ניחא! איך וועל דיר אַ ודאי ניט שטערען! גיב איהם פון מיינעטוועגען אפילו אַ הונדערטער אויב דו ווילסט נאר!

ר' חיים לייב חאפט דעם פינגער אין מויל אריין, פאר־קוועטשט די אויגען און פארטראכט זיך שטארק. מיט אַ מאל גיט ער זיך אַ הייב פון ביינקעל, חאפט אַ קוק אויף ציפע לאה'ן און רופט זיך אן מיט שמחה:

— הער זיך צו מיין ווייב! איך האב דיר אַ טייערען פלאן ווי אזוי מיר זאלען קענען לייכט ווי אַ האר פון מילך צו זאמען נעהמען די פאר גראשען.

— זייט מוחל ר' גימפעל, נעהמט אַ שטיקעל קרייד, איך וועל זאגען און איהר וועט שרייבען אויפ'ן וואנט! ראשית חכמה האפען מיר און מיר פארקויפען די ציג. אונזער ציג דארפסטו וויסען זיין—איהר מעגט ר' גימפעל אויך הערען— איז דיר אַ מציאה ווי פון אַ גנב, אַ שטארקען פינפערל, ניט קיין קאפיקע ווייניגער! הא, וואס זאגסטו? אפשר ניט אזוי? טו, זייט מוחל ר' גימפעל, לייגט אקארשט אַ וועק פינף רובעל פאר די ציג. איצטער אז מיט די ציג זיינען מיר שוין ברוך השם פארטיג, טא נאמיך זיך אַ נעהם טהאן צו די מעשענע

שטויסעל. וואס דיינקסטו ציפּע לאה, וויפיעל אַנ'ערך איז אין דיינע אויגען ווערט אט די מעשענע שטויסעל?

— פרעג מיר בחרם! — רופט זיך אָן ציפּע לאה ברוגז'־לעך — איך זאל אזוי, טאטע זיסער, ריין זיין פון שלעכטס, ווי איך ווייס וויפיעל די שטויסעל איז דיר ווערט! וואס מיינסטו הא? איך האב דיר אַ פאבריק פון שטויסלען? אדרבא, זאג דו וויפיעל די שטויסעל איז ווערט! דו ביזט דאך עפּעס אַ מענש, קאטארי וואס האט אַ מאל געפיהרט גרויסע געשעפטען מיט בשמים־שמעקערס, מיט אתרוגים, מיט שיר המעלות'ן, מיט הבדלה־ליכט, מיט שמורה־מצות, מיט צוריבענע חריין און מיט וואס ניט? דורך דיינע הענט האט זיך דאך שוין דורכגע־שאטען כל מיני געשעפטען, דארפסטו דאך עפּעס מיר זיין אַ מבין אויף אַ שטיקעל סחורה! וואס זאגט איהר ר' גימפּעל, האב איך רעכט צו ניט?

— איך מיין — רופט זיך אָן ר' חיים לייב מיט אַ זי־כערען טאָן — אז אַ רובעל מיט 21 קאפּיקעס וועט מען קע־נען האפען פאר איהר אפילו בלינדערהייט!

— זייט אזוי גוט ר' גימפּעל, לייגט אַ וועק אויף מיינע אחריות אַ רובעל מיט 21 קאפּיקעס! איצטער ציפּע לאה נאמיך פּראבירען זיך אַ נעהם טהאן צו די אנדערע חפצים. קודם כל, דערלאנג אַ הער דעם מעשענעם קראַן, וואס דו האסט פאריאהרען געפונען. נאכדעם זאלסטו מיר אריינברייינגען דעם קוימען פון סאמאוואר, די גלעזערנע צוקער־פּושקע, דעם בשמים־שמעקער, דעם חנוכה־לעמפּעל, די קופּערנע קענדעל, די ביינערנע הענטעל פון מיין זיידענס שטעקען, די רעדלעך פון אונזער אמאליגען וועק־זייגער, דעם קייזערס פּארטרעט און הייס חנה פאיען, זי זאל מיר אריינקייקלען די שטופּע אין

שטוב אריין, מחמת איך וויל אז ר׳ גימפעל זאל די שטופּע באקוקען פון אלע זייטען. אונזער שטופּע, דארפסטו וויסען, איז שוין איין מאל אַ שטופּע! עס איז נאך ניטא קיין פולע ניין יאהר ווי מיר האבען איהר איינגעהאנדעלט (שטופּע — דאס איז אַ גראבער קלאץ אויבען אויסגעשניטען אַ לאך וואו מען פלעגט אין דעם שטויסען גאגעלעך (גערשטען) צו שטעלען אין טשאלענט.

— נו, ר׳ גימפעל! וואס איז נאך אייער שכל נאך ווערט אט די אלע חפצים?

ר׳ גימפעל בעקוקט יעדע זאך באזונדער. א לאנגע צייט איז ער געבליבען שטעהן ביי די צוויי אנטיקען: די רעדלעך פון זייגער און דעם צאר׳ס פארטרעט, מחמת אויף אזעלכע חפצים זאגט ער, זיינען שטענדיג דא ווייניג בעלנים.

צום סוף רופט ער זיך אן מיט א זיכערן טאן:

— נאך מיין שכל נאך, ר׳ חיים לייב, וואלט איך זאגען, או אלץ מיט אנאנדער, שוין אריינגערעכענט די ציג אויך, איז אייך ווערט אַ קימא־לן פון 25 רובעל מיט 23 קאפּיקעס, ניט אַ גראשען ווייניגער! הא? וואס זאגט איהר, ר׳ חיים לייב? אפשר ניט אזוי?

— נו, זעהסטו ציפּע לאה — רופט זיך אן ר׳ חיים לייב מיט אַ פרעהליכען פנים — אט האסטו מיר שוין אַ פינף און — צוואנציגער! זאג אדרבא, דארף מען זארגען? גאט איז א פאטער ער פארלאזט קיינעם ניט!

ציפּע לאה איז געווארען אויסער זיך. צוויי טרעהרען ווי צוויי גרויסע בריליאנטען האבען זיך באוויזען אין איהרע אויס־געלאשענע אויגען און קוקט ר׳ חיים לייבען גלייך אין פנים אריין ווי איינער זאגט: ער איז אַ מאנסביל! איהם קימערט

אַ סך אז די שטוב בלייבט ליידיג אדער ניט. זיין קאפּ איז טאג און נאכט אריינגעטהאן אין דער גמרא. און דארטען, אין דער גמרא הייסט עס, געפינט ער אלץ מיט אנאנדער: הייזער מיט ברייזער, מיט שטויסלען, מיט שטופּעס און וואס ניט? אפילו פויגעל מילך פעהלט איהם ניט דארטען. איך אבער בלייב זיטצען, ניט אויסגערעדט זאל זיין, צווישען די פיער ליידיגע ווענט און וועל ניט האבען אין וואס אפילו אביסעל קאנייל אדער אַ ביסעל פעפער צו צו שטויסען.

אַ טיעפער קרעכץ רייסט זיך אַרויס פין איהרע אנגע־וועהטיגטע ברוסט און בלייבט הייגען אין דער לופטען. מיט אַ מאל רופט זי זיך אן צו ר' חיים לייבען:

— זאג מיר למדן מיינער, פון וואנען א שטייגער וועסטו דאס מיר נעהמען דעם אנדערן פינף־און־צוואנציגער? ציגען מיט שטויסלען מיט שטופּעס איז שוין ברוך השם מעהר ניטא און ווען מיר זאלען אפילו פארקויפען, זיו הערסט חיים לייב, דעם לעצטען קישען פון צוקאפּענס זאג איך דיר, וועלען מיר אויך ניט קענען צוזאמען פלעכטען פינף־און־צוואנציג רובעל! גזלן איינער! פארוואס האסטו מיך זיך עפּעס פארוואלט צו געהן געבען דעם אונטער־שמש פופציגער'ס? פארוואס האלטסטו ניט בעסער מיט מיר? אט ווי איך זאג איז ריכטיג אויף אַ האר: ער דארף נעהמען חנה־פּאיען אהן אַ קאפּיקע נדן! דו פאר־שטעהסט צו ניט?

ווי אנ'אונטער געהאקטער בוים פאלט ר' חיים לייב אין קאנאפּע אריין, הייבט אן הארציג צו זינגען דעם טרויעריגען נגון פון כל־נדרי און ווערט פארזונקען טיעף, טיעף אין ערענסטע געדאנקען. לאנגזאם הויבט ער אויף די קאפּ, ווישט זיך אפּ די

שווייס פון שטערען און רופט זיך אן מיט אַ טיעפען קרעכץ פון הארצען:

— איך וועל דיר זאגען ציפּע לאה דעם ריינעם אמת. וואס האב איך מיך דא פאר דיר זיך צו שעהמען! איך ווייס טאקע אליין ניט, פון וואנען א שטייגער זאלען מיר נעהמען דעם אנדערן פינף־און־צוואנציגער. סיידען דער גלח זאל דיר געהן און פארלירען אַ בייטעל מיט געלט און איינער פון אונז זאל דאס געפינען.

— הער מיין מאן! — מאכט ציפּע לאה מיט הארץ — פון גמרא דריידלעך און פון ניסים וועסטו אפילו אַ קאפּיקע ניט האבען. היינטיגע צייטען, פארשטעהסטו מיך, איז קיין ניסים ניטא. ווען דו וואלסט אבער מיר פאלגען וואלט איך דיר וויי־זען, דו הערסט, ווי מיר קענען האבען פינף־און־צוואנציג רובעל לייכט ווי אַ האר פון מילך, אַפילו אַ האהן זאל ניט קרעהען. דו דארפסט מיר נאר פאלגען, האסטו דיר די פינף־און־צוואנציג רובעל אהן צרות אהן קאפּ דרעהעניש און דו פארשפּארסט זיך צו פארלאזען אויף גלחים מיט בייטעלעך געלט.

ר׳ חיים לייב שטעלט אויס אַ פּאר אויגען אויף ציפּע לאה׳ן און רופט זיך אן מיט אנ׳ערנסטען פנים:

— איך פאלג דיר ציפּע לאה! זאל היינטיגען מאל איבער־געהן מיינע! נו, זאג מיר שוין, איך בין טאקע אַ גרויסער בעלן צו וויסען ווי אזוי דו קענסט דאס מיר קריגען פינף־און־צוואנציג רובעל לייכט ווי א האר פון מילך אפילו א האהן זאל ניט קרעהען?

גאר פשוט! — ענטפערט ציפּע לאה מיט א זיכערן טאן נעהם און חאפּט זיך אריבער צו דיין פעטער קיין קאוונע. לייטע זאגען אויף איהם, ער איז אזוי רייך, אז ער ווייסט אליין

ניט פון זיינע עשירות. דו געדיינקסט וואס די מאמע עליה השלום פלעגט זאגען „ווען מען דארף חתונה מאכען א טאכטער— גראבט מען אויס פריינד ווי פון אונטער דער ערד״ אז דו ווערסט קומען אהין און די ווערסט פאר איהם פונאנדער לייגען די גאנצע מעשה פון אנהייב ביז׳ן סוף, גיב איך דיר מיינע ביידע הענט, אז ער וועט דיר ליידיג ניט ארויסלאזען. ביי איהם, דו הערסט, האט אזא ווערדע פינף־און־צוואנציג רובעל ווי וואס זאל איך דיר זאגען? אט טאקע ווי ביי אַ קאזאק אַ רוסישען מי שברך!

— געה שוין! געה שוין! — גיט אברהם לייב א מאך מיט׳ן האנט — דו פלאפעלסט נארישקייטען! דו קענסט ניט מיין פעטער. איך אבער קען איהם, ווי מיינע פינף פינגער! ער וועט זיך בעסער לאזען דו הערסט ביידע הענט אפשניידען איידער זיך צו שיידען מיט א קאפיקע! געדיינקסטו ווען די גאנצע שטעדטעל קראקינאווע איז ניט פאר איצטער געדאכט אַ וועק מיט׳ן רויך און שרה מלכה זיינס א לייבליכע שוועסטער־קינד איז א וועק געפאהרען צו איהם, ער זאל איהר העלפען מיט עטליכע רובעל, זי זאל זיך קענען צוריק אפבויען, איז דער דבר־אחר ארויף געפאלען אויף איהר מיט אזא מויל, אז ער האט איהר פשוט געוואלט צו רייסען לעבעדיגערהייט? „קראקינאווער נשרפים. האט ער געוואלדעוועט, גיט ער קיין קאפיקע ניט, זיי זיינען מיר ניט קראנק געוועזן — אזוי האט ער גע׳טענה׳ט — צו דעקען די דעכער מיט שינדלען אזוי ווי מיינע הייזער זיינען געדעקט ניט מיט פאסקודנע שטראה, וואלט די שטעדטעל ניט אפגעברענט״! דער סוף איז געוועזן, זי איז אוועקגעפאהרען פון איהם מיט א צעבראכענע הארץ און האט נעבאך נאך צו געבאקען דריט האלבען רובעל, די פוהר געלט

וואס האט איהר געקאסט פון קראקינאווע ביז קאוונע. נו, מיינסטו צו זאגען, אז אזא דבר־אחר וועט דיר געהן נעהמען און מיר געבען פינף־און־צוואנציג רובעל? איך זאג דיר ציפע לאה — לאזט אויס ר׳ חיים לייב מיט א קרעכץ — איך גלויב גיכער, אז די לבנה איז דיר געמאכט פון וואליכשע קעז איידער צו גלויבען אז מיין פעטער וועט זיך שיידען מיט פינף־און־צוואנציג רובעל. איך האב שטארק מורא, אז אויף דער גאנצער וועלט איז ניטא נאך אזא פּאַסקודנער דבר־אחר ווי ער! עס איז ניט געוועזען און עס וועט ניט זיין!

— הער זיך צו מיין מאן — רופט זיך אן ציפע לאה מיט א זיפץ — פאלג מיר און פאהר! זאג מיר, איך בעט דיר, וואס ועסטו מיר דא צו לייגען? ממה נפשך: וועט ער דיר געבען — איז דאך אַ ודאי רעכט! אלא וואס דען? טאמער ניט? נא דיר מיין האנט, אז ער וועט דיר געבען! דו דארפסט נאר פאהרען!

— געדיינק ציפע לאה וואס איך זאג דיר! — רופט זיך אן ר׳ חיים לייב מיט אַ טרויעריגען פנים — איך פאלג דיר! איך פאהר! אבער דו זאלסט וויסען זיין, אז די פינף רובעל פוהר געלט וואס דארף קאסטען פון דאנען ביז קאוונע איז ווי אויף דרויסען ארויס געווארפען! דו וועסט זעהן, געדיינק מיין ווארט! איך וועל דיר צוריק קומען מיט׳ן בייטש און נאך מיט אַ הארצוועהטאג אַ פארבראקעכץ! דו פארשטעהסט צו ניט?

דא האט זיך ארייגעמישט ר׳ גימפעל און גענומען צו שטעהן צו ר׳ חיים לייבען ער זאל פאלגען זיין ווייב. איך האב אליין געזעהען — מאכט ער — אז אַ קרוב איז געקומען בעטען ביי אַ פריינד, אויך אזא דבר־אחר ווי אייער פעטער און אפשר נאך א גרעסערער ווי ער, ער זאל איהם ארויס

העלפען מיט עטליכע רובעל חתונה צו מאכען זיין טאכטער, האט דער דבר אחר, איהר הערט וואס איך זאג אייך? איהם פארט ניט ארויסגעלאזען מיטליידיגע הענט. איהר דארפט ווי־סען, ר׳ חיים לייב, אז אַ דבר־אחר צו הולעט זיך קען ער אייך אַ וועק געבען די לעצטע העמד פון לייב, נאר די צרה איז וואס ער צו הולעט זיך ניט!

ר׳ חיים לייב האט זיך געלאזט איבער ריידען און גע־נומען זיך גרייטען אין וועג אריין. האט געפאסט אלע מאנטאג און דאנערשטאג, אז גאט זאל איהם מצליח זיין, ער זאל ביי זיין פעטער נושא חן זיין.

איין פריה מארגען ווען ר׳ חיים לייב איז געקומען פון דאווענען געפינט ער ווי דער בעל עגלה שטעהט שוין פאר׳ן טיר און ווארט אויף איהם, ער זאל זיך ארייגזעטצען פאהרען. חנה פאיע האפט אַ טעפעלע הייסע ציקאריע מיט אַ שטיקעל האלב זיידענע ברויט, שטעלט עס אַ וועק אויפ׳ן טיש, אַז ר׳ חיים לייב זאל דערוויילע אביסעל איבער האפען דאס הארץ. ציפע לאה ציעהט ארונטער אַ ציכעל פון אַ קישען און פאַקט אינעווייניג אריין אַ פאר בייגעל׳ אַ ציגענעם קעזעל, עטליכע רעטעכלעך, אַ פלעשעל קוואס זיך אפּ צו האפען דאס הארץ. חנה פאיע פאקט צו עטליכע אפגעבאקענע קארטאפעל מיט אַ זעקעלע אפגעקאכטע באב. ציפע לאה נעהט דעם פעקעל מיט אלץ מיט אנאנדער, געהט צו צום וואגען און רוקט עס ארונ־טער טיעף אונטער די היי. אז די פלעשעל קוואס זאל חלילה ניט צו בראכען ווערען.

ר׳ חיים לייב קומט פון שטוב ארויס, נעהמט זיך געזעגנען מיט אלע קרובים וואס זיינען געקומען איהם ארויסלאזען. ביי ציפע לאה ווערט דאס הארץ צוריסען פון צרות און יסורים,

אז איהר מאן דער למדן, דער וועלט חכם, וואס מיט איין דרעה מיט'ן פיגגער לייגט ער אַ וועק אויפ'ן בויך די גרעסטע קלאץ קשיא, דארף אנקומען צו אַ פעטער אַ גראבען יונג און דערצו נאך אַ דבר־אחר שבדבר־אחר'ס. אלע ווײלע הערט איהר ווי עס רייסט זיך אַ טיעפער זיפץ פון איהר אנגעוועהטיגטע ברוסט ארויס, איהר פאַרטוך רוהט ניט קיין מינוט. אט טראגט דאס צו צום נאז גיט אייך אַ וויש און אט ווײנט דאס ווידער.

— זייט געזונד!

— פאהרט געזונד ר' חיים לייב! גאט זאל אייך מצליח זיין אין אייער וועג!

דער שמש געהט צו צו ר' חיים לייבען, רוקט איהם אריין אַ קאפיקע אין האנד אריין און זאגט איהם אן: ער זאל למען השם דאס אַ וועק געבען אין קאוונע דעם ערשטען ארעמאן, וואס ער וועט אנטרעפען.

(אויב איהר ווילט וועל איך אייך ערקלעהרען וואס פאר אַ חכמה עס ליגט אין דעם שמש מאכערייקע: דאס איז, דארפט איהר וויסען אַ טייערע סגולה געגען גזלנים, מחמת „שלוחי מצוה אינן נזוקין", דאס הייסט, אז מען פאהרט טהאן אַ מצוה טאר אויפ'ן וועג קיין אונגליק ניט טרעפען און אזוי ווי דער שמש דערלאנגט ר' חיים לייבען אַ קאפיקע און בעט איהם, ער זאל דאס אַ וועק געבען אין קאוונע דעם ערשטען ארעמאן, וואס ער וועט אנטרעפען, הייסט שוין ר' חיים לייב אַ „שליח מצוה" און אויף אַ שליח מצוה, איהר פארשטעהט צו ניט, האט אַ גזלן קיין שליטה ניט, ווי ער קומט נאר צו צום וואגען נעהמט איהם באלד אפ העגד און פיס. ער בלייבט שטעהען ווי פאראלאזירט און קען זיך פון ארט ניט ריהרען. ר' חיים לייב האט דאמאלסט די פולע רעכט אויס צו שטעקען דעם

גזלן א פייג אונטער׳ן נאז מיט אַ קוש מיר! אַ צוגאב און ער פאהרט זיך ווייטער. אט אזא גבורה, איהר פארשטעהט, ליגט אייך אין דעם שמש קאפיקע).

דער בעל־עגלה האט מכבד געווען דעם פערדעל מיט אַ נישקשע׳דיגען שמיץ. ווי דער פערד האט זיך נאר געגעבען אַ ריהר, איז שוין ר׳ חיים לייב מיט אלץ מיט אנ׳אנדער געווען הינטערן שטעדטעל.

אַ צייט האט ציפע לאה נאכגעקוקט ווי דער וואגען לאזט זיך לאנגזאם, לאנגזאם אונטערן בארג און ווערט מיט אַ מאל פארשוואונדען.

ווי ר׳ חיים לייב איז אנגעקומען אין קאוונע האט ער זיך באלד צו פרעגט אויפ׳ן פעטער. מען האט איהם אנגעוויזען אויף אַ הויכען ווייסען מויער הארט נעבען פאסט. דארטען וואהנט נחום שטיינהארץ, זיין פעטער הייסט עס.

ווי ער איז צוגעקומען צו זיין הויז איז ער געבליבען שטעהן ווי פאראלאזירט. אַ אונבעוואוסטזיניגער שרעק איז איהם באפאלען און קען ווייטער קיין טריט ניט שטעלען. ער בארו־היגט זיך אַ ביסעל, געהט צו פאמעלעך צום טיר, גיט לאנגזאם אַ דריק די קלאמקע און לאזט זיך פאזאכט אין שטוב אריין.

ווי נחום שטיינהארץ האט דערזעהן חיים לייבען איז איהם געווארען פינסטער אין די אויגען. ער האט זיך באלד אנגע־שטויסען מיט וואס דאס שמעקט. שטעקט איהם אפ אַ קאלטען שלום עליכם און בעט איהם ניט אפילו זיך זעטצען. ר׳ חיים לייב מאכט זיך הארץ, נעהמט ניט געפרעגטערהייט און געהט צו פאמעלעך צו אַ גרויסען פלושענעם שטוהל וואס איז געשטא־נען אין אַ ווינקעל און וויל זיך אַ וועק זעטצען. מיט אַ מאל דערלאנגט ער אייך אַ פאל אין שטוהל אריין און נעהמט זיך

צאפּלען ווי אַ פיש אין וואסער. אט הויבט ער זיך אויף אין דער הויך און אט לאזט ער זיך ארונטער און נאך אַ מאל דאס אייגענע. פון שרעק איז איהם באלד ארויסגעפּאלען די נשמה אַ פּנים נאך ניט געוואהנט געווען צו זיטצען אויף אַ ביינקעל מיט ספּרוזינקעס. ביסלעכווייז מאכט ער שלום מיט׳ן שטוהל, הוסט זיך אַביסעלע אויס, חאפּט אַ קוק אויף זיין פּעטערס גראבע בויך און געהט ארויס מיט׳ן לשון און היות ווי ער שרעקט זיך מיט אַ מאל אויס צו זאגען וועגען וואס ער איז דא געקומען, הייבט ער אָן ריידען מיט זייטיגע וועגלעך און שטאמעלט זיך אונטער אַ ביסעל:

— איהר ווייסט פּעטער לעבען? עס איז ריכטיג ווי גאלד וואס די וועלט זאגט: „אנ׳אקס האט אַ לאנגע צונג און קען ניט בלאזען קיין שופר. דהיינו, אנטגעגען וואס זאג איך דאס? אט טאקע געגען זיך אליין! וואס איך מיין צו זאגען — מיין איך דאס צו זאגען, אז פאר אַ פרעמדען מענשען מוז מען האלטען דעם צונג צווישען די ציינער. אַ פרעמדער צו טראגט אייך באלד אויף טעלערלעך. יעדער איינער לייגט אייך צו אַווארט און פון אַ ווארט ווערט אַ קווארט. די קווארט נעהמט נעהמט אייך באלד רינגען און עס צוגיסט זיך איבער די גאנצע שטעדטעל. פאר אנ׳אייגענעם אבער איז גאנץ אנדערש! פאר אנ׳אייגענעם פארשטעהט איהר מיך, מעג מען עפענען דאס הארץ און ריידען אלץ וואס מען וויל און אז מען רעדט זיך אויס, איהר פארשטעהט צו ניט, ווערט טאקע אביסעל לייכטער אויפ׳ן הארצען. דאריבער פּעטער, וואלט איך מיך טאקע וועלען זיך אויסריידען מיט אייך, איהר זאלט מיר געבען די ריכטיגע עצה!

ווי נחום שטיינהארץ האט דערהערט, אז ר׳ חיים לייב פארלאנגט פון איהם ניט מעהר ווי אנ׳עצה, איז ער אייך גע־

ווארען גוט, קיין קאטאוועס און רופט זיך אן מיט אַ פריינד־ליכען פנים:

— אך! מהיכא תיתי! אדרבא ואדרבא! פאר וואס עפּעס ניט? אנ׳עצה פארשטעהסטו מיך, זשאלעווע איך קיינעם ניט בפרט נאך אנ׳אייגענעם. ווי זאגט די וועלט? „אנ׳עצה און אַ דאנק נעהמט מען פון קעשענע ניט ארויס״! זאג מיר חיים לייב דהיינו, וואס פאר אנ׳עצה וואלסטו דאס וועלען, אז איך זאל דיר געבען?

— עס רעדט זיך אזוי אנ׳עצה — רופט זיך אן ר׳ חיים לייב אַ ביסעל דערשראקען — אין דער אמת׳ן גערעדט בין איך געקומען צו אייך מכח עפּעס אנ׳אנדערע זאך, נאר אין איין גאנג וואלט איך וועלען פרעגען אויב עס איז ניטא עפּעס אַ זייטיגער וועגל, מען זאל קענען קומען אין שידלעווע מיט אַ טאג פריהער? מחמת מיין ווייב ווארט דארטען אויף מיר סכנת נפשות. זי וואלט שוין וועלען הערען וואס גיכער די גוטע בשורה וואס איך וועל איהר ברייגנען.

די מעשה איז אזוי פעטער!

איך האב אַ טאכטער זאל לעבען, חנה פאיע הייסט זי, נאך אייער שוועסטער עליה השלום. ווי פאר אייך זאגענדיג האט זי שוין לאנג אריבערגעשפּרייזט די דרייסיגער און וועגען איהר שעהנקייט איז גלייכער אז מען שווייגט בעסער, נאר די צוויי חסרונות בין איך אייך שוין מוחל. איז זי אייך נאך דערצו ניט אויסגערעדט זאל זיין ניט דערגאנגען און ניט דער־פאהרען. קום איך ניט היינט — קום איך מארגען הייסט עס. פארוואס גאט האט מיר געשטראפט מיט אזא שטיקעל סחורה— ווייס איך אסור ניט: ווער קען איך בעט אייך, פארשטעהן דעם אויבערשטענס דרכים? הא? וואס זאגט איהר? אפשר ניט אזוי?

איז דאָך אָבער דאָ זכות אבות? מאַכט זיך אַ מעשה, עס לאָזט זיך אַראָנטער פֿון העלער הױטן ר׳ גימפּעל דער שדכן. איהר האָט אַ ודאַי געמוזט הערען פֿון ר׳ גימפּלען. דאָס איז אַ װעלט שדכן מיט אַ געװאַלטיגע שאַרפֿע אױג. ער פּאַסט אײך צו אַ שידוך אַזױ קונציג, אַז דער בחור מיט די מײדעל קוקען אײך אױס אַקוראַט װי פֿון אײן שטיקעל טײג אױסגעקנאָטען! ער לײגט מיר פֿאָר אַ שידוך מיט׳ן װידוקלער אונטער־שמש. דער שידוך מוז איך אײך זאָגען, איז פֿאַר מײן טאָכטער װי אָנגעמאָסטען. איך דאַרף אײך דאָך, פֿעטער ניט אַרײנלײגען אין מויל אַ רײן אַז אױף אַזאַ פֿאַרלעגענע שטיקעל סחורה מוז מען פּאַקען דעם ריכטיגען קונה. פּאַקט מען דעם קונה — מוז מען האַלטען אָנ׳אױג אױף איהם, אַז אַנאַנדערער זאָל איהם חלילה ניט אױסכאַפּען. קנאַפּ פֿאַרלעגענע מײדלעך זײנען אײך דאָ? און פֿאַר אַזעלכע מײדלעך איהר הערט פֿעטער, איז דער װידוקלער אונטער שמש װי אַן צימבעל אַרײן! קורץ און גוט, װאָס זאָל איך אײך דאָ פֿיעל בערײען? דער שידוך איז אַ גליק־שידוך, ממש װי פֿון הימעל אַראָנטער געפֿאַלען! נו, מילא אַלץ װאָלט שױן רעכט געװען, איז אָבער די אַ ״ױהי״. אַ פֿלעקעל שטעקט מיר אין מיט׳ן ראָד און לאָזט װײטער ניט פֿאָהרען: דער אונטער שמש פֿאַרלאַנגט אײך, מען זאָל איהם אָפּצײלען פֿופֿציג רובעל נדן! אַלץ װאָס איך האָב געהאַט אין שטוב האָב איך שױן פֿאַרקױפֿט, עס איז פֿאַר מיר מיט מײן װײב, ציפּע לאה הײסט זי, קײן האָר ניט געבליבען. מיט צרות, מיט מאַטערניש, האָב איך צוזאַמען געקראַצט פֿינף־און־צװאַנציג קאַרבאַנצעס, פֿעהלט מיר, הײסט עס, דער צװײטער פֿינף־און־צװאַנציגער. בין איך טאַקע געקומען צו אײך פֿעטער, איהר זאָלט רחמנות האָבען אױף מײן טאָכטער און מיר אַרױסהעלפֿען

מ׳ט די פּאר גראשען, איך זאל קענען דעם שידוך צו וועגען בריינגען. איהר האט דאך מסתמא, געהערט פעטער, וואס די גמרא זאגט: כל העושה מצוה אחת בעוה״ז מקדמתו והולכת לפניו בעה״ב. נו, דארף מען האבען אַ גרעסערע מצוה ווי הכנסת־כלה?

ווי אנ׳אבגעבריהטער גיט נחום שטיינהארץ אַ שפּרונג פון שטוהל און אַ געשריי אויפ׳ן קול:

— „דו שווינדלער! דו שידלעווער גנב! דו בעזבוזשניק איינער! דו האסט אַ טאכטאר אַ צרה, אַ שלאק, אלט ווי תרח און ווילסט איהר ארייגרוקען דעם ווידוקלער אונטער־שמש. ער זאל האבען זיין גאנצען לעבען זיך צו קראטצען און פאטשען, ביזטו דאס אומישנע געקומען צו מיר איך זאל דיר העלפען איהם באגראבען! וואס מיינסטו? איך האב שוין גאר קיין גאט ניט אין הארצען? וואו איז דאס, טאטע זיסער, געהערט געוואָ־רען צו וועלען ארייגרוקען אַ אונטער־שמש אַ דודע, ער זאל האבען זיין גאנצען לעבען צו זינגען און צו זאגען? הער חיים לייב! זיי מוחל, פאהר מיר געזונטערהייט אַ היים און לאז מיר געמאך! איך גיב קיין קאפּיקע ניט! באגראבען אַ אונטער־שמש— דאס קענסט דו, אבער ניט איך״!

ווי ר׳ חיים לייב האט דערהערט אַ זעלכע דבורים איז ער גאוואָרען אויסער זיך און ארויף אויף זיין פעטער מיט אַ מויל:

— סטייטש? וואו איז דאס געהערט געוואָרען, אז אויף אַ ווילד פרעמדען מענשען וואס ער קעהרט זיך מיט אייך גאר ניט אן, האט איהר מיט אַ מאל געקראגען אויף איהם אזא רחמנות, אז עס צוגעהט אייך דאס הארץ פון גוטסקייט און מיין טאכטער, וואס זי איז אַ לייבליכע קרובה גיט אייך גאר

קיין צעפּע ניט, וואס זי וועט דארפען בלייבען זיטצען ביז'ן גראהען צאפּ? דאכט זיך, אז זי איז עפּעס אַ ביסעל בילכער פאר'ן אונטער שמש! און זאגט מיר פּעטער, ווייניג מענשען זיינען אייך דא אויף דער וועלט, וואס האבען זיך צו קראַט־צען פון זייערע ווייבער? נו, מה הרעש, אז עס וועט אייך צו קומען אין ווידוקלע נאך אַ קראטצער? זעהט פּעטער, איך בעט אייך, מאכט זיך נאר ניט פאר מיר חזיר־פיסעל־כשר! וואס, איך קען אייך ניט ווער איהר זייט? פאר אַ קאפּיקע וועט איהר זיך דאך שמד'ן אין איינעם מיט אייער גאנצע פאמיליע! נאט אייך אַ וועק, גאר אַ נייעס! אַ פּראצענטניק וואס עסט אבר מן החַי (רייסט די הויט פון לעבעדיגע) ווערט מיר מיט א מאל אַ בעל רחמים! ווי קומט, איך פרעג אייך, אַ קאזאק צו אנ'אתרוג? און אויב עס איז טאקע אמת ווי איהר זאגט, אז איהר האט רחמנות אויפ'ן אונטער שמש – ווינש איך אייך פון גרונט הארצען, גאט זאל געבען אַז איבער אַ יאהר, און אויב גאט וויל, מעג זיין אפילו וויינינגער ווי אַ יאהר, איך וועל איהם געוויס ניט אפּהאלטען, זאל דער אונטער שמש ווערען דער חתן פון אייער טאכטער. וואס שפּיעלט דארטען אין קאמער פּארטאפּיאנע!

ר' חיים לייב האט דערלאנגט אַ שפּייי אן דער ערד, אַ קוש די מזוזה און ארויס פון שטוב.

אז ר' חיים לייב איז געקומען צו פאהרען אַ היים מיט'ן בייטש, מיט ליידיגע הענט הייסט עס, איז אין שטוב געווארען אַ יללה. ציפּע לאה האט גענומען זיך רייסען די האר פון קאפּ און יאמערן אויפ'ן קול: אוי! וועה איז מיר! אוי ווינד איז מיר! וואס טהוט מען, וואס טהוט מען? וואס פאנגט מען אן צו טהון? אזא טייערער שידוך זאל זיך ארויס גליטשען פון אונ־

זערע הענט איבער בידנע פינף־און־צוואנציג קארבען! עס איז דאך ממש געוואלד צו שרייען, אז אַ לייבליכער פעטער, וואס איז רייך ווי קרח זאל דיר האבען אזא פארשטיינערטע הארץ, עס זאל איהם גאר קיין צעפּע ניט געבען, וואס אונזער חנה פאיע וועט דארפען פארזיטצען ביז׳ן גרויען צאפּ!

וואס זאל איך טהאן ציפּע לאה? – ענטפערט ר׳ חיים לייב מיט אַ טרויעריגען פּנים. דאביי ווישט ער זיך מיט׳ן פּאלע די אויגען – דו ווייסט גאר ניט ווי איך האב מיך אויסגעריסען מיינע לונגען טענה׳נדיג מיט איהם. דער דבר אחר אבער איז דיר געבליבען איינגעשפּארט האטש געה גיב איהם אַ קריינק! ער האט רחמנות אויפ׳ן אונטער־שמש און פארטיג! געה טהו איהם וואס רוף איהם קאטער אויב דו ווילסט! צום סוף, דו הערסט ציפּע לאה, האב איך דיר מיט איהם זיך גוט אפּגעַ־רעכענט. איך האב איהם דערלאנגט מיט א פּסוק אין זייט אז ער וועט מיר האבען צו געדיינקען זיין גאנצען לעבען.

– וואס אַ שטייגער האסטו איהם עפּעס אזוי געטהאן? – פרעגט ציפּע לאה נייגעריג.

– פרעג גאר ניט! איך האב איהם אריינגעזאגט גלייך אין פּנים אריין, אויב עס איז טאקע דער ריינער אמת ווי ער זאגט, אז ער האט רחמנות אויפ׳ן אונטער שמש, ווינש איך איהם פון גרונט הארצען, אז איבער אַ יאהר זאל דער אונטער־שמש אנקומען ביי איהם פאר אנ׳איידעם! דאביי האב איך דערלאנגט אַ שפּיי גרויס ווי עוג מלך הבשן און בין ארויס פון שטוב.

– ניט לאנג קריינקט ער – גיט ציפּע לאה אַ געשריי אויפ׳ן קול – ווי ער וועט ניט דערלעבען און זוכה זיין צו צו נעהמען אונזער חנה פּאיעס חתן! מיר וועלען מיט׳ן נאז

די ערד אקערן און דער שידוך מוז אונז ווערען. איך בין צופרידען, דו הערסט חיים לייב וואס איך זאג דיר? אפילו דעם לעצטען קישען צו פארקויפען, דער שידוך אבער טאר ניט אפגעהן! עלעהיי לאז אונז דוכטען, מען האט אונז בדלות געשטעלט און מיר זיינען געבליבען שטעהן אין איין העמד! הא? וואס זאגסטו? אפשר ניט אזוי? מיר טארען, חיים לייב, זיך ניט נארען! קיינער הערט דאך דא ניט. וואס איך טענה פאר׳ן שדכן, אז אונזער חנה פאיע איז איינע אין דער וועלט, מיינסטו אז איך בין דאס אזא שוטה, איך וויים גאר ניט, אז זי איז אַ לוימענער גולם וואס קען דיר רעכט דעם נאז ניט אבווישען? פאר פרעמדע מענשען אבער קען מען דאך פאר־שטעהסטו מיך דעם אמת ניט זאגען! פארקעהרט! פאר פרעמדע מוז מען איהר אריינהייבען אין הימעל אריין אניט – זאלסטו געדיינקען, וועלען מיר דארפען דעם גאנצען לעבען זיך האלטען מיט איהר. וואס מיינסטו חיים לייב, איך בין דאס איין זכר אין מאסקווע? אנדערע עלטערן האבען דיר טעכטער מאוסקיי־טען, איינגעדארטע, איינגעקווארטע, פארשלעפטע קריינק, קארענע באנדעס, שלומפערלעך פון זיין ליעבען נאמען, און אויב דו ווילסט זיינען דא אויך אזעלכע, גאט זאל מיר ניט שטראפען פאר די רייד, וואס וועלען דיר שוין פארשפארען צו מאכען אַ פדיון הבן... פון דעסטוועגען, אז עס קומט צו אַ שידוך מאכען די עלטערן פון די טעכטער אַ גאנצען צימעס, מען לויבט זיי אין טאג אריין, מען קען מיינען ווייסט גאט וואס פאר אַ צנועות דאס זיינען. נו, זאג מיר פארוואס זאל איך עפעס זיין בעסער פאר אלעמען? דו פארשטעהסט צו ניט? איצטער אז עס האט זיך אונז געמאכט גאר אונגעריכטערהייט אַ שידוך מיט אַ אונטער שמש, וואס זוכט דיר אַ דיקע, אַ פעטע, אַ געזונטע הארפאשנע

מיידעל וואס זאל נאך דער חתונה אנהייבען צו באקען קארענע לעקעך מיט אייער בייגעלעך און ארום פאהרען מיט די אייגענע געבאקענע געבעקס איבער אלע שטעדט און שטעדטלעך, איז טאקי דער שידוך פאר חנה פאיע׳ן ווי אנגעמאסטען. און אז ער נעהמט איהר נאך פאר פופציג רובעל, זאג איך דיר חיים לייב, אז דאס איז אַ מציאה ווי פון אַ גנב! דו פארשטעהסט וואס מען רעדט צו דיר? קורץ און גוט, מיר טארען דעם שידוך ניט אַ וועק לאזען. געדיינקסט חיים לייב וואס דער זיידע ע״ה פלעגט זאגען? „אַ איד דארף זיך נאר איינשפארען, שפארט ער זיך איין — פיהרט ער אלע מאל אויס. און טאמער זעהסטו אז אַ איד האט זיך איינגעשפארט און פארט ניט אויסגעפיהרט, איז אַ סימן אז ער האט זיך ניט גוט איינגעשפארט״. אנטגעגען וואס זאג איך דאס? אט טאקע געגען דיר, אז דו ווילסט, חיים לייב, זיך גוט איינשפארען, וועלען מיר מיט דעם אויבער־שטענס הילף אויספיהרען אלץ מיט אנאנדער אויף צו להכעיס וויכנע דוואשעס טאכטער. זאל דאס, רבונו של עולם, פאלען אויף איהר קאפ וואס זי ווינשט אריין אונזער חנה פאיען. אַ פייער אויף איהר! וואס האט זי זיך עפעס אנגעצעפעט אן איהר? וואס האט איהר חנה פאיע געטהאן? זי האט איהרע לאנקעס אפגעטרעטען? אדער איהר חתן פון איהר צו גענומען? האסטו געהערט אין דיין לעבען, וואו דאס געהט און וואו דאס שטעהט בארעדט זי איהר פון קאפ ביז די פיס. זי מאכט איהר צו אש און צו בלאטע, אז אפילו אַ הונט, זאג איך דיר, וואלט איהר ניט אריין נעהמען אין מויל. אט אויף איהר צופיקעניש וואלט איך טהאן אלץ אין דער וועלט אבי חנה פאיע זאל מיר ווערען אַ כלה. איך וויל ווייזען די פארחולקע, אז אלץ וואס זי האט אויף איהר גערעדט, איז ווי אַ הונט וואלט געבולען.

וואס זאגסטו חיים לייב, בין איך גערעכט אדער ניט?

— חנה פאיע! — גיט ר׳ חיים לייב אַ קאמאַנדע — געה חאפּ זיך אריבער צו שרה מלכה אבעלעס, דארטען שטעהט איין ר׳ גימפעל, און זאג איהם, אז איך האב געבעטען, ער זאל זיך מטריח זיין און אריבער קומען צו אונז. איך האב מיט איהם וואס צו ריידען.

ווי דער שדכן איז געקומען נעהמט ר׳ חיים לייב און דערצעהלט איהם אויס פון אנהייב ביז׳ן סוף, וואס עס איז פארלאפען מ׳יט איהם און זיין פעטער. — איך האב פריהער געוואוסט ר׳ גימפעל — מאכט ר׳ חיים לייב מיט אַ טרויעריגען פנים — אז מיין פאהרען צו איהם איז ארויסגעווארפען. לא דַי וואס איך בין צוריק געקומען מיט׳ן בייטש, האב איך נאך צו געבאקען, איהר הערט, שטארקע פיער רובעל וואס האט מיר אפגעקאסט פון שידלעווע ביז קאוונע. נאר וואס האב איך געקענט טהאן? אז איהר מיט מיין ווייב זייט אזוי צו געשטאנען צו מיר האב איך קיין אנדער ברירה ניט געהאט און אייך געמוזט פאלגען, ווי זאגט מען: אז צוויי זאגען שכור מוז דער דריטער געהן שלאפען!

— איצטער ר׳ גימפעל, אז די האפנונג אויפ׳ן פעטער האט זיך אויסגעלאזען אַ האהן, פארלאז איך מיך אין גאנצען אויף אייך, איהר זאלט מיר געבען די ריכטיגע עצה ווי אזוי איך זאל מיר קענען דערשלאגען צום שדוך. אייך איז דאך מסתמא באקאנט די גמרא „אין חבוש מתיר עצמו מבית האסורים״, איך אליין קען מיר בשום אופן קיין עצה ניט געבען, אבער אַ מענש אזוי ווי איהר וואס האט שוין דורך געשפרייזט אַ וועלט, וועט געוויס געפינען אַ פלאן ווי די קאץ זאל קומען איבער׳ן וואסער. איך זאג אייך ר׳ גימפעל דעם ריינעם אמת, אז מיין

ווייב וועט דאס אייך אסור ניט אריבערטראגען. זי געהט אויס ווי אַ ליכט. זי איז, אט ווי איהר קוקט איהר אן, זעהר אַ שוואכע פרוי׳ קוים וואס זי לעבט, און פון אזא מעשה, איהר פארשטעהט צו ניט, קען איהר געבען אַ לייג אַ וועק, אז זי זאל שוין שונא ישראל פארשפארען זיך אויפצוהויבען.

ר׳ גימפעל האפט דעם בארד אין האנד אריין, באמקעט זיך אונטער מיט דעם נגונ׳דעל פון „היום תאמצנו״ און פאר־טראכט זיך אַ ווײלע. מיט אַ מאל לאזט ער דעם בארד פון האנט ארויס, גיט אַ ווארף די קאפ אן אַ זייט און רופט זיך אן מיט שטאלץ:

— קומט אַ הער ר׳ חיים לייב! הערט זיך צו וואס איך וועל אייך זאגען! איך האב מיך דערגרונטעוועט צו אנ׳אויס־געטאקטען פלאן ווי מיר זאלען קענען צו שווימען ביז׳ן סאמע ברעג. אַ שאד כ׳לעבען, וואס איך בין פריהער ניט געפאלען אויפ׳ן פלאן, וואלט איהר געהאט אין גאנצען פארשפארט צו פאהרען צו אייער פעטער דעם דבר אחר. אזא יאהר אויף איהם טאטע זיסער, וואס פאר אַ פעטער ער איז אייך! נאר וואס עס איז געוועז — איז געוועז. ווי זאגט מען? אַ טויטען ברייגנט מען ניט צוריק פון בית החיים. מיין פלאן איז, איהר הערט, גאר אַ פשוטער: איהר זאלט נעהמען גאר אהן קונצען און ארויסגעבען דעם אונטער שמש אַ וועקסעל אויף די פינף־און־צוואנציג רובעל און דאביי קענט איהר זיך פארלאזען אויף מיר אז איך וועל אייך העלפען אונטער שטופען דעם וואגען ווי ווייט עס וועט זיך נאר לאזען. מיט אזא שמענדריק, איהר פארשטעהט צו ניט, וועלען מיר מיט דעם אויבערשטענס הילף, גיך פארטיג ווערען. איהר מעגט מיר גלויבען ר׳ חיים לייב, איך וויל מיר אסור ניט זיך באריהמען פאר אייך, אז ניט

איין שמענדריק איז שוין פון מיינע הענט אַ פארטיגער געווארען!

הערט אדרבא, אַ טשיקאווע מעשה וואס איז ניט לאנג פארלאפען.

איך האב איין אַ שעהנעם טאג צוזאמען געפלאכטען אַ שידוך צווישען אנ׳ארעמען ישיבה בחור אַ שמענדריק שבשמענד־ריקס מיט אַ מעהל בייטלערס אַ טאכטער, אַ פארזעהעניש פון זיין ליעבען נאמען און אלט ווי תרח! וואס אהרט אייך? דאס איז שוין געווען איינמאל אַ געראטענע שטיקעל סחורה! דער מחותן האט פארשפראכען פינף הונדערט רובעל מיט צוויי יאהר קעסט. נאך תנאים נעהמט דער מחותן און לייגט איין וועקסלען, דאס הייסט, אז נאך דער החתונה וועט ער סילקען דעם גאנצען נדן. אפילו אַ גראשען וועט ניט פעהלען! נו, ווי דען? דארויף האט ער דאך ארויסגעגעבען וועקסלען? וואס זאל איך אייך דא פיעל ברייען? נאך דער החתונה האט דער שווער געוויזען דעם איידעם אַ פייג אונטער׳ן נאז און אפשר צוויי! ניין, ניין! וואס? ער וועט אייך זשאלעווען? „אֵין לי״ (ער האט ניט) האט ער גע׳טענה׳ט און ארונטער פון מארק!

דער איידעם האט גענומען טענה׳נען מיט טרעהרען אין די אויגען: „סטייטש, ווי טהוט איר דאס, שווער? איהר האט דאך געוואוסט. אז איך בין ניט קיין שותף מיט בראדסקי׳ן טא ווי געהט איהר און נארט מיר דאס אזוי פּאַסקודנע אפּ? איהר האט דאך גענומען און פשוט גע׳ממית׳ט צוויי נפשות מיט איין קלאפּ? איך דארף אייך איצטער נעהמען צוויי טארבעס און זיך ארומשלעפּען מיט די ווייב איבער די הייזער״.

— גאט איז אַ פאטער — ענטפערט דער שווער קאלטבלי־טיג–נישקשה, ער וועט דיר ניט פארלאזען! אויף אנ׳„אלף־בית״ צו קויפען האסטו, אַ טייטעל וועל איך דיר שיינקען, דאס

וועט שוין זיין אפגערעכענט, געדיינק, פאר די דרשה געשיינק וואס איך האב דיר באדארפט געבען, און קינדער זיינען ברוך השם דא ממש ווי זויערע עפּעלעך, טא וואס קלאגסטו אזוי פיעל? נעהם, זיי מוחל, די גאנצע קלאפּערגעצייג, איך מיין: דעם אלף־בית מיט׳ן טייטעל און זעטץ זיך קנעלען, ווי גאט האט געבאטען, וועסטו פארשפּארען, דו הערסט, צו געהן אין די הייזער און טאמער וועט דיר דער קנעלונג ניט קלעקען, נעהמט מען בין הזמנים און מען ווערט אַ שטיקעל שדכן, וועסטו האבען צו דערשטוקעווען צו דער חיונה, — וועגען דיר שמואל לייב לאזט אויס זיין שווער איז שוין גאר ניטא וואס צו דאגה׳נען. אַ מענש, קאטארי וואס האט צוויי פּראפעסיאנען אין האנט אין נאך וועלכע פּראפעסיאנען? אַ קליינינקייט? אַ מלמד און אַ שדכן—איז שוין איין מאל ניט קיין פארפאלענער!

און אזוי ר׳ חיים לייב איז טאקע געווען. דער שמענדריק איז געווארען אַ דרדקי־מלמד און בין הזמנים אקערט ער אייך מיט׳ן נאז צוזאמען צו שלעפען אַ וואנט מיט אַ וואנט. אַ שידוך הייסט עס, ווי גאט האט געבאטען, אמת, עס קומט איהם אויס אַ פאר מאל אין וואך צו פאסטען. אין די הייזער אבער געהט עס פארט ניט! פארקעהרט! זיין ווייב האט באוויזען, מזל טוב אייך ר׳ חיים לייב׳ן צו געבארען אַ צווילינג און פון צו געהן אין די הייזער טראכט ער נאך אלץ ניט.

היינט ווער רעדט שוין פון אזא חוואסטקע מיידעל ווי אייערע חנה פּאַיע, וואס קען אייך אהן עין הרע אפקלאפען הונדערט קלעפּ מיט איין האנט און עס גיט איהר אַ צעפּע ווי דער וואנט און זי איז נאך צופרידען אנצוהייבען צו באקען קארענע לעקעך מיט אייער בייגעלאך, און אַרום פאהרען מיט די אייגענע געבאקענע געבעקס איבער אלע שטעדט און שטעדט־

לעך צו העלפען דעם מאן ציהען די פרנסה? אַזא יַצמח בן בנו של שמענדריק איז אַ מצוה פארשטעהט איהר מיך, אונטער צו לייגען אַ קנייטעל אז ער זאל שוין פארזאגען זיינע קינדס קינדער צו בעטען פופציגערס נדן! ניט געזארגט ר׳ חיים לייב! וואס אַהרט אייך! פארלאזט זיך אויף מיר, מיר וועלען איהם מיט דעם אויבערשטענס הילף אפפליקען ווי אנ׳אינדיק ערב פסח און זאל ער נאך דער חתונה שרייען חי וקים וויפיעל זיין הארץ געלוסט! איהר פארשטעהט וואס איך זאג אייך?

— איך זאג אייך ר׳ גימפעל — רופט זיך אן ר׳ חיים לייב מיט שמחה—אז איהר האט אַ קאפּ פון אַ מיניסטער. עס איז בנאמנות אַ טשיקאווער איינפאל! מיר בהמה איז גאר קיין מאל ניט אריינגעקומען אין קאפּ, אז מ׳קען אויף נדן אויסשטעלען אַ וועקסעל. אז די וועלט זאגט — לאזט אויס ר׳ חיים לייב — אז ר׳ גימפעל איז אַ חכם, ווייסט זי וואס זי רעדט!

מען האט זיך באלד צושריבען מיט׳ן חתן. ר׳ גימפעל האט מיטגעגעבען מיט חאצקע דעם פורמאן אַ פארפיעטשאטעווי־טען בריף, אויפ׳ן קאנווארט האט ער אויפגעשריבען „בחדר״ג״ דאם הייסט אז אַ פרעמדער טאר זיך ניט וועגען אפצורייסען דעם פיעטשאט און לייענען דעם בריף אניט—וועט רבנו גרשם איהם וייזען וואס ער קען. דאביי האט ער איהם אנגעזאגט, ער זאל למען השם דערלאנגען דעם בריף דעם אונטער־שמש אין האנט אריין און ניט אפטרעטען ביז ער וועט איהם ניט געבען אַ תשובה באלד אויפ׳ן ארט.

אויף מארגען האט חאצקע דער פורמאן דערלאנגט ר׳ גימפלע׳ן אַ פארפיעטשאטעוועטען בריף וואס דער אונטער שמש האט איהם מיטגעגעבען און אזוי ווי ער האט געמיינט,

אז דער ווארט „בחדר"ג" וואס שטעהט אויפגעשריבען אויפ'ן קאנווערט איז דאס מסתמא דער כלה'ס נאמען, האט ער נאך געטהאן די כלה און אויפגעשריבען אויפ'ן קאנווערט „זבחש"פ" דאס מיינט: זונדעל בר' חיים שמאיע פימפענאטער. ר' גימ־פעל עפענט דעם בריף און לייענט דאס אין דער הויך, אז ר' חיים לייב און ציפע לאה זאלן הערען.

„לעאסאדכען המעפורשעם מעריינע רעב גימפעל (להשדכן המפורסם מורנו ר' גימפעל). איך קום אייך צו לאזען וויסען, אז איך האב אייער מיחטעוו (מכתב) פאלוצעט (ערהאלטען). איך בין אייך ר' גימפעל שאגלאסנע (איינשטימיג) ווי איהר שלאגט מיר פאר, צו נעהמען אַ וועקסעל אויף דעם פינף־און צוואנציגער און דאס איבעריגע פארלאז איך מיר אין גאנצען אויף אייך. ערשטענס: אז די מיידעל איז ניט קיין דינע אויסגע־דארטע מאצע (מצה) נאר פארקעהרט, זי איז טאקע ווי איהר שרייבט מיר מיט אייער אייגענע פאטפישקע (פאדפיסקע — אונ־טערשריפט) אז זי איז אַ דיקע, אַ גראבע, אַ פעטע, אַ גע־זונטע הארפאשנע מיידעל וואס איז שאגלאסנע (סאגלאסנע — איינשטימיג) באלד נאך דער חתונה אנצוהייבען צו באקען קארענע לעקעך מיט אייערבייגעלעך און ארום פארען מיט די אייגענע געבאקענע געבעקס איבער אלע שטעדט און שטעדטלעך. דאס הייסט, זי איז צופרידען מיר אונטער צו העלפען צו ציהען די פארנאשע (פרנסה), איך זאל מיר קענען דערשלאגען צו אנ'אייגענע קוה און אַ מאל צו אנ'־אייגענע הייזקע אייך. איהר דארפט ר' גימפעל האבען אַ קלאל (כלל), ווי באלד אַ דינע — פאלט זי אייך גלייך אין די האלאבלעס ווי אנ'אויסגעדינטער פערד און דאמאלסט וועט זיין, זאג איך אייך, אַ קלאג צו מיינע יאהרען און נאך אַ קלאל

דארפט איהר האבען, אז ווי באלד אַ דינע, פרעסט דאס ווי דער טייוועל. דאס עסט זיך אייך קיין מאל ניט אן. איהר פארשטעהט וואס איך שרייב אייך? צווייטענס: פארלאז איך מיר אויף אייך, אז דעם וועקסעל וואס דער מעחוטען (מחותן) וועט נאסענען (נתנ'ן–געבען) זאל חאלילע ניט זיין אַ געמע־לאכטער וועקסעל. וואס איך מיין צו זאגען–מיין איך דאס צו זאגען, אז נאך דער חאסענע זאל דער מחוטען מיר אפצאהלען פאר'ן וועקסעל מיט עמעסע אסיגנאציעס, ניט חאלילע מיט הובעל שפענער אדער מיט אַ פייג אונטער'ן נאז ווי אנדערע מעחותאנים, א רועך אין זייער טאטען אריין, מאכען נאך דער חאסענע מיט זייערע איידעמס. איהר פארשטעהט דאך רעב גימפעל וואס איך מיין. איהר זייט דאך עפעס אַ מענץ קאטארי וואס מען דארף אייך ניט צו קייען און אריין לייגען אין מויל אריין.

מימעני רעב זונדעל בערעב חאַיִם שאיע פימפענאטער מעוועדוקלע״.

ווי ר׳ גימפעל האט איבערגעלייענט דעם בריעף האט ער באלד געשריבען אַ תשובה:

לכבוד השמש התחתון (אונטער־שמש) ר׳ זונדעל פימפענאטער!

אייער מכתב האב איך מקבל געווען. איך קום אייך צו שרייבען, אז אלץ מיט אנאנדער איז ווי אין צימבעל אריין. דאס הייסט: די מיידעל איז נאך אַ סך דיקער און גרעבער ווי איהר ווילט אליין; זי איז אזוי דיק, ווי וואס זאל איך אייך זאגען? אט ווי למשל אַ גראפ'ס אַ קוה א פאר וואכען פאר'ן קעלבען זיך! נו, וואס זאגט איהר? געפעלט אייך? און וועגען געזונד? רעדט גאר ניט! דאס איז שטארק ווי אַ יָוָן. זי קען אייך אפקלאפען, איהר הערט, הונדערט קלעפ מיט איין האנד און עס גיט איהר אַ צעפע ווי דער וואנט! איצטער קענט

איהר זיך שוין פארשטעלען וואס פאר אַ חוואטסקען מיידעל דאס איז. וואס דארפט איהר בעסער? עס האט אַ מאל געטראפען אז זי איז ארונטער געפאלען פון אַ בוידעם האט זי אייך געמאכט אזא טיעפע גרוב אין דער ערד, אז מען האט געמוזט ארייננקריכען מיט אַ לייטער איהר ארויס צו שלעפען פון דארטען. אט אזוי שטארק און שווער איז דאס! וועגען וועקסעל דארפט איהר גאר ניט זארגען. דאס איז כפתור ופרח, ריינע גין-גאלד. פארלאזט זיך ר׳ זונדעל אויף מיר וועט אייך ווערען אם ירצה השם פינסטער אין די אויגען. טפו! טפו! איך מיין פארקעהרט—ליכטיג אין די אויגען!

ממני השדכן גימפעל מגירטעגאלע.

העיקר שכחתי: עס איז געבליבען, אז איבער אכט טאג מיטוואך זאלט איהר זיך צוזאמען טרעפען מיט די כלה אין די קרעטשמע וואס שטעהט אויפ׳ן וועג צווישען שידלעווע און ווידוקלע.

איין פארנאכט האבען די חתן־כלה מיט די מחותנים זיך צוזאמען געטראפען אין משה זאלמענס קרעטשמע וואו עס איז פאראויס בעשטימט געווארען. פון איין צד איז געקומען די כלה מיט איהרע עלטערן און אַ פעטער מיט אַ מוהמע און פון צווייטען צד — דער חתן מיט זיין פאטער און אַ שוועסטערקינד. דער קרעטשמער האט זיי אפגעגעבען דעם אויבער־אלקער, וואו זיי זאלען קענען זיך דורכשמועסען, ווי גאט האט געבאטען. מען צו זעצט זיך גאנץ פיין און יודישלעך, די פאלעס פארלייגט אויף די קניה, די היטלען פארקאשערט ארויף, די ארעמס צוזאמען געפלאכטען ווי אַ יום־טוב׳דיגע קיטקע און מען לאזט זיך באלד אריין גאר אין אַ הויכען שמועס. אַ שטייגער: וויפיעל יאהרען דארף נעהמען פון משיח׳ן ביז תחית המתים? און וואס וועט

זיין, אז אַ כהן גדול וועט אויף שטעהן תחית המתים. וועט ער מעגען נעהמען זיין ווייב צוריק אדער ניט? מחמת אַ כהן גדול טאר דאך ניט נעהמען קיין אלמנה?

ר׳ חיים לייב האט זיך ארייגעלאזען נאך אין אַ טיע־פער׳ן ענין; דהיינו: אויב עס לאהנט געבארען צו ווערען אדער ניט.

חיים שמאיע דער פערד בייטער דעם חתנ׳ס פאטער הייסט עס, נעהמט אויפווייזען מיט אַ ריכטיגען שכל, אז עס איז גאר ניטא וואס צו קלעהרען, דאס עס לאהנט געבארען צו ווערען, מחמת איידער וואס ווען, איידער מען אוספיעעט נאך זיך אפצוטראגען פון דער וועלט מאכט מען זיך דערוויילע חתונה עטליכע טעכטער אין מיטן דערינען נארט מען זיך אריין אַ פאר הונדערט בלינדע פערדלעך פאר זעהעדיגע, הינקעדיגע פאר געזונטע און מען פארקנאקט מיט פיינקוכענס, מיט גענזענע גריבענעס וויפיעל דאס הארץ געלוסט, פארבייגעהענדיג יאגט מען זיך גאנץ פיין ארונטער עטליכע הונדערט שיסעלעך גע־דיכטע פארפעל צימעס, מען פייפט זיך אפּ מיט עטליכע טוי־זענד פלייש קניידלעך און מען פארליטעוועט מיט אַ פאר הונדערט גלעזלעך ניינציג־גראדיגע שפּירטעס. היינט ווער קען אייך דאס אויסרעכנען וויפיעל לאקשען־קוגל׳ען מיט געפיהלטע פיש מען לאזט ארונטער אין פליישיקען זעקעלע? איך רייד שוין ניט פון געפיהלטע העזלך מיט מארענירטע הערינג וואס מען צו פראסקעט דעם גאנצען לעבען! משוגע זיינען די אשר יצר׳ס שרייט אויס חיים שמאיע אויפ׳ן קול — וואס זאגען אייך אז עס לאהנט ניט געבארען צו ווערען! איהר פארשטעהט צו ניט?

ר׳ חיים לייב לאזט אויס מיט אַ קרעכץ, ער זעהט בע־

שיינפּאַרליך, אַז משיח איז שוין גאר נאהנט, מחמת די אידישע צרות געהן שוין אריבער די מאס.

אלע האבען צו געשאקעלט מיט'ן קאפּ. דאס הייסט, זיי שטימען איין מיט ר' חיים לייבען, אז משיח שטעהט שוין הינטערן טיר. ער דארף נאר אַ ריהר טהאן די קלאמקע און שוין פארטיג. ער איז אייך דא.

מיט אַ מאל האט דער חתן זיך גענומען קראטצען אונ־טערן היטעל און זיך שטארק פארטראכט. ווי דער שוועסטער קינד האט באמערקט אז דעם חתנ'ס פּנים איז מיט אַ מאל געווארען פארוואלקענט און ער רעדט קיין ווארט ניט, געהט ער צו צו איהם און גיט איהם אַ פרעג אין דער שטיל:

— וואס פאר אַ קלאג איז דא מיט דיר זונדעל? פאר־וואס זיצטו מיר עפּעס אזוי ווי צו דרומשקעט און רעדסט קיין ווארט ניט? עס איז דאך אַ בזיון פאר די מחותנים! זיי קענען נאך מיינען אז צייטענווייז נעהמט דיר, ניט דא געדאכט אפּ דער לשון?

— דו ביזט מיר אַ גרויסער חכם. זרח! — ענטפערט זונדעל מיט אַ טרויעריגען פּנים — דיר אהרט אַ סך אז איך וועל מיט איין קלאפּ צו באקען גאר די נדן. דו זעהסט גאר ניט וואס דא טהוט זיך? האסטו ניט געהערט וואס דער מחותן האט גע־זאגט, אז משיח איז שוין גאר נאהנט? אויף אזא מאדע פרעג איך דיר, צו וואס לאהנט מיר צו קריכען מיט אַ געזונטע קאפּ אין אַ קראנקע בעט? איך מיין: צו וואס דארף איך דיר קריכען מיט מיינע נדן אפּצוקויפען פון שמש די שמש'ערייי? און ווער ווייסט אויב דער מחותן מאכט דא ניט מיט מיר אַ דריידעל? ער וויל דערווייל אין האפּ־לאפּ חתונה מאכען זיין טאכטער און אז משיח קומט זיך אין מיטען דערינען אונטער, נעהמט

ער גאר אהן קונצען און ווייזט מיר אַ פייג אונטערן נאז און טאמער נעהם איך טאנצען, וועט ער זאגען: געה קלאג מיר פאר משיח׳ן אויב דו ווילסט. און אז איך זאל שוין דארפען, זרח, געהן מיט׳ן מחותן האבען א דין תורה ביי משיח׳ן וועט שוין דאמאלסט זיין אַ קלאג צו מיינע יאהרען. דו פארשטעהסט דאך אליין, אז משיח האלט מיט די לומדים. אויף אזא מאדע, דו הערסט צו ניט, איז דער וועקסעל מיינער ווערט אַ זעטץ אָן דער ערד! איצטער פארשטעהסטו שוין זרח, פארוואס איך בין דיר אזוי צוטומעלט?

— זיי נישט קיין נאר זונדעל! רופט זיך אן דער שוועס־טער קינד מיט אנ׳ערענסטען פנים — אט וועל איך דיר ווייזען אז עס לאהנט דיר צו שפעקולירען. ממה נפשך: קומט ניט משיח — איז דאך אַוודאי רעכט! אלא וואס דען? ער קוקט אויף קיין זאך ניט און לאזט זיך אין מיטען דערינען ארונטער? איז אויך קיין בייז ניט! מחמת איידער וואס־ווען, איידער די אידען, פארשטעהסטו מיך, וועלען פארפאקען זייערע פעקלעך וועסטו דערווייל האפאן און איינמאהנען דעם וועקסעל. און וואס דו זאגסט, אז משיח האלט פאר די לומדים, ווייסטו ניט, מחילה וואס דו רעדסט! וואס מיינסטו, משיח איז דיר אבילע ווער? ביי משיח׳ן, דארפסטו וויסען, געהט ניט אן קיין קונקעל־מונקעל! ביי איהם זיינען אלע מענשען גלייך! ער וועט געוויס זאגען דעם מחותן, ער מוז דיר ערשט באצאהלען דעם וועקסעל אניט־נעהמט ער איהם ניט מיט אין ארץ ישראל. דו האסט פארשטאנען זונדעל וואס איך האב דיר געזאגט? פאלג, זיי ניט קיין שמענ־דריק. האלט זיך ווי אַ מענש, ווי עס פאסט טאקע פאר אַ ווי־דוקלער לייטישען יונגערמאן!

ר׳ חיים לייב גיט אַ ווינק צו ציפע לאה׳ן זי זאל ארייג־

ברענגען די כלה. ציפּע לאה געהט אריין אין אלקער, וואו חנה פאַיע ליגט באהאלטען, אז קיין בייז אויג זאל איהר ניט שאטען, נעהמט איהר אן פאר׳ן האנד און פיהרט איהר אריין אין אויבער אלקער וואו דער חתן מיט די געסט זיטצען. חנה פּאַיע גיט אַ בייג מיט׳ן קאפּ, ווי די מאמע האט איהר אנגעזאגט און ווערט רויט ווי אַ בורקע אקארשט פון גארטען ארויס. זי ציהט ארויס פון אונטער׳ן יאקעל איהר שבת׳דיגען שניפּסטוך, דרעהט זיך אום צו די געסט מיט דער זייט וואו עס איז ניטא קיין פּנים, שפּרייט לאנגזאם דעם שניפּסטוך אויפ׳ן ביינקעל אויס און גיט זיך מיט אַ מאל אַ זעטץ אנידער. דער ביינקעל האט אריוסגעלאזען אזא מורא׳דיגען קרעכץ, אז אלעמען האט זיך געדאכט אט, אט, קראַפּירט דער ביינקעל אונטער איהר זיטצער און זי בלייבט אייך אויסגעצויגען אין מיט׳ן שטוב ווי אַ ציג אויף אַ גליטש, אַ האהר זאל ניט פעהלען.

ווי דער אונטער שמש האט דערזעהן חנה פּאַיען האט איהם באלד פארחאפּט דער אטהעם. זיך פארליעבט אויפ׳ן שטעל און פלעק הייסט עס.

— זאלען די קינדער — רופט זיך אן די מוהמע מיט א גוטמוטהיגען פּנים — זיך דורכגעהן אביסעל שפּאצירען!

זונדעל האט זיך באלד אנגעשטויסען וואס די מוהמע מיינט. ער גיט זיך האסטיג אַ הייב פון ביינקעל און בלייבט שטעהן אין מיטען שטוב מיט די הענט פארלייגט פון הינטען, די מויל אפען ווי אַ הונט אין אַ הייסען טאג און קוקט אויפ׳ן פענסטער וואס איז געווען מיט אַ קישעלע פארשטאפּט. ער שטעהט ווי אויף הייסע קוילען, ער וואלט שוין וועלען דערלעבען, אז חנה פּאַיע זאל זיך געבען אַ ריהר. ווי אויף צו להכעיס אבער זיצט זי ווי אַ קארענע באנדע און ריהרט זיך ניט פון ארט. ציפּע לאה

גיט איהר שטילערהייט אַ דורקע אין זייט אריין. זי גיט זיך אַ הייב אויף און בלייבט שטעהן מיט די קאפּ אַ ראפּ, חאטש געהט נעהמט, איהר הערט, און מעלקט איהר אויס. אז זי האט געחאפּט פון ציפּע לאה׳ן נאך א מאל אַ דורקע, אבער אַ דורקע טאטע זיסער איז דאס געווען, אז עס איז איהר באלד ארויס די אויגען פון קאפּ, דאמאלסט האט זי ערשט געחאפּט פארשטעהן וואס די מאמע מיינט. זי נעהמט שטעלען פיס ווי אַ פערד בארג־ארונטער. זי פאראויס, דער אונטער־שמש – נאך איהר. א ווײלע בלײבען זײ שטעהן נעבען טיר קוקען זיך ביידע אן ווי צוויי העהנער און לאזען זיך באלד אַ וועק אויף אַ שפּאציר, טאקע ווי די מוהמע האט געהייסען. באלד האט מען נאך געשיקט נאך זיי אַ שומר, דעם קרעטשמער׳ס אַ אינגעלע פון אַ יאהר אכט, ער זאל זיי היטען, זיי זאלען חלילה ניט ארונטערקריכען פון גלייכען וועג.

אַ שטיק וועג זיינען זיי געגאנגען זייט ביי זייט און האבען אַ מויל ניט געשפּאלטען. ער געגען איהר האט אייך אויסגעקוקט ווי אַ חנוכה־לעמפּעל געגען אַ היינגלייכטער. זי– הויך, פעט און גראב ווי יאניסקער קלויסטער און ער – קליין און דאר ווי אַ פאריארעדיגער לולב. פּלוצלונג פאלט ארויס חנה פאיע מיט אַ טשיקאַווע שאלה!

– זאגט מיר, איך בעט אייך, האט אייער ברודער ליעב ווייסע קעז?

– איך האב גאר קיין ברודער ניט – ענפערט דער אונטער שמש מיט אַ פריינדליכען פנים. דאביי חאפּט ער אַ קוק אויף חנה פאיען און נעהמט פאטשען מיט די ליפּען ווי ער וואלט האלטען אַ טייגעל אין מויל – איך בין, איהר הערט, אין גאנצען אַ בן יחיד, הייסען הייסט עס, אז איך האב אַ מאל

יא געהאט אַ ברודערל, נאר דער פעטער גערדיינק איך, האט אַ מאל געזאגט צו די מוהמען, אז דער ברודערל מיינער, אַ ליכטיגען גן עדן זאל ער האבען, איז געשטארבען צוויי וואכען נאך די מאמעס חתונה. געבארען געווארען נעבאך אַ שוואך קינד, אזוי האט דער פעטער געזאגט, און דער ברית, ניט פאר אייך גערדאכט, האט איהם אין גאנצען גע׳פטר׳ט!

חנה פאיע שטעהט און קוועטשט מיט די פלייצעס, ווי איינער זאגט. וואס פלאפלט ער דא? ער מוז געוויס מאכען אַ טעות. ווי קען דאס געמאלט זיין, אַז אַ אינגעלע זאל שטאר־בען צוויי וואכען נאך דער חתונה? אויף אזא מאדע קומט דאך אויס, אז דער אינגעלע איז געשטארבען נאך איידער ער איז געבארען געווארען? אַ פנים טראכט זי ביי זיך — פון גרויס ליעבע צו מיר איז ער געווארען אביסעל צו דרומשקעט. מסתמא מיינט ער, צוויי יאהר נאך זיין מאמעס חתונה. אט אזוי לאזט זיך טאקע שיקען.

— אזוי גאר! — רופט זיך אן חנה פאיע פארוואונדערט — איהר זייט גאר אַ בן יחיד? נו, זאגט מיר, איך בעט אייך, ווי וואלט געוועזן, אז איהר וואלט למשל יא געהאט אַ ברודער, וואלט ער ליעב געהאט ווייסע קעז?

— אַ שאלה דאס איז? — ענטפערט דער אונטער־שמש מיט אַ שיינענדיגען פנים ווי אַנ׳אפגעשייערטע לעפעלע — פאר וואס אַ שטייגער זאל ער אייך עפעס פיינט האבען ווייסע קעז? וואס? ווייסע קעז איז עפעס שלעכט? דאכט זיך פון ווייסע קעז מאכט מען אזעלכע געריכטען, אז עס צוגעהט אין אלע גלידער: פון ווייסע קעז מאכט מען בלינצעס, מיט ווייסע קעז שמירט מען מצות, מיט ווייסע קעז מאכט מען אייך המן־טאַשען. אפילו קרעפלעך איהר הערט, מאכט מען אויך פון

ווייסע קעז, טאַ זאָגט מיר, איך בעט אייך, וואָס איז אייך עפּעס פאָר־פּלאַט איינגעפאַלען, אַז מיין ברודער זאָל אייך פּיינט האָבען ווייסע קעז? וואָס איז ער? אַ שוטה איז ער? אין אונזער פאַמיליע, דאַרפט איהר וויסען איין מאָל פאַר אַלע מאָל, געפינען זיך ניט אַ זעלכע יאָלדען, וואָס זיינען אייך געחאַפּט אין דער מעשה. צו דרומשקעטע הייסט עס! וואָס דאַרפט איהר מעהר? אַז מיין טאַטע קומט אייך אַרויף אויפ׳ן מאַרק ציטערן אַלע פאַר איהם אַז ער זאָל זיי חלילה ניט אַריינרוקען אַ פערדל אַ צרה אַ הינקענדיקען, אַ בלינדען, אָדער גאָר וואָס קען שוין ניט איינשטיין אויף די פיס. אַ פערד וואָס פאַלט אייך כורעים הייסט עס. אַט אַזאַ חכם פאַרשטעהט איהר מיך איז מיין טאַטע. היינט ווי קענט איהר זיך גאָר מאַהלען, אַז איך וואָלט געהאַט אַ ברודער אַ צודרעהטען ניט פאַר אייך געדאַכט?

ער הויבט אויף די אויגען צום הימעל און רופט זיך אָן:

— איהר ווייסט? עס איז שוין גאָר שפּעטלעך! מיר דאַרפען זיך אומקעהרען צוריק אין קרעטשמע די געסט וואַרטען דאָרטען אויף אונז!

ווי זיי האָבען זיך נאָר אַ קעהר געטהאָן צוריק צו געהן, האָט דער אונטער שמש נאָך אויספּיעעט, אַז דער שומר זאָל ניט באַמערקען, צו געבען חנה פּאַיען אַ קניפּ טאַקע אויף דעם אָרט וואו ער האָט די גאַנצע צייט זיך געצילעוועט און זיינען געגאַנגען ווייטער.

ווי זיי זיינען אַריינגעקומען אין קרעטשמע גיט ציפּע לאה אַ וואונק צו די טאָכטער און פיהרט איהר אַ וועק אָן אַ זייט.

— נו, חנה פּאַיקעלע קרוין! ווי געפעלט דיר דער חתן?

— פרעג גאָר ניט מאַמע — רופט זיך אָן חנה פּאַיע

מיט אַ פרעהליכען פנים און טאנצט אונטער א ביסעל — דאס איז מאמע ראזינקעס מיט מאנדלען! וואס זאג איך מאמע ראַ־זענקעס מיט מאנדלען? דאס איז אויף נאמנות המוציא חלה מיט האניג! היינט מאמע איז דאס קלוג, טאקע ווי שלמה המלך! אַ האר זאל ניט פעהלען! און ווי איך שטויס מיך אן האט ער מיר שטארק ליעב! ער האט מיר, דו הערסט, דערלאנגט אַ קניפּ אטע... דא.. דא... זאג איך דיר מאמע, מיר זאלעןביידע אזוי לעבען, אז מיר איז געווארען אזוי ליכטיג אין די אויגען פונקט ווי צעבייסע נאכט (מוצאי שבת) נאך הבדלה. אט אזא ליכטיגען קניפּ האט ער מיר דערלאנגט!

— אוי וועה איז מיר — גיט ציפּע לאה אַ געשריי — רייד ניט אזוי הויך! זעהסט ניט גולם איינער, אז דער חתן מיט די מאנסבילען זיטצען ניט ווייט פון דאנעט? אַ קשיא אויף אַ מעשה? מעהר פעהלט דיר ניט? זיי האבען נאך אַ ודאי געמוזט הערען וואס דו האסט דא געפּלאפּעלט! געה שלומפּער אריין אין צווייטען קאמער און ציהע ארויף דיינע זאקען! זעהסט ניט, אז זיי ליגען דיר ווי בייגעל אויף די פיס? דו האסט גאר ניט קיין פאזניצקעס? וואו איז דיר געבליבען די צוויי שטריקלעך וואס איך האב דיר געגעבען פאר׳ן אַ וועק פאהרען? וואס? אזוי גיך האסטו זיי שוין פארלארען? און געדיינק, קארענע באנדע, ווען דו וועסט זיין אין קאמער זאלסטו אקארשט ניט פאַרגעסען אריין צו מאכען דעם יאקעל טיעף אין קלייד אריין עס זאל זיך אלע־ווייל ניט ארויסמאכען און געדיינק נאך אַ זאך וואס איך זאג דיר אן: ווען דו וועסט צו געהן צו מיר זאלסטו זיך אקארשט ניט דערלאנגען ראפּטום אַ זעטץ אנידער. אז אלע זאלען זיך דערשרעקען. זעטץ זיך אַ וועק ווי אַ לייטישע מיידעל, גאנץ פּאמעלעך. וועט דער ביינקעל פארשפּארען צו מאכען

אַ געוואלד, דו פארשטעהסט וואס איך זאג דיר? איך געה איצטער צו צו די מאנסבילען. איך וויל הערען, וואס דער חתן האט עפעס צוזאגען.

— מאמע — רופט זיך אן חנה פאיע מיט הארץ — וואס? דו קלערסט נאך אויב איך געפעל איהם? דאכט זיך, איך האב דיר דאך דערצעהלט די מעשה מיט'ן קניפ? נו, איז דאס ניט פאר דיר דער בעסטער סימן, אז ער האט מיר אזוי האָלד, אז די כחות געהען איהם אויס? וואס מיינסטו מאמע, ווען ער וואלט מיר פיינט געהאט, וועט ער דיר געהן נעהמען גלאט אין דער וועלט אריין און זיך קנייפען?

ציפע לאה האט געגעבען אַ בייזען קוק אויף חנה פאיען און איז צו געגאנגען וואו די מאנסבילען זיטצען.

דער שוועסטער קינד געהט צו צו זונדלען און פרעגט איהם אין דער שטיל:

— נו, זונדעל! ווי געפעלט דיר די כלה?

— פון מיינעט וועגען — ענטפערט זונדעל מיט שמחה, דאביי באלעקט ער זיך מיט'ן צונג, ווי ער וואלט אקארשט ארונטער געשלונגען אַ מילכיקע בלינצע — איז קיין מניעה ניטא!

דער קרעטשמער טראגט אריין אַ טינט און פעדער, דער שוועסטער קינד זעצט זיך שרייבען די תנאים.

דריי פונקטען האבען די מחותנים איהם אנגעזאגט אז ער זאל אקארשט ניט פארגעסען איינצושרייבען. ערשטענס: וועלכער צד עס לאזט אפ דעם שידוך מוז צאהלען דריי רובעל קנס און אויב דער חתן לאזט אפ דארף ער חוץ די דריי רובעל נאך דערלייגען זעקס קאפיקעס פאר'ן טאפ וואס מען וועט צו־ברעכען. צווייטענס: דער מחותן ר' חיים לייב איז מחויב ארויס צו לאזען די כלה כמנהג הבעלי הבתים. דאס הייסט: ער זאל

ניט ארויס לאזען חנה פאיען נאקעט און בארפוס ווי די מאמע האט איהר געהאט. ער דארף איהר מאכען: צוויי וואכעדיגע קליידער, איין שבת׳דיקע פון ביאלעסטאקער טוך, אַ וואטאווען ווינטער מאנטעל, באליאמעוועט מיט שווארצע באראנקעס, דריי שטוב־פּארטוכער, א פאר פאנטאפעל און אַ פאר נייע שיך פון די בעסטע געוואלקטע לעדער. דריטענס: דער חתן דארף שיקען כלה־מתנות: א זאנען־שירם מיט אַ ביינערנע הענטעל, אַ ווארעמע פאטשיילע, אַ פאר בורשטינענע אוירענגלעך, אַ שנור בלויהע קרעלען, אַ האלב טוצענט ווייסע שניפּסטיכער און אַ זילבערנעם פינגערל פון ריינע גאלד.

ווי דער שוועסטער־קינד האט געענדיגט שרייבען, רופט ער צו דעם חתן, ער זאל זיך חתמ׳ענען אויף די תנאים.

דער חתן נעהמט דעם פעדער אין האנד אריין, פּרובירט פריהער אויס אויפ׳ן נאגעל, אויב דער פעדער איז ניט קיין עקשן, דאס הייסט: אויב ער לאזט זיך לייכט פאהרען איבער׳ן פאפיר, אויב דאס שטעכט ניט און אויב דאס ברעכט ניט גרין און גאל, פארקאשערט די ארבלען, גיט אַ טונק דעם פעדער טיעף אין טינטערל אריין און שלעפּט אייך ארויס אַ פליג גרויס ווי אַ בער, ער חאפּט און גיט האסטיג אַ שמיר דעם פאסקודנעם אנצעפעניש איבער׳ן היטעל אריבער, טונקט איין נאך אַ מאל, גיט אַ ווארף די קאפּ אן א זייט און נעהמט אויסדריידלען זיין טשיקאווען נאמען: זונדעל בר׳ חיים שמאיע פינפענאטער מיט אזוי פיעל דריידלעך, בייגעלעך און פאסיקלעך, אז דער גאנצער נאמען האט אייך אויסגעקוקט פונקט ווי צוויי גענזענע פיסלעך, אַ האהר זאל ניט פעהלען.

ווי דער חתן איז פארטיג געווארען מיט׳ן אונטער׳חתמ׳־ ענען זיך גיט דער שוועסטער קינד אַ קאמאנדע: יעמוד חנה

פאיע! די כלה קומט צו צום טיש, גיט זיך אַ זעטץ אַ וועק אויפ׳ן ביינקעל, נעהמט דעם פעדער אין האנד אריין, הוסט זיך גוט אויס, שטאפט דעם יאקעל טיעפער אין קלייד אריין, פארוואַרפט די קאפ אַן אַ זייט, פארקוועטשט איין אויג, ווארפט אריבער איין פוס איבער די צווייטע און נעהמט מיט אלע כחות שלעפען דעם פעדער איבער׳ן פאפיר. זי האט אזוי לאנג געשלעפט ביז זי האט מיט צרות מיט מאטערניש אויסגעצאצקעט איהר נאמען חנה פאיע בר׳ חיים לייב גוטוואך.

ווי די כלה איז פארטיג געווארען מיט׳ן אונטערשרייבען חאפט דער שוועסטער קינד אַ לוימענעם טאפ און דערלאנגט אַ זעץ אַן דער ערד.

— מזל טוב חתן! מזל טוב כלה! האבען אלע געגעבען אַ געשריי אויפ׳ן קול און שוין פארטיג. דאס הייסט, אז הבתולה מרת חנה פאיע בר׳ חיים לייב גוטוואך משידלעווע איז מיט מזל פאר׳קנס׳ט געווארען צו מורנו ר׳ זונדל בר׳ חיים שמאיע פימפענאטער מווידוקלע.

ווי די גאנצע צערעמאניע האט זיך געענדיגט קומט אריין די קרעטשמערקע און בעט די געסט, זיי זאלען זיך מטריח זיין און געהן צום טיש. די וועטשערע ווערט קאלט.

די קרעטשמערקע שטעלט אַ וועק פאר יעדען גאסט באַזונדער אַ פולע שיסעלע מיט מילכיגע פארפעל־צימעס באשאטען מיט קאנייל און צוקער און דערצו, ווי עס פיהרט זיך ביי גרויסע נגידים, אַ טעפעלע ציקאריע מיט אַ פאר רעטעכלעך צו פארבייסען. די פארפעל־צימעס איז ביי אלעמען געווען אזוי אנגעלייגט, אז יעדער פארפעל האט זיי אויסגעקוקט פונקט ווי א גרויסער פערל אַ האר זאל ניט פעהלען. ביים עסען איז יעדער איינער שטארק פארזיכטיג געווען, אז אַ פארפעל זאל חלילה

ניט אין ניוועטץ געהן און טאמער איז, ניט ווילענדיג, געלעגען צוויי פארפעל אויף חיים שמאיעס בארד, האט חנה פּאיע און זונדעל די אויגען פון איהם ניט ארונטער געלאזען. איהר האט בעשיינפארלעך געקענט זעהן, ווי זיי וואלטען וועלען איינ־שלינגען חיים שמאיען מיט האק און פּאק מיט די צוויי פארפעל צוזאמען הייסט עס, אט אזעלכע טייערע פארפעל צימעס איז דאס געווען.

ר׳ חיים לייב האט אין מיטן עסען געגעבען צו פארשטעהן אז „צפיחית בדבש" האט די תורה געמיינט ניט אנדערש ווי פארפעל צימעס מיט קאנייל און צוקער. חנה פּאיע האט דעם אווענט געשיינט ווי אנ׳אפּגעשייערטע קופּערנע פּענדעל. דעם חתנ׳ס נאז האט געגלאנצט ווי דער קאם פון אַ רויטען האהן. ר׳ חיים לייב איז געווארען שטארק פרעהליך און זיך צו זונגען יאסעלע ראזענבלאט׳ס „אנקת מסלדך" די כלה׳ס פעטער האט געזונגען סיראטעס, „אלו ואלו בצפצוף מצפצפים". חיים שמאיע דער פערדבייטער, דעם חתנ׳ס פאטער הייסט עס, האט אויך ניט געשוויגען. ער האט געזונגען אַ ליטווישען פאלקס־ליעדעל:

| | |
|---|---|
| קור טו בו ווע יאניע | (וואו ביזטו געווען יאניע? |
| אן טורגע פאניע | אויפ׳ן מארק מיין הער |
| קא טו פירקע יאניע | וואס האסטו געקויפט יאניע |
| ארקלעלע פאניע | אַ פערדעל מיין הער). |

מען האט אַ וועק געהולעט ביז אַ שטיק אין דער נאכט. דער קרעטשמער בריינגט אריין שטראה, שפּרייט עס גאנץ פיין אויף דער ערד אויס, מאכט פאר די מאנסבילען אַ ווייכען גע־לעגער ווי גאט האט געבאטען און פאר די ווייבער — הינטערן אויוועז אַ מהלך אַ וועק פון די מאנסבילען.

אויף מארגען אין דער פריה דערלאנגט דער קרעטשמער דעם רעכענונג וואס די מחותנים האבען אנגעצערט: 41 קאפיקעס פאר די פארפעל צימעס, 16 קאפיקעס פער נאכטלעגער אריינ־גערעכענט די ווייבער אויך, 11 קאפיקעס פאר'ן אויבער אלקער, 6 קאפיקעס פאר'ן טאפ וואס מען האט צובראכען און 4 קא־פיקעס פאר זיין אינגעלע, וואס איז נאכגעלאפען ווי אַ הונט היטען די חתן־כלה אז זיי זאלען חלילה ניט ארונטער געהן פון גלייכען וועג. סך הכל 78 קאפיקעס.

ווי זיי האבען איבער געקוקט דעם רעכענונג איז געווארען אַ גאנצער איבעררייד: ווער בעדארף באצאהלען פאר די וועט־טשערע, דער חתן אדער די כלה'ס פאטער? ר' חיים לייב האט אויפגעוויזען מיט אַ גמרא פשט'ל, אז דער חתן דארף באצאהלען, היות ווי חנה פאיע האט פון די פארפעל־צימעס געהאט אַ גרויס הנאה און היות אז פון די הנאה איז איהר צוגעקומען ניט ווייניגער ווי אַ פאר פונט און אפשר נאך מעהר און היות ווי די צוגעקומענע וועט דאך נאך דער חתונה געהערען צו זונדלען, צו חנה פאיעס מאן הייסט עס און היות ווי די גמרא זאגט „כל דבר שבמנין ושבמשקל אפילו באלף לא בטל" (אַ זאך וואס געהט אויפ'ן צאל אדער אויפ'ן וואג ווערט ניט בטל) קומט ממילא אויס אי נאכ'ן דין נאך און אי נאכ'ן שכל נאך, אז ר' זונדעל משלם, דער חתן באדארף באצאהלען. און זונדעל שרייט ניט אנדערש, אז ר' חיים לייב באדארף באצאהלען, מחמת אזוי טענה'ט ער: וויפיעל פלייש חנה פאיע האט געהאט אויף זיך איידער זי האט געגעסען די פארפעל־צימעס איז פאר איהם געגנוג און געגנוג. הלואי — מאכט ער — זאל ער האטש די ביסעל קענען פארנוצען געזונטערהייט, און די צוגעקומענע

פאַר פונט פון די פאַרפעל־צימעס איז ער ר׳ חיים לייבען מוחל. ער מעג זיך האַלטען דערמיט.

דאַ האָט זיך אַריינגעמישט די כלה׳ס פעטער און געמאַכט אַ פשרה, פאַר די פאַרפעל־צימעס — מאַכט ער — איז גאַר קיין ספק ניט אַז דער חתן באַדאַרף באַצאָהלען און וואָס ער טענה׳ט „אַז די צוגעקומענע פאַר פונט איז ער ר׳ חיים לייבען מוחל, ער מעג זיך האַלטען דערמיט״. די טענה הויבט זיך גאַר ניט אָן. אויף אַזאַ מאָדע וועט אויסקומען, אַז אַ כלי־זמר וועט שפּילען פאַר איינעם אַ קאַזאַצקע דער קאַזאַצקעניק וועט זיך אויס־טאַנצען ווי גאָט האָט געבאָטען נאָך דעם וועט ער טענה׳ן ווי וונדעל; ער צאָהלט ניט פאַר די קאַזאַצקע, ער איז דעם כלי־זמר מוחל, ער מעג זיך האַלטען דערמיט. אַזאַ טענה איז דאָך נאַרישקייט שבנאַרישקייט! מוחל היינט – מוחל מאָרגען, דו האָסט געטאַנצט, טו זיי מוחל גוטער ברודער, באַצאָהל! דאָס גלייכען איז מיט׳ן חתן. סוף כל סוף וועט דאָך די צוגעקומענע דאָך געהערען צו איהם, טו וואָס איז שייך דאָרויף מחילה? זיין טענה איז ביי מיר קיין פּיפּקע טאַבאַק ניט ווערט! נאָר פאַר די ציקאָריע מיט די רעטעכלעך איז דער יושר אַז ר׳ חיים לייב זאָל באַצאָהל׳ען.

ווי דער פעטער האָט גע׳פּסק׳נט אַזוי איז עס טאַקע גע־בליבען. דער חתן האָט באַצאָהלט זיין חלק און ר׳ חיים לייב זיין חלק. מען געזעגענט זיך גאַר פריינדליך, טאַקע ווי גאָט האָט געבאָטען און מען איז זיך צופאָהרען ווער קיין שידלעווע און ווער קיין ווידוקלע.

ווי דער חתן איז געקומען אַהיים האָט ער זיך געזעצט שרייבען אַ בריעף צו די כלה.

## דער בריעף צו חנה פאיען

צו מיין הייליגע טהייערע מזוזה׳לה מיט דיין גאלדענעם נאמען וואס בלאנקט פון דער ווייטען ווי אַ פאר אפגעשייערטע לייכטערס, חנה פאיקעלע זאל לעבען!

די הענד אונגעוואשען זאל געבען, אז אויף דיין קאפ זאל זיך שיטען ברכות ווי ווערעמדיגע ארבעס. אמן טאטע זיסער!

באלד ביים ארייןפאהר, קום איך דיר מיין פעסעל האניק צו מעלדען, אז זינט איך בין אַ וועק געפאהרען פון דיר דרעהט זיך מיר מיין קאפ, ווי אַ רעגעלער ווינט־מיל. איך ווייס אסור ניט, אויף וואסער וועלט איך בין דיר. מאהל זיך, אז איך דארף דיר אויסקעהרען די שוהל, הייב איך דיר אן צו קעהרען פון טיר און קעהר דיר ארויף די מיסט אויבען אן. איך זאג דיר חנה פאיקעלע, עס האט דיר פיעל ניט געפעלט וואלט איך דיר געחאפט פון גבאי אזא פראסק, אז עס וואלט מיר ארויס די אויגען פון קאפ. אנוסטען, דו הערסט, איז ער דיר ארויפגעפאלען אויפ מיר ווי אנ׳אפגעריסענער הונט און האט מיר געוואלט צו רייסען ווי אַ הערינג. „סטייטש״! — האט ער געוואלדעוועט — „וואס טהוט זיך דא מיט דיר? זייט דו ביזט מיר פארחראסקעט געווארען, געהסטו מיר עפעס ארום ווי אַ צודרומשקעטער״? וואס זאגסטו צו זיין קאפ? פאר׳קנס׳ט הייסט גאר ביי אים פארחראסקעט? „דו הערסט זונדעל״! — האט ער געגעבען אַ דונער — געפין איך דיר נאך אַ מאל די מיסט אויבען אן, חאפסטו פין מיר אַ תקיעה גדולה, אז דו וועסט דערזעהן דיין כלה אין שידלעווע! וואס קען איך אבער, פרעג איך דיר חנה פאיקעלע, מיך העלפען, אז איך בין דיר איינגעטונקט אין הוילע ליעבע, ווי אַ בולבעס קניידעל אין צימעס? מיין קאפ איז מיר אזוי צודרומשקעט, אז איך ווייס אסור ניט צו הייס איך דיר זונדעל פימפערנאטער

אדער גאר צמח קנאקניסעל? ווען איך וואלט דיר חאטש געקענט זעהן דורך אַ שפּעלטעלע וואלט איך מיך געפּיהלט, ווי אַ גובערנאטאר אויף די אויבערשטע כלים! מאהל זיך ווי פארליעבט איך בין, אז איך זיטץ און עס ציהעט מיר ווי אַ מאגנעט, איך זאל זיטצען מיט'ן פּנים צו שידלעווע. געה איך דיר אין באד, פיהל איך ווי אַ פערד וואלט מיר שלעפּען, איך זאל זיך אויסציהען אויף די פּאלע וואס קעהרט זיך דוקא צו שידלעווע. איך ווייס ניט מיין פּעסעל האניג ווי דו, איך אבער זעה בעשיינפּארלעך, אז אונזער שידוך איז פון הימעל באשערט! הער זיך צו אַ טשיקאווע מעשה: אט געה איך דיר נעכטען אזוי פארטראכטהייט. מיין גאנצע קאפּ איז געווען פארנומען מיט דיר און מיט די געוואלטיגע טהייערע פּארפּעל־צימעס וואס מיר האבען געגעסען. אין מיטען דערינען פארצעפּעט זיך דיר מיין לינקע פוס אן אַ פּלאקען גיב זיך דיר אַ מוראדיגען וואלגער אין די בלאָטע אריין און בלייב דיר אויסגעצויגען ווי אַ פויער פאר אנ'אוראדניק. איך קען זיך פון ארט ניט ריהרען. איך פיהל דיר, אז מיט מיין קנעכעל איז עפּעס ניט ד'אסיג. געחאפּט ווייזט מיר אויס אַ פּאסקודנעם טארקע צווישען די ביינדלעך. ווי איך האב נאר דערלעבט זיך אויפצוהויבען נעהם איך דיר באלד און שאר דיר אפּ די בלאטע פון די הויזען. וויש דיר אפּ דעם פּנים, שפּיי דיר אויס עטליכע מאל און האלט שוין ביים אוועקגעהן. מיט אמאל גיב איך אַ קוק, אז די גאנצע צייט בין איך דיר געלעגען אין די בלאטע מיט'ן פּנים צו שידלעווע. נו, וואס זאגסטו איצטער מיין היטעל צוקער? ד'ארפסטו נאך האבען אַ בעסערען סימן, אז אונזער שידוך איז דיר ווי פון הימעל באשערט? הא? וואס זאגסטו? אפשר ניט אזוי?

ווייטער לאז איך דיר מיין מזוזה'לע וויסען, אז ביי בענצע

דעם פוהרמאן, מיין טאטענס אַ לייבליכער שוועסטערקינד, האט נעכטען מנחה־צייט זיך אויסגעצויגען ניט פאר דיר געדאכט, זיין ברוינע קלאַטשע. געגעבען אַ פגר אַ וועק הייסט עס. און ביי שרה די אלמנה, מיין פעטערס אַ גליד שוועסטערקינד, האט זיך אַרייינגעחאפט אַ דבר אחר אין גארטען און האט, אַ רוח אין זיין טאַטען אריין, אזוי צו קנישעט שרה מלכה׳ן, טפו!... טפו!... איך מיין אזוי שטארק צו קנישעט שרה מלכה׳ס גארטען, אז עס איז, זאג איך דיר, אַ חורבן אַ קוק צו טהאן! שרה מלכה געהט דיר היינט ארום ווי אהן אַ קאפ!

איך לאז געריסען גאר פריינדליך דיין טאטען מיט דיין מאמען מיט דיין פעטער מיט דיין מוהמען. לאז מיר וויסען חנה פאיקעלע אויב עס איז טאקע אמת וואס איך האב גע־הערט, אז ביי אייך האט אויסגעבראכען אַ מגפה אויף ציגען און זיי פאלען דארטען ווי די פריישלעך? מעהר קען איך דיר מיין צוקער לעקעכ׳ל ניט שרייבען, מחמת איך פיהל, ווי עס חאפט מיר די נכפה פון ביינקעניס. די זעלבע פון דיר צו הערען.

פון מיר דיין אייביגער חתן מיט זיין גאלדענעם נאמען זונדעל בר׳ חיים שמאיע פימפענאטער מווידוקלע.

מיין אדרעס: זונדעל חיים שמאיעס, הינטערן שוהל געסעל ביי שרה מלכה נחומ׳ס דער שנויפלער.

טאמער טרעפט מיר ניט דער פורמאן ביי שרה מלכה׳ן טא זיי מוחל, זאג איהם אן, ער זאל מיר זוכען אויפ׳ן בית המדרש בוידעם, מחמת נאך ווארעמעס איז ביי מיר די מאדע זינט איך בין דיר געווארען אנ׳אונטער שמש זיך אויס צו צי־הען אויפ׳ן בוידעם, צו חאפען אביסעל אַ דרימעל. און טאמער האט ער מורא צו קריכען אויפ׳ן בוידעם מחמת דער לייטער

איז אַ ביסעל ניט דאסיג, זאל ער נעהמען גאר אהן קונצען און ווארפען שטיינער אויפ'ן דאך, וועל איך מיך שוין אויפחאפּען.

מעהר קיין נייעס. אט ווי אַ הונגעריגער הונט וויל עסען, אט אזויווארט איך חנה פּאיקעלע אויף דיין ענטפער.

## אַ תשובה פון חנה פּאיען צו זונדלען.

מיין צאצקעדיגער חתן! מיין קרוינציג פון מיין קאפּ! מיין מוציא־חלה מיט האניג מיט דיין שמעקעדיקען נאמען זונדעל פּימפּענאטער! אזיסער לעבען אויף דיר מיט מיר צוזאמען אמן, טאטע זיסער!

ערשטענס קום איך דיר צו מעלדען, אז דיין בריעף וואס איז אנגעפּיקעוועט מיט ליעבע ווי מוראשקעס אויף אַ צוקער־לעקעכ'ל האב איך געקראגען גלייך אין ד'ער פריה גאך אויפ'ן ניכטערן הארצען. וואס זאל איך דיר זאגען, זונדעניו קרוינציג? לייענדיג דעם בריעף האט מיר גענומען ווארפען ווי קדחת אין היץ און אין קעלט. די זעלבע פון דיר צו הערען! צווייטענס שרייב איך דיר וואס די מאמע זאגט. זי זאגט: אז זי קוקט זיך צו, ווי קונציג דו דריידעלסט אויס אַ לַמֶד, איז זי זיכער, אז דו וואלסט געקענט שרייבען אַ פראשעניע אפילו צום קייזער אליין. וואס זאל איך דיר דא פיעל בעריידען מיין צאצקעדיגער חתן? אט וואו איך געה, אט וואו איך שטעה שטעהט מיר פאר דיין ליכטיגער פּנים פאר מיינע אויגען. אַ מינוטעלע, דו הערסט, קריכסטו מיר ניט פון קאפּ אַרויס! אַגומעלט זיץ איך מיר אַזוי פּארטראכטערהייט און זופּ דיר הייסע קאכעדיקע לאקשען אקארשט פון פייער ארונטער. מיט אַ מאל דאכט זיך מיר, אז דו שטעהסט מיר אין מיטען טעלער לאקשען און קוקסט מיר ווי אַ הונט אין די אויגען. איך נעהם און שעפּ דיר אן אפולע

לעפעל, ציהע אויס מיין האנט און וויל דיר ניט־געפרעג־טערה״יט ארײנרוקען די לעפעל לאקשען אין מויל אריין. פלוצ־לונג דערלאנגט דיר דאס ניט די לעפעל אַ פאל פון מיין האנט ארויס און עס פאלט דיר טרעף וואו? טאקע פראמא אויף מיין שויס ארויף? איך זאג דיר זודעניו, עס איז געווען זכות אבות וואס איך האב גערעדט אין דער פריה געהאט דיר אנגעטהאן די מאמעס געשטעפטע וואטאווע אונטערקלייד, אניט — וואלט איך דיר געהאט גאר אַ שלעכטען אפשניט. עס וואלט געווען גאר פאסקודנע מיט מיר! דו פארשטעהסט צו ניט?

וואס זאל איך דיר זאגען, געבענשט זאל זיין, ווידוקלע וואס האט דיר געהאט. איך שווער דיר ווי מיין טאטע הייסט חיים לייב און מיין מאמע — ציפע לאה, אז איך וועל שוין אלע מאל חתונה האבען פון ווידוקלע.

ווייטער וואס דו פרעגסט, אויב עס איז טאקע אמת אז אין שידלעווע האט אויסגעבראכען אַ מגפה אויף ציגען — מוז איך דיר זאגען מיט הארץ קלעמעניש: הלואי וואלט אזוי ניט געווען אמת ווי דאס איז אמת. מיר אליין האבען אויך, ניט פאר דיר געדאכט, פארלארען אונזער ציג. איך זאג אַ ציג! אַ ציג איז דאס געווען? דאס איז דאך געווען אַ ריינער מלאך. ניט דאס האט געבריקעט, ניט דאס האט געשטאכען, ניט דאס איז נאכגעלאפען נאך אַ באק ווי אנדערע פאסקודנע ציגען ארײנגערעכענט דעם רב׳ס ציג אויך. ניט דאס האט געבראקירט. אט וואס מען האט איהר מכבד געווען האט זי געגעסען און קיין מאל אפילו קיין קרים זיך ניט דערלאנגט. און מילך האט זי געגעבען דוקא פאר צוויי ציגען צוזאמען. אז איך זאג דיר זונדעניו אַ ציג אַ מלאך, ווייס איך וואס איך זאג! איך רייד דיר ניט גלאט אין די וועלט אריין. וואס אמת — איז אמת.

צו פארלירען אזא ציג איז אזא ריס אין הארצען ווי מען פאר־לירט חלילה אַ רביצין אין אַ שטעדטעל. דו פארשטעהסט צו ניט? אלע געהן דיר ארום ווי צו מישט. מען קען קיין קאפ ניט אויפהייבען. געניטע מענשען זאגען, אז די מגפה איז גע־קומען פון אַ ליקע לעוואנע (לקוי לבנה). זיי זאגען, אז אַ ליקע לעוואנע איז פאר ציגען אַ סכנת נפשות. אנוסטען אזוי דער־צעהלט די מאמע, האט אין ליגעם זיך ארייגעהאפט אַ ליקע לאוואנע, האט זי אין איין נאכט אויסגעלייגט אלע ציגען, אז עס איז דיר ניט געבליבען אַ ציג אפילו אויף א רפואה.

זעה, איך האב דיר באלד פארגעסען צו שרייבען, אז ביי די מוהמע ביילען איז אין אַ שעה צייט פארחאפט געווארען צוויי ציגען מיט אַ מאל. מעהר קיינע נייעס. די זעלבע פון דיר צו הערען. איך גריס גאר פריינדליך דיין טאטען מיט׳ן שוועסטער קינד.

פון מיר וואס קען ניט אויסקומען אהן דיר ווי צימעס אהן אַ טראפען טרוקענע שמאלץ

חנה פאיע גוטוואך.

מיין נייע אדרעס: חנה פאיע ר׳ חיים לייב׳ס ארונטער שלמה דעם בלעכערס בערגיל, געגען איבער צוצולינציקס קרעטשמע צוויי שפרונגען פון באד געסעל.

וואכען לויפען וואכען פליהען. דער באשטימטער טאג פון דער חתונה רוקט זיך אלץ נעהנטער און נעהנטער. דער זארג ווי די חתונה צו וועגען צו ברייגגען ווערט פון טאג צו טאג גרעסער און גרעסער. דער הויפט- זארג איז ביי ציפע לאה׳ן: וואו נעהמט מען פאר חנה פאיען אַ חופה קלייד? ר׳ חיים לייב גיט איהר אנ׳עצה: זי זאל נעהמען איהר ברוינע שבת׳דיגע טוכענע קלייד און דאס איבערניטצעווען אויף אַ חופה קלייד,

געזאגט און געטהאן. ציפע לאה נעהמט די קלייד אין האנד
אריין, גיט ראפטום אַ דרעה איבער אויף די לינקע זייט, קוקט
זיך גוט איין אויב עס איז דא געגוג זאפאס ארויס צו לאזען,
אז חנה פאיע זאל קענען אין די קלייד ווי עס איז זיך אריינ־
קוועטשען. לאזט פונאנדער די נעט און נעהמט עס ווי א געניטע
שניידערקע צוזאמענשטעלען אזוי קונציק, אז מען זאל זיך ניט
קענען חאפען, אויב דאס איז אנ׳איבערגעניצעוועטע קלייד אדער
ניט. ווי זי איז פארטיג געווארען מיט׳ן נייען, חאפט זי דעם
פלעט אייזען און נעהמט אויסגלייכען די קנייטשען. זי איז
אזוי לאנג געפאהרען מיט׳ן פלעט אייזען הין און צוריק ביז
עס איז ניט געבליבען אַ קנייטש אפילו אויף אַ רפואה, די קלייד
האט אייך אויסגעקוקט ווי אקארשט פון נאדעל ארויס. גאר
הינטען, איך בעט אייך איבער אייער כבוד, איז נאך ניט געווען
אזוי גלאטיג ווי עס דארף צו זיין. זי שטעלט ארויף דעם פלעט
אייזען אויפ׳ן פייער, מאכט עס אביסעל הייסער, האפט ארונטער
און גיט ראפטום אַ שטעל אנידער אויף די קלייד. נו, וואס
קלעהרט איהר? דער הייסער פלעט אייזען האט אין קוק אויס־
געברענט אַ גרויסע לאך אין קלייד, גרויס ווי אנ׳אייערבייגעל.
ציפע לאה האט ארויסגעלאזען אזא מוראדיגען קוויטש, אז ביי
ר׳ חיים לייב איז באלד די הארץ איינגעפאלען. ניט טויט —
ניט לעבעדיג לויפט ער צו צו איהר און גיט אַ פרעג: וואס האט
דא פאסירט ציפע לאה? זאג? וואס שווייגסטו? וואס? דער
לשון האט דיר אפגענומען? ציפע לאה שטעהט ווי פארשטיינערט,
זי קען קיין ווארט ניט ארויסריידען.

מיט אַ מאל פאלט זי ארויס מיט אַ געוויין און נעהמט
טענה׳ן ווי אויף אַ בית־עולם:

— אוי וועה איז מיר! אוי ווינד איז מיר! וואס טהוט

מען? וואס טהוט מען? וואס פאנגט מען אן צו טהאן? וואו זאל איך איצטער נעהמען פאר איהר אַ חופה קלייד? עס וועט דאך זיין אַ שאנדע אין פנים און אַ וועהטאג אין הארצען, אז חנה פאיע וועט דארפען שטעהן אונטער די חופה אין אַ קלייד מיט אנ׳אויסגעברענטע לאך? געוואלד געשריען — נעהמט זי טענה׳ן מיט טרעהרען: וועלכער טייפעל האט מיר געשלעפט איך זאל דיר געהן אנווארעמען דעם פלעט־אייזען? און וואו איז מיין שכל געווען צו נעהמען דעם אייזען און דערלאנגען ראַפּטום אַ שטעל א נידער אויף די קלייד? פאר וואס האב איך ניט פריהער איינגענעצט דעם פינגער אין מויל און אַ טאַפּ טהאן די מאשינקע וואלט איך דאך געזעהן אז דאס איז הייס ווי פייער? אוי וועה איז מיר! איך האלט ניט אויס חיים לייב! איך מוז מיר פון צרות זיך אנטהאן אַ מעשה!

זי נעהמט זיך רייסען די האר פון קאפּ און וויינען אויפ׳ן קול.

— שא! שא! ווייָן ניט אזוי! רופט זיך אן ר׳ חיים לייב מיט אַ רחמנות פנים — זיי מוחל גיב מיר אקארשט אהער די קלייד, נאמיך אקארשט אַ קוק טהאן, ווי זי זעהט מיר אויס.

ער נעהמט די קלייד אין האנד אריין און הייבט איהר אן דרעהען פון אלע זייטען. פלוצלונג גיט ער אַ פּאטש מיט די הענד און אַ געשריי אויפ׳ן קול:

— עס איז שלעכט, ציפּע לאה! אבער טאקע שלעכט! שלעכט און שלעכט איז ניט גלייך! דאס איז דאך עפּעס, אוי וועה איז מיר, גאר אַ גרויסער אונגליק! ווי אויף צו להכעיס פאלט אויס די לאך גאר אויף אַ פּאסקודנעם ארט. אקוראט אויפ׳ן סאמע רעספּעקט צו מעלדען.

ווי אנ׳אונטערגעהאקטער בוים פאלט אברהם לייב אין קנאפּע

ארײן. װארפט אריבער אײן פוס איבער די צװײטע גיט אַ שאר די היטעל ארויף, חאפּט דעם שפּיץ בארד אין מויל ארײן און פארטראכט זיך טיעף און ערענסט. מעהר װי אַ האלבע שעה איז אברהם לײב געזעסען װי פארגליװערט און האט קײן װארט ניט גערעדט. מיט אַ מאל האט זײן פּנים אויפגעשײנט װי בײ אַ מײדעל, אז אַ יונגער מאן קומט איהר אנטגעגען מיט אַ קעסטעל שאקאלאדע, און רופט זיך אן מיט שמחה:

— מזל טוב דיר ציפּע לאה! איך האב דיר געחאפּט, דו הערסט, אַ טײערען אײנפאל, אז מען זאל דיר אויף נאמנות גאר ניט אנהײבען צו װיסען, אויב אין די קלײד איז דיר װען עס איז געװוען אַ לאך אדער ניט!

— אדרבא! — רופט זיך אן ציפּע לאה מיט טרעהרען אין די אויגען — נאמיך טאקע הערען דײן טײערען אײנפאל? װי האט געזאגט די מאמע ע״ה? „װאו עס איז דא תורה—דארטען איז דא חכמה!"

— דו זעהסט גאר ניט? — רופט זיך אן ר׳ חיים לײב מיט שטאלץ און בשעת מעשה קוקט ער אויף זיך ניט װי אויף אַ געװעהנליכען מענשען. ער איז מיט אַ מאל אויסגעװאַקסען בײ זיך אין די אויגען מי יודע װי גרויס — איך פארשטעה ניט, דו זעהסט גאר ניט, אַז אויף דעם ארט װאו עס איז דא די לאך בעט זיך שטארק אַ קעשענע? פרעג ניט און טראכט ניט! געה שוין און נעה דארטען אײן אַ הינטער קעשענע! דו פארשטעהסט צו ניט?

— אלע בײזע חלומות טאטע זיסער זאל אויסגעהן, צו אלע מײנע שונאים׳ס קעפּ און צו אלע װאס װינשען אידען בײז! — גיט ציפּע לאה אַ פײער — ביזטו שונא ישראל משוגע אדער חסר דעה? װי געהט מען דאס, זאג מיר, און מען

נעהמט און מען נעהט איין ניט דיר ניט – ניט מיר ניט אַ הינטער קעשענע אויפ׳ן סאמע זיטצער? די מחותנים וועלען דאך קייכען אין די הויפּענס? דאס וועט דיר דאך אויסקוקען פּונקט ווי אונזער רב זאל דיר געהן און אנגעהען אַ קאקארדע אויף זיין יארמולקע? געה שלאפען חיים לייב! דו ווייסט אסור ניט אויף וואסער וועלט דו ביזט! דו מיינסט, איך ווייס נים, אז ביי דיר וואלט זיין רעכט, אז חנה פאיע זאל דיר אנטהאן אַ חופּה קלייד, וואס זאל מיר אויסקוקען ווי אַ רעגענבויגען: פון פארענט בלוי, פון הינטען רויט און פין ביידע זייטען געל און גרין? וואס? דיר אַהרט אַ סך אויב מען וועט פון איהר מאכען אַ טורע? אבי זי איז דיר ארונטער פון קאפּ! חתונה געמאכט און פארטיג! וואס מיינסטו, אַ חופּה קלייד איז דיר אַ גמרא דריידעל? זעה, טהו מיר אַ טובה, שווייג בעסער! אויב דיר האט זיך שטארק פארוואלט נעהען הינטער קעשענעס, טא זיי אזוי גוט, געה נעה איין אַ הינטער קעשענע אין דיין ווייסען האהן! איהם וועט אויף נאמנות בעסער פאסען אַ הינטער קעשענע ווי אונזער חנה פאיען! דו הערסט וואס איך זאג דיר?

– עס נארישקייטען! – גיט חיים לייב אַ מאך מיט׳ן האנד – עס איז פּונקט קאפּויער ווי דו זאגסט! אדרבא ואדרבא! די קעשענע, זאג איך דיר, וועט צו געבען אלע זיעבען חן׳ען! די קלייד וועט זיין איינע אין שטעדטעל! זייט שידלעווע שטעהט האט נאך, דו הערסט, קיין כלה מיידעל ניט געטראגען אַ חופּה קלייד מיט אַ הינטער קעשענע. מיט אזא טשיקאווע קלייד בין איך זיכער, ווי הייגט איז מאנטאג אויף דער וועלט, אז אלע שידלעווער מיידלעך וועלען איהר שטארק מקנא זיין! דו פארשטעהסט צו ניט?

– מאמע! – רופט זיך אן חנה פאיע מיט אַ זיכערען

טאן — דער טאטע איז אויף נאמנות געדעכט! מיט אזא קלייד ווי עס וועט זיין מיינע האט נאך שידלעווע אין די אויגען ניט געזעהן! ווער רעדט נאך מאמע, אז דו וועסט נעהמען די קע־שענע און איהר ארומליאמעווען מיט רויטע בענדלעך, זאג איך דיר, ווי איך בין א אידישע טאכטער, אז די קלייד וועט פאַר־שיינען די גאנצע חתונה! האַ? ווי זאגסטו מאמע? אפשר ניט אזוי?

ציפע לאה האט זיך געלאזט איבער ריידען. זי האט אייך די קעשענע איינגענעהט אזוי קינציג, אז איהר האט אסור ניט געקענט דערקענען אויב אין די קלייד איז ווען עס איז געווען אַ לאך אדער ניט. עס איז געווען, זאג איך אייך אַ מחיה אַ קוק צו טהאן אויף איהר, אויף די הינטער קעשענע הייסט עס.

ר׳ חיים לייב האט געגעבען נאך אנ׳עצה, חנה פאיע זאל אריין פאקען אין קעשענע איהר שבת׳דיגען שניפסטוך. אויף אזא מאדע, מאכט ער, וועלען אלע זיך קענען חאפען, אז אין די קלייד געפינט זיך אַ הינטער קעשענע.

דער טאג פון דער חתונה איז געקומען.

די גאנצע שטעדטעל איז ווי אויף רעדלעך. מיידלעך לויפען ארום ווי פאר׳סמ׳טע. איינע זוכט אַ בענדעל פאר די האר. אַ צווייטע — אַ קרומע קעמעל. אַ דריטע — פאזניצקעס פאר די זאקען. אַ סך לויפען, לכבוד חנה פאיעס חתונה, אין באד אריין. ציפע לאה לויפט ארום פארשמאיעט פון איין געוועלב צו די צווייטע, איינצוקויפען אלץ מיט אנאנדער, וואס עס איז נעהטיג פאר די חופה וועטשערע.

— איך וואלט זאגען — רופט זיך אן ר׳ חיים לייב צו ציפע לאה׳ן — מיר זאלען ארויס ווארפען די קאנאפע פון שטוב. ערשטענס פארנעהמט אזא באַלדע צו פיעל ארט. און צווייטענס, האלט זיך דאס קוים אויף היהנערשע פיסלעך. טאמער חלילה

זעצט זיך ווער עס איז א וועק אויף איהר וועט זי געוויס ניט אויסהאלטען! אז זי שטעהט — שטעהט זי, צעפּענען איהר איז חיות ניט זיכער.

— דו מיינסט חיים לייב, אז די קאנאפּע וועט דיר דורך געהן דורכ׳ן טיר?

— מיט שכל ציפּע לאה קען מען אלץ מאכען! אז דו וועסט פארשטעהן ווי מען דארף זיך קירעווען וועט דיר דורכ־געהן לייכט ווי אַ האר פון מילך.

ר׳ חיים לייב נעהמט אן די קאנאפּע פון איין זייט, ציפּע לאה פון דער צווייטער זייט. ער פאראויס — זי נאך איהם.

— גיב אַ דרעה די לינקע פּיסעל אן אַ זייט! הייב אַ ביסעל העכער! אט אזוי! אט אזוי! איצטער ציפּע לאה קירעווע זיך רעכטס! וואס טהוסטו? דו דרעהסט זיך דאך לינקס! לאז ארונטער אַ קאפּעצקע נידעריגער! דרעה זיך מיט די גאנצע קאנאפּע צו מערב זייט! וואס דרעהסטו זיך אין האצע־פּלאצע? קירעווע זיך צום קאמאד צו! גיב אַ שלעפּ אביסעל צו זיך! נאך אַ הארעלע! איצטער שטופּ מיט אלע כחות.

— חנה פאיע קום אַ הער! — שרייט ציפּע לאה אויפ׳ן קול — קום העלף אביסעל!

ווי חנה פאיע איז צו געקומען און צוגעלייגט אַ פינגער איז די קאנאפּע דורך געפלויגען דורכ׳ן טיר, ווי אַ גנב דורך אַ פענסטער און פארטיג! די קאנאפּע ליגט שוין אויף דרויסען.

— איצטער חיים לייב געה גלייך און שיק ארויס די כלי־זמרים, נאמיך אקארשט אבפּטר׳ן דעם „דאבריזים״!

איך זעה געעהרטע לעזער ווי איהר שטעהט און קלעהרט וואס פאר אַ מאכל דאס איז „דאבריזים״ איהר ווייסט פשוט ניט

מיט וואס מען עסט דאס? טא, זייט אזוי גוט, הערט זיך צו וועט איהר וויסען.

דאס איז ניט קיין געריכט. דאס איז ניט קיין געטראנק. דאס איז אַ מין איינלאַדונגס־קארטע: אין ליטע איז געוועזן די מאדע, אין דעם טאג פון דער חתונה פלעגט מען ארויסשיקען די כלי־זמרים זיי זאלען געהן פון הויז צו הויז שפילען „דאב־ריזים”. איינלאדען אויף חתונה הייסט עס. דער אונטער שמש לויפט פאראויס אנצוצייגען די כלי־זמרים וואו זיי דארפען געהן. נאך איהם געהן די כלי־זמרים און נאך זיי אלע אינגלעך פון שטעדטעל.

ווי די כלי־זמרים קומען אריין אין אַ שטוב, נעהמט דער פידלער און שפילט אויף אַ מאַרש. דער באס האלט איהם אונ־טער. דער פייקלער שווייגט אויך ניט, ער פארט מיט'ן גראבען פינגער איבער'ן פייקעל, דער פייקעל נעהמט אזוי מורא'דיג ברומען, אז עס חאפט אייך אן אַ גרויל הערענדיג. דער פידלער גיט אַ פאר מאל אַ פאהר מיט'ן שמיטציג. דער באַס דאס גלייכען און שוין פארטיג, שוין איינגעלאדען אויף חתונה הייסט עס. די בעל־הבית'טע שלעפט ארויס פון זאק אַ קופערנע מטבע אוןווארפט אין פייקעל אריין. די כלי־זמרים ווינשען איהר: „גאט זאל געבען אין גיכען צו שפילען דאבריזים ביי איהרע קינדער אויף חתונה”! און געהן ווייטער.

(עס טרעפט אַ מאל, אז די בעל הבית'טע איז אַ דבר אחר'טע, זי זשאלעוועט ארייצוווארפען אין פייקעל — שיקט זי ארויס איהרע אינגעלע, ער זאל זאגען די כלי־זמרים אז די מאמע איז ניטא א היים. דער אינגעלע פארשטעהט ניט די מאמעס חכמה, קומט ער ארויס און מאכט צו די כלי־זמרים: די מאמע האט געזאגט, אז זי איז ניטא אהיים. די כלי־זמרים

מאכען אַ שווייג און געהן זיך אַ וועק אַ קוראַט ווי ניט זיי מיינט מען דאס. שפּעטער אבער רעכענען זיי זיך מיט איהר גוט אפּ, ווען דער בדחן רופט אויס „כשר־טאַנץ״ זאָגען זיי איהם אָן, אַז די דבר אחר׳טע זאָל ער פאַרגעסען אויס צו רופען, דאָס איז פאַר איהר. איהר הערט, אַזאַ קלאַפּ אַז זי וואָלט קענען, וואָלט זי זיך באַגראָבען לעבעדיגערהייט. אַלע געסט שטויסען זיך באַלד אָן, אַז די בעל הבית׳טע האָט מסתמא געזשאַלעוועט אַריינצו־וואַרפען אין פּייקעל).

ווי די כלי־זמרים זיינען פאַרטיג געוואָרען מיט׳ן דאַבריזים, איז ר׳ חיים לייב מיט די גאַר נאָהנטע מחותנים אַרויס געפאָהרען מקבל פנים זיין דעם חתן. מיינער איז אויך געוועזען אַ בעלן צו זעהן ווי מחותנים באַגעגענען זיך אויפ׳ן וועג. בין איך מיך מישב און גיב מיר, ניט געפרעגטערהייט, אַ חאַפּ אָן הינטען אָן וואָגען און אויף אַזאַ מאָדע, היינגענדיג הינטערן וואָגען הייסט עס, בין איך מיך געפאָהרען ווי אַ גראַף מקבל פנים זיין דעם חתן מיט אַלע מחותנים צו גלייך, אפילו אַ האָר זאָל ניט פעהלען.

ווי די מחותנים האָבען זיך צוזאַמען געטראָפען איז גע־וואָרען ששון ושמחה. ר׳ חיים לייב האָט געטיילט לעקעך מיט בראַנפען, ווי גאָט האָט געבאָטען און מען איז באַלד צוריק געפאָהרען.

פאַרשטעהט זיך, אַז איך אויך. היינגענדיג ווי אַ גראַף הינטערן וואָגען הייסט עס.

דער שליח, וואָס איז געשטאַנען אָנגעגרייט ער זאָל קומען אָנזאָגען אויב די מחותנים פאָהרען, ווי ער האָט נאָר געהערט אַז אַ פור מיט אַ גלאָק קומט אָן, חאַפּט ער הענט און פיס און נעהמט לויפען ווי דער רוח וואָלט איהם געטראָגען. ער איז מיט אימפּעט אַריין אין שטעדטעל און גענומען טרובענען מיט

אַ טרובקע טו—רו... טו—רו... טו—רו... מחותנים פאהרען! מיידלעך און ווייבלעך האבען זיך מיט אמאל אַ לאז געטהאן צו די פענסטער צו האפען אַ קוק אויף אלץ מיט אנאנדער.

ווי די מחותנים זיינען אנגעקומען אין שטעדטעל האט דער בעל העגלה געגעבען אַ קירעווע דעם פערד אויף סלאָ־באדקער געסעל, וואו די כלה׳ס פעטער וואהנט. דער פעטער נעהמט דעם חתן פאר׳ן לאץ אן, פיהרט איהם מיט גרויס כבוד אין קיך אריין און ווייזט איהם אן אויף אַ שיסעל וואסער וואס איז געשטאנען אנגעגרייט פאר זיין כבוד וועגען. דער חתן צוואגט זיך גאנץ שעהן און גאנץ פיין אויס, ציהעט ארונטער פון זיך זיינע וואכעדיגע שפאנגע צייג, וואַרפט זיך אריין אין זיינע חתונה מלבושים און קומט אייך ארויס אויסגעפוצט אין אַ בלויהען שטאן־ראק, וואס האט אויסגעזעהן ניט פיעל איינגער פאר איהם אליין. פין די הינטער קעשענע האט ארויס געקוקט אַ ברוינער שניפסטוך מיט אַ ווייס־שווארצען קאנט. און כדי עס זאל האבען מעהר פנים, דאס הייסט עס זאל זיין ריכטיג צו געפאסט צום בלויען שטאן־ראק מיטן ברוינעם שניפסטוך האט ער אנגעטהאן אַ פאר ברייטע גרינע געקעסטעלטע הויזען. שייך ברייט? ברייט און ברייט איז ניט גלייך! איהר מעגט מיר גלויבען ווי מיין נאמען איז ניט צפורה, אז אין זיי, אין די גרינע געקעסטעלטע הויזען הייסט עס, האט אייך געקענט וואהנען, איך בעט אייך איבער אייער כבוד, צוויי אונטער שמשים און אויב איהר ווילט — דריי אויך. אט אזוי ברייט איז דאס געווען! אויפ׳ן קאפ האט ער געטראגען אַ הארטען, שווארצען, צוביילטען קאפעליוש מיט אַ גרויסע לאך אין מיטען. די לאך איז געווען אזוי קונציג פארשטאפט מיט וואטע, אז איהר האט אסור ניט געקענט טרעפען אויב דארטען איז אַ לאך אדער סתם אַ ווייסער

פלעק פון שעהנקייט וועגען. זיינע הענט רוהען קיין מינוט ניט. אלע ווייל גיט ער אַ שאר דעם קאפעליוש ארויף. אבער ווי אויף צו להכעיס הייבט דער קעפעליוש ווידער אן לאנגזאם, לאנגזאם זיך ארונטער צו לאזען און בלייבט ליגען אין גאנצען אויפ'ן פאטילניצע. ווי ביי שמערע יאסע דעם מלמד.

אויב איהר האט געדולד, דערצעהל איך אייך, וואס מיט שמערע יאסען האט געטראפען.

ביי שמערע יאסע דעם מלמד, איהר הערט, האט ערב יום כפור אַ הוהן אנגעהויבען פורפלאט צו קרעהען ווי אַ האהן. לייגען אייער הייסט עס לייגט זי ווי אלע היהנער נאר קרעהען— קרעהט זי, ניט פאר קיינעם געדאכט ווי אַ האהן. שמערע יאסע דער מלמד האט דערלאנגט אַ רוק די היטעל ביז'ן פאטילניצע און זיך אַ וועק געזעצט קלעהרען, וואס טהוט מען דא? ווער זאל מיט די הוהן שלאגען כפרות און ווי דארף מען זאגען? זאל מען זאגען „זה התרנגול ילך למיתה" איז דאך די קשיא פארוואס לייגט דאס אייער? אלא ווי דען? מען זאל זאגען „זאת התרנגולת תלך למיתה" איז דאך צוריק די קשיא: פאר־וואס קרעהט דאס ווי אַ האהן? שמערע יאסע איז אַ פארמאַ־טערטער געווארען טראכטענדיג, ווי ער זאל דא פסק'נען. ער איז געבליבען זיטצען מיט די היטעל פאררוקט אויפ'ן פאטילניצע און האט בשום אופן ניט געקענט זיך דערגרונטעווען ווי ער זאל דא טהאן.

איצטער ווייסט איהר שוין וואס מיט שמערע יאסען האט געטראפען? נו איז גוט? טא נאמיך ווייטער אנגעהן מיט'ן חתן!

אויפ'ן האלז האט ער געטראגען אַ רויטען שניפס אנגע־צעפעט אן אַ זאלאשקע. אויף די פיס האט ער געטראגען אַ פאר לאנגע שטיוועל באשלאגען מיט פאטקעוועס, ווען ער איז גע־

גאנגען האבען די שטיוועל אזוי געסקריפעט, אז עס איז געווען אַ מחיה צו הערען. איך מוז אייך זאגען דעם אמת, וואס האב איך מיר דא פאר אייך צו לייקענען? זיינע שטיוועל זיינען מיר אזוי שטארק געפעלען געווארען, אז איך האב כמעט ביי זיך אין הארצען געשווארען: אט ווי איך ווער אייך נאר אַ חתן און דער מחותן גיט מיר האנטגעלט אויף זיך אויסצוקליידען מאך איך מיר די ערשטע זאך אַ פאר שטיוועל וואס זאלען סקריפענען.

איז דאך אבער דא אין שידלעווע נחום דער געהאַפטער? געהאַפטער האט מען איהם גערופען, מחמת שמונה־עשרה פלעגט ער שטעהן מיט די פיס פונאנדערגעשפרייט ווי אַ רעגעלער קאמעדיאנשציק. שמע־ישראל פלעגט ער שרייען אין גאנצען מיט אפענע אויגען אקוראט ווי שמע ישראל וואלט ביי איהם געווען דער צווייטער יקום־פורקן אדער גאר במה־מדליקין, און די נעגעל פלעגט ער אלע מאל ווארפען ווי אַ פויער אויף דער ערד. אט דער נחום דער געהאפטער איז אייך געווען א בעלן צו וויסען, פון וואנען אַ שטייגער האט דאס דער חתן געקענט האפען אַ זעלכע טייערע אנטיקען? געהט ער צו פראמא צום חתנ׳ס פעטער, גיט איהם אַ צופ פאר׳ן ארבעל, רופט איהם אפ אן אַ זייט און מאכט צו איהם מיט אַ פריינדליכע מינע: זאגט־זשע מיר ליעבער איד, וואו אַ שטייגער האט דאס דער חתן געפאקט ביי אייך אזא טשיקאווען קאפעליוש?

דער קאפעליוש — מאכט דער פעטער בתמימות — האט היינ־טער זיך גאר אנ׳אלטע היסטאריע. די מעשה איז אזוי: זיין זיידע איז אַ מאל ניט פאר אייך געדאכט, שטארק קראנק גע־ווארען. זיין ווייב, נעכע בערע לאה׳ס האט מען איהר גערופען, האט איהם געַעצה׳ט, ער זאל נעהמען און זיך אריבער האפען

אין קעניגסבערג, זיך צו פרעגען ביי די פראפעסארען. צוריק קומענדיג האט ער אייך מיט געבראכט, איהר הערט, אט דעם דאזיגען קאפעליוש. איך געדיינק נאך ווי היינט וואלט דאס געווען, אז גאנץ ווידוקלע איז געלאפען אויפ׳ן וואונדער אנצו־קוקען דעם דאזיגען אנטיקעל. ווען זיין זיידע איז געשטארבען, איז דער קאפעליוש איבערגעגאנגען ווי אַ פארשלעפטער קריינק צום זוהן, צום חתנ׳ס פאטער הייסט עס. דער טאטע זיינער האט גענומען דעם קאַפעליוש און איהם משלח געווען אויפ׳ן בוידעם, פאר די היהנער איז דער קאפעליוש, זאג איך אייך, געווען ווי פון הימעל ארונטער געפאלען. ניט איין הוהן, איהר הערט, איז אין קאפעליוש געלעגען געווארען. האב איך דאס, טאטע זיסער, די רובעלס צו ציילען וויפיעל קימפעטס דער קאפעליוש האט שוין דורך געמאכט. איצטער פארשטעהט איהר מיך האט גענומען דער אייניקעל, דער חתן הייסט עס, ארונטער געשלעפט דעם זיידענס קאפעליוש פון בוידעם ארונטער, האט דאס גאנץ שעהן און גאנץ פיין ארום געקראצט און ארום געשייערט, די לאך האט ער מיט וואטע פארשטאפט און האט, אט ווי איהר קוקט איהם אן, זיך אויסגעפוצט צו זיין חתונה מיט זיין זיידענם קאפעליוש.

נו, איצטער פארשטעהט איהר שוין ווי אזוי דער חתן קומט צום קאפעליוש?

— געוויס פארשטעה איך! פארוואס זאל איך עפעס ניט פארשטעהן? אבער זאגט מיר, איך בעט אייך, וואו האט ער, מאמע מיינע, געקענט האפען אזא רויטען שניפס? זאגט מיר פעטער דעם אמת, איז אפשר דער חתן אַ סאציאליסט, וואס וויל איבער קעהרען די גאנצע וועלט מיט די קאפ ארונטער און מיט די פיס אין דער הויך?

— זייט מוחל ר׳ איד — רופט זיך אן דער פעטער פאר־וואונדערט — וואס רעדט איהר מיר עפעס, נעהמט ניט פאר אומגוט, אזעלכע קינדערשע זאכען? ווי קומט, איך בעט אייך, אַ קאץ צו הבדלה? איך מיין: ווי קומט אייך אַ אונטער שמש צו סאציאליזם? גאר ווי איך שטויס מיך אן האט מיט׳ן שניפס געמוזט פאסירען אזא מעשה, אנדערש קען ניט זיין, מחמת אז איהר זאלט זוכען און זיפען וועט איהר ביי אונז אזא רויטען שיר־המעלות ניט געפינען.

די מעשה איז אזוי:

ביים גלח פון שטעדטעל, איהר הערט צו ניט, דיענט אַ שייגעץ. דער שייגעץ דארפט איהר וויסען, איז ניט פון די פראסטע בשר־ודמ׳ניקעס. מען מורמעלט שטארק, אז דער גלח גופא זאל טאקע זיין זיין אמת׳ר טאטע פון אַ גאספאדיניע לא עליכם. האט ער מסתמא דעם דאזיגען אנטיקעל, אזוי לייגט זיך אויפ׳ן שכל, אבגעקויפט פון שייגעץ פאר אַ טרונק בראנפען. אנדערש לאזט זיך ניט שיקען! הא? וואס מיינט איהר? אפשר ניט אזוי?

איך זאג אייך ר׳ קרוב, אז פון היינטיגע יונגע חברה איז גאר ניט אויס צו האלטען. דאס זיינען אייך רח״ל לא מדובשך ולא מעוקצך, ניט פאר גאט און ניט פאר לייטען. אנדערש פאסט גאר ניט דעם מאנארך מיינעם ווי רויטע שניפ־סען? אַ ניט — וועט ער אייך חלילה ניט קענען הייצען די אויוועגס? אז מען שמועסט אנ׳אויסגעלאזענע וועלט — איז דאך ניט שייך?

ווי דער חתן איז אריינגעקומען אין אויבער אלקער האט די כלה׳ס פעטער איהם אַ נעהם געטהאן פאר׳ן ארבעל, ווי עס פיהרט זיך ביי לייטען, און איהם ארויף געפיהרט אויבען אן.

גאר די נאהנטע פריינד האבען זיך געזעצט הארט נעבען חתן און די איבעריגע, די ניט געבעטענע, די צוזאמענגעלאפענע הייסט עס, זיינען געשטאנען אין מיטען שטוב צוזאמענגע־קוועטשט ווי אַ טונקעל זויערע אוגערקעס. מיט אַ מאל הערט זיך אַ געשריי: „יאסקע לאכודרעס! אַ פייער אויף דיר! וואס האסטו מיר זיך דא עפעס צו שפרייט ווי ביי דיין טאטען אין ווייגגארטען? שטורכע מיר ניט מיט דיין פּאסקודנעם עלענבויגען אין זייט אריין, אַ ניט — האפּסטו מיר באלד אַ תקיעה גדולה, אז דו וועסט זיך פארדרעהען״!

צוויי שוועסטער קינדער און אַ פעטער פון די כלה׳ס צד זיינען ארומגעגאנגען צווישען עולם. דער פעטער האט געטראגען אַ ציכעל אנגעפּאקט מיט צוקער־קיכלעך, דער עלטערער שוועס־טער קינד האט געהאלטען אין האנט אַ פלאש בראנפען מיט אַ גלעזעל און דער אינגערער — אַ טאפּ טייגלעך מיט אַ לעפעלע. די לעפעלע האט ארויסגעקוקט פון טאפּ ארויס ווי אַנ׳אתרוג פון אַ צוקער פושקע. דער עלטערער שוועסטער־קינד גיסט אן אַ גלעזעל בראנפען, געהט צו פּאמעלעך צו אַ גאסט און איז איהם מכבד מיט ברכה. ווי דער גאסט איז פארטיג געווארען מיט די גלעזעל בראנפען, שפּרינגט אונטער דער אינגערער שוועסטער־קינד מיט׳ן טאפּ טייגלעך, חאפּט די לעפעלע, רוקט איהר טיעף אין טאפּ אריין און שלעפּט ארויס אַ טייגעל גרויס ווי אַ בער. דער גאסט עפענט די מויל און דער שוועסטער־קינד רוקט איהם דעם טייגעל פּראמא אין מויל אריין. מאנכע שמד העלזער, נאשערס הייסט עס, האבען אנגעחאפּט דעם שוועסטער־קינד פאר׳ן האנט און ניט אפּגעלאזען ביז זיי האבען ניט גוט אפּגעלעקט די לעפעלע. יאסקע דער שוסטער האט אזוי לאנג געלעקט ביז ער האט ניט געחאפּט פון בענצקע דעם פורמאן אַ ריב אונטערן מארדע.

ערשט דאן האט ער זיך דערמאנט אז ער דארף ארויסלאזען די לעפעלע פון מויל.

נאך איהם קומט צו דער עלטערער פעטער די קאפ פארריסען אין דער הויך, די היטעל אן אַ זייט, רוקט אריין די האנט אין ציכעל אריין און איז מכבד דעם גאסט מיט אַ צוקער קיכעל וואס צוגעהט אין אלע גלידער. דאביי ווינשט ער איהם: ער זאל דערלעבען צו טיילען צוקער קיכלעך ביי זיינע אייגענע קינדער אויף חתונה (א מאדנע זאך: קיינער פון די געסט האט זיך ניט פארגונען אויף צו עסען דעם קיכעל; אלע האבען דעם קיכעל אריינגערוקט טיעף אין בוזעם קעשענע אריין פאר זייערע קינדערס וועגען). אויף אזא מאדע האבען אלע געסט געקראגען זייער חלק, קיינער איז ניט געקריוודעט געווארען.

אין דער צייט ווען אלע געסט האבען געגעסען און געטרונקען האבען בשעת מעשה די כלי־זמרים געשפילט און דער בדחן האט געשאטען מיט גראמען ווי מיט אפגעקאכטע באב.

איך שעהם מיך צו זאגען, חאטש נעהמט מיר ארונטער די קאפ, געדיינק איך אסור ניט וואס דער בדחן האט געזאגט. מיינט ניט אז חנה פאיעס חתונה איז פארגעקומען נעכטען אדער אייער נעכטען. פון חנה פאיעס חתונה ביז היינט דארפט איהר וויסען איז שוין פארלאפען, אַ קימא־לן פון אַ יאהר פופציג. נו, אדרבא, זייט מיר אַ חכם און געדיינקט מיר אלץ מיט אנאנדער? וואס בין איך? אַ מיניסטער בין איך?

ווי דער בדחן האט געענדיגט, האט דער שמש געגעבען אַ געשריי: רבותי! עס איז צייט צו געהן צו כלה באדעקענס!

ווי דער חתן האט זיך געגעבען אַ הייב פון באנק האט פאסירט מיט איהם גאר אַ פאסקודנע מעשה. ער האט, איך

בעט אייך איבער אייער כבוד, איינגעריסען די תחתונים, די גרינע געקעסטעלטע הויזען הייסט עס. און ווייסט איהר וואו? טרעפט? אט טאקע, ווי אויף צו להכעיס אויף דעם זעלבען ארט וואו חנה פאיע האט איינגענעהט איהר הינטער קעשענע!

איך ווייס ניט ווי איהר. נאר איך גלויב מיט'ן גאנצען הארצען אז זונדעל מיט חנה פאיען זיינען געווען אַ באשערטע פאר. דארפט איהר נאך האבען אַ בעסערן סימן? זעהט איהר ניט אַזביידענס רעספעקט צו מעלדען האבען געהאט איין מזל? הא? וואס זאגט איהר? בין איך גערעכט אדער ניט? אַ פנים ער איז די גאנצע צייט געזעסען אויף אַ טשוועקעלע און האט גאר ניט געפיהלט אויף וואס ער זיצט אייך.

צוריקריידענדיג — וואס איז דער חדוש? אז אַ מענש זיצט אריינגעטהאן מיט האק און פאק אין גאנצען אין חנה פאיען, ווילט זיך אייך, איך בעט אייך איבער אייער כבוד, אז דער זייט מוחל זאל האבען אין זינען, אז ער זיצט אויף אַ טשווע־קעלע הא וואס? אפשר ניט אזוי?

— שלעכט! — שרייט אויס דער שוועסטער קינד. דאס איז דאך עפעס, אוי וועה איז מיר, גאר א גרויסער אונגליק! ווי קען דער חתן געהן צו כלה באדעקינט מיט אנ'איינגערי־סענעם רעספעקט צו מעלדען?

צום גליק איז צווישען די געסט געווען יהודה נחום דער שניידער. אַ פאר געזונטע חברה־לייט האבען אַ חאפ געטהאן דעם חתן ווי ער שטעהט און געהט, איהם געגעבען ראַפטום אַ ציה אויס אויפ'ן טיש און באלד אַ דרעה איבער אויף דער זייט וואס עס איז ניטא קיין פנים. יהודה נחום קומט צו צום טיש, חאפט ארויף די שפאקולען אויפ'ן נאז, באטראכט ווי א פראפעסאר דעם ריס פון אלע זייטען, שלעפט ארויס פון אונ־

טערן לאץ אַ נאדעל מיט אַ שטיקעל ווייסע באוועל און פאר־טשאבעט עס ווי עס איז, אז די גאטקעס זאלען זיך חאטש ניט ארויס זעהן.

דער חתן גיט זיך א הייב פון טיש. ווישט זיך אפ די שווייס פון שטערן, טאפט אַ פאר מאל דעם שניפס אן, אויב דאס ליגט ריכטיג אויפ׳ן גארגעל, ווי עס דארף צו זיין. דאביי פארגעסט ער אויך ניט אַ טאפ צו טהון דעם קאפעליוש, אויב די וואטע איז חלילה ניט ארויס געפאלען און בלייבט שטעהן מיט איין פוס פאראויס גרייט צו געהן צו כלה באדעקענס. מיט א מאל הערט זיך אַ געשריי פון קיך ארויס: וואס? איהר ווילט ארונטער רייסען פינף רובעל פון די נדן? ביין מחותן! דאס וועט אייך ניט גילטען! מיר וועט איהר ניט פייפען! מיר זאל ווער עס איז אנ׳מלאכה׳נען דאס האט נאך, גאט צו דאנקען, קיינמאל ניט געטראפען! חיים שמאיע, פארשטעהט איהר מיך, לאזט זיך ניט דאסען און ארונטער פון מארק! ביי מיר מחותן איז אין כמלכנו — אין כמושיענו! אז מען צימבעלט ניט קיין געלט אויפ׳ן האנט, ריהרט זיך ניט דער פערד פון שטאל! אויב איהר לייגט מיר ניט אַ וועק דעם גאנצען פינף־און־צוואנציגער, מאך איך אייך באלד אַ פויגעלדיגען „כבקרת!" גיב מיר אַ דרעה די האלאבלעס און פאהר מיר מיט׳ן חתן פון וואנעט איך בין געקומען און געהט רופט מיר אשר־יצר, אויב איהר ווילט! און מיינט ניט מחותן, אז איך בין אייך אזא יאלד, אז איך פארשטעה גאר ניט! וועז ניט דער שדכן, אַ פייער אויף איהם! אז ער וואלט ניט געהאט זיך ארייננגע־שטעקט אין שדוך און דער שווארצער קאטער, מיין זוהן מיין איך דאס, וואלט מיר מיט אַ מאל ניט אנגעהויבען צו הירזשענען ווי אַ זשרעביץ, אז ער איז פארחלאבעט אין חנה פאיען, ביז

איבער די אויערען און אויב איך לאז איהם ניט טהאן דעם שדוך, גיט ער זיך אַ ציה אויס ווי פאר יאהרען מיין שווארצע קלאטשע און אַ סוף אנ׳עק פון איהם. ער דערלאנגט אייך אַ פגר אַ וועק הייסט עס — וואלט דער קאטער מיינער, זאג איך אייך, געקענט חאפען לייכט ווי אַ האר פון מילך, אַ הונדערטער און אַ מאל נאך מיט אַ שמיטציג אריבער. הייגט אז איהר האט געהאט דעם מזל צו חאפען פאר אייער טאכטער אזא מציאה, שייך אַ מציאה? אַ מציאה צו אַ מציאה איז ניט גלייך! דאס קומט אויס פונקט ווי צו קויפען אַ צווי יעריגען פערדל פאר אַ דרייער. קלעקט אייך דאס ניט, ווילט איהר נאך פון די זעלביגע ארונטער רייסען אַ פינפערל? איך שווער אייך, אז מיין פערדל זאל די נכפה חאפען, אויב איהר וועט ארונטער קאלופעווען פון די נדן אפילו אַ קאפיקע! איהר פארשטעהט וואס איך זאג אייך?

— יא! איך האב גאר פארגעסען אייך צו זאגען מחותן, איהר מיינט אז מיין קאפ איז מיר אויסגעדארט? איך פארשטעה גאר ניט, אז דעם וועקסעל וואס איהר האט איהם געגעבען וועט ער נאך דער חתונה זיך קענען דער׳ מיט... נאר חאפט איהם דער וואטע מאכער! איך האב באלד געזאגט: זונדעל געדיינק! דער וועקסעל איז אַ גע׳מלאכה׳טער! איך גיב דיר ניט פאר איהם קיין שמעק טאבאק! דיין כלה׳ס טאטע איז ניט בעסער פון אלע אנדערע טאטעס! אלע זיינען דיר חויכערס! זיי האבען טעכטער חתונה צו מאכען און נדן צו געבען, פארשטעהסטו מיך, האבען זיי ניט, פראסקענען זיי דיר אריין וועקסלען. זאל דער חתן שפעטער זיך דערמיט ווערגען, אבי ער איז פטור געווארען פון אַ הויקער. פארשלייערט זיין טאכטער הייסט עס. איך האב איהם אלצדינג געזאגט פאראויס, דער

קאטער אבער, מיין זוהן מיין איך דאס, האט זיך איינגעשפארט מיט די הינטערשטע פיס. ניט אנדערש אדער חנה פאיען — אדער ער ווארפט זיך אריין אין ברונעם. האב איך קיין אנדערע ברירה ניט געהאט. ווי זאגט מען? „אויף אַ פראָש איז דאך אויך אַ צער בעל החיים!” האב איך נאכגעלאזען די לייצעס און געלאזט לויפען דעם פערדל וואו זיינע אויגען טראגען איהם!

— זונדעל! — גיט חיים שמאיע אַ דונער — פון ארט זיך ניט געריהרט! עס מעג דיר די נכפה האפען לאז איך ניט געהן צו די כלה באדעקענס ביז מען מען ווען וועט מיר ניט ארייג־צימבלען דעם גאנצען פינף־און־צוואנציגער! דו הערסט קאטער וואס איך זאג דיר?

ווי אַ דונער האט דעם חתן געטראפען. ער איז געבליבען שטעהן ווי אַ צודרומשקיטער. די קאפ ארונטער געלאזען, די הענט פארלייגט פון הינטען און בייסט מורא׳דיג די ליפען.

— וואס שטעהסטו מיר זונדעל אזוי צודרומשקעט? — רופט זיך אן דער שוועסטער־קינד פארוואונדערט — פארוואס בייסטו מיר עפעס אזוי די ליפען? אפשר טהוט דיר וועה די בויך? זאג זונדעל, שעהם זיך ניט, מיר זיינען דאך עפעס אייגענע מענשען!

— דו ביזט משוגע זרח! — ענטפערט זונדעל מיט כעס — פון וואנען אַ שטייגער זאל מיר עפעס וועה טהאן די בויך? איך האב נאך היינט אין מויל ניט געהאט. נעכטען צו וועטשערע האב איך אין ווידוקלע ארונטער געיאגט אַ שאלמענע בולקע און אזוי בין איך נאך ביז איצטער. קענסטו ניט זעהן זרח די צרות מיינע? א קארשט פטור געווארען פון די הויזען — נא דיר אַ נייע צרה, דער טאטע לאזט ניט געהן צו די כלה באדעקענס! איך זאג דיר זרח. איך פיהל, אז די כוחות לאזען

זיך מיר אויס! איך וואלט שוין וועלען דערלעבען צו זעהן מיין פעסעל האניג. מיין חנה פאיען הייסט עס.

— פאלג זונדעל — רופט זיך אן דער שוועסטער קינד מיט אַ רחמנות פנים — זיי ניט קיין טפש! געה שאר זיך אריין אין קיך און זאג דיין טאטען מיט באק ציינער, ער זאל זיך נאר ניט קאכען ווי אַ פארפעל־צימעס! וואס מיינט ער, ער האנדעלט דאס מיט אַ פויער? ער דארף זיך שעהמען אין זיין ווייטען האלז אריין! איבער וואס ער שטעלט זיך מיר דא אפ? איבער פינף קארבאנצעס? מה הרעש? ווען דו וואלסט אפילו קיין קאפיקע ניט געקראגען האסטו נאך אלץ געהאנדעלט אַ מציאה! זאג מיר זונדעל וואס איך וועל דיר פרעגען: דיין טאטע, דער פערד בייטער, וואס מאכט בורא־נפשות איבער אַ דונער האט ווען גע'חלומ'ט, אז ער וועט אריין קריכען אין אזא גרויסען יחוס? געה אריין און זאג איהם, ער זאל נאך לאזען! ער מאכט אונז אלעמען אן ביזע בזיונות! מיר וועלען אין ווידוקלע ניט האבען וואו די אויגען צו ווייזען!

זונדעל מאכט זיך הארץ. ער געהט אריין אין קיך און רופט זיך אן מיט כעס:

— טאטע! לאז אפ די לייצעס! וואס האסטו מיר זיך עפעס אזוי איינגעשפארט אין די האלאבלעס ווי אַ פערד בארג אראפ? זעה איך בעט דיר. טראסקע מיר ניט אזוי מיט'ן בייטש! דא איז ניט קיין מארק און דער מחותן איז ניט קיין פערד! זארג זיך ניט! אז חנה פאיע וועט מיט דעם אויבערשטענס הילף, אנהייבען צו באקען קארענע לעקעך מיט אייער בייגעלעך און ארום פאהרען מיט די אייגענע געבאקענע געבעקס איבער אלע שטעדט און שטעדטלעך וועט זי מיר איינברייגען, דו

הערסט טאַטע, מעהר ווי פינף קאַרבען! פאַלג, לאַז אָפּ די לייצעס און נאָמיך געהן צו די כלה באַדעקענס!

חיים שמאיע שטעלט אויס אַ פּאָר אויגען, ווי אַן אַלטער קאַטער אויף אַ קאַץ און גיט אַ געשריי אויפ׳ן קול:

— קאַטער! דו געהסט אַרויס פון דאַנען? איך דערלאַנג דיר באַלד אַ קנאַק אַז דו וועסט זיך מיר פאַרדרעהען! אויך מיר אַ מענש! דער שוואַרצער קאַטער זאָגט מיר אויך דעות! וואָס הייסט שמענדריק, לויז לאָזען די לייצעס? פאַר פינף רובעל קענסטו דאָך קויפען אַ ציג און האָבען אַ גאַנץ יאָהר צו פּיקען ציגענע קעזלעך? וואָס האָקסטו מיר פערדעשער אויער, אַ קאָפּ מיט קאַרענע לעקעך? חנה פאַיעס קאַרענע לעקעך האָט ביי מיר אַזאַ ווערדע, ווי אַ קוש מיר, איך וועל דיר באַלד זאָגען וואו!

— דו פאַרשטעהסט קאַטער, וואָס איך זאָג דיר אָדער ניט?

— מחותן! — רופט זיך אָן ר׳ חיים לייב מיט אַ טרויע־ריגען פּנים — גלויבט מיר ווי היינט איז דינסטאָג איבער די וועלט, ווען אין שידלעווע וואָלט ניט אויסגעבראָכען אַ מגפה אויף ציגען און מיין ציג וואָלט נאָך היינט געלעבט אויף דער וועלט, וואָלט איך געהאַט פאַרקויפט מיין ציג און גע׳סלוק׳ט די גאַנצע נדן. אפילו אַ קאָפּיקע, איהר הערט, וואָלט אייך ניט געפעלט! איצטער אָבער, אַז די ציג איז מיר, ניט פאַר אייך געדאַכט, גע׳פגר׳ט און וואָס צו פאַרקויפען האָב איך ניט מעהר, מיין שטוב איז מיר געבליבען פּוסט ווי אַנ׳אויסגעליידיגטע טונכעל אוגערקעס. נו, פרעג איך אייך מחותן, פון וואַנען אַ שטייגער זאָל איך אייך אין דער מינוט שאַפען דעם פינפערל? גלויבט מיר, אַז גאָט וועט אם ירצה השם אוועקגעבען אייער זוהן כפל כפלים!

חיים שמאיע איז אָבער געבליבען איינגעשפּאַרט מיט

ביידע פיס. ביט־פא־סיעמו! אדער די גאנצע פינף־און־צוואנציג רובעל אדער ער פארט מיט'ן חתן צוריק אַ היים.

ר' חיים לייב האט געזעהן, עס איז שלעכט. ער וועט מיט'ן פערד בייטער גאר ניט מאכען, חאפט ער ארונטער פון זיך זיין שבת'דיגען ווינטער־מאנטעל, וואס ער האט געהאט אנגעטאן לכבוד חנה פאיעס חתונה און רופט זיך אן מיט אַ טרויעריגע מינע:

— נאט אייך, מחותן, מיין ווינטער־מאנטעל פאר אַ משכון! און אויב איך וועל איהם ניט אויסלייזען באלד אויף מארגען נאך דער חתונה מעגט איהר דאס פארקויפען פאר דעם פינפערל וואס איך קום אייך, און די רעשט דארפט איהר מיר אפשיקען!

חיים שמאיע נעהמט דעם מאנטעל אין האנד אריין, דרעהט איהם פון אלע זייטען, אויב דער מחותן מלאכה'ט איהם דא ניט אפ, ווארפט איהם אריבער איבער'ן ארעם און גיט אַ געשריי אויפ'ן קול:

— זונדעל, שטעל פיס! אַדיר במלוכה — איך האב דיר אַ מאנטעל פאר אַ משכון!

ווי דער חתן האט זיך געגעבען אַ ריהר, האבען די כלי זמרים באלד אויפגעשפילט און גענומען מארשירען פאראויס, נאך זיי — דער חתן מיט די עלטערן, פון דער רעכטער זייט איז געגאנגען חיים שמייע מיט צוויי מאנטלען און פון די לינקע זייט — ר' חיים לייב גאר אן אַ מאנטעל. אין אַ הוילען ראק הייסט עס. געהענדיק האט איהר געקענט זעהן ווי ר' חיים לייב'ס טלית־קטן באמבעלט זיך אונטער זיין שטאן ראק, ווי דער פארטעמעדיקעל פון אַ וואנט זייגער. נאך זיי האט זיך געצויגען דער גאנצער עולם.

ווי דער חתן מיט'ן עולם זיינען צוגעקומען צו ר' חיים

לייבס הויז, קומט ארויס פון שטוב זלאטע שמערע וואלפס און גיט אַ זאג אויפן קול:

— מחותנים זייט מוחל! האלט אויף אַ ווײלע! מען האט נאך ניט געקאנצעט אפשערען די כלה די האר!

זלאטע חאפט זיך צוריק אין שטוב אריין און גיט אַ קאמאנדע:

— ווייבער! מאכט האסטיג! די מחותנים ווארטען אויף דרויסען.

צפורה יאסע דעם צירולניקס חאפט ארויס די שערעל פון פייגעביילעס האנט און הייבט אן צו פאהרען איבער די כלה׳ס קאפ, ווי מיט אַ פערד אויף אַ גלאטען וועג. אַ האר זאל ניט פעהלען. אין אַ מינוט האט אייך חנה פאיע אויסגעקוקט, ווי אנ׳אפגעפליקטער אוראדניק רייט אויף אַ בייזעם שטעקען.

ווי זי איז פארטיג געווארען מיט׳ן שערען, האט זי געגעבען אַ געשריי:

— פייגעביילע! פייגע ביילע! זייט מוחל! גיט א הער די גלעזעלע סיראפ, וואס שטעהט דארטען אויפ׳ן פענסטער!

צפורה רופט צו די רביצין. די רביצין נעהמט די גלעזעלע סיראפ אין האנד אריין און קאַפּעט ארויף א פאר טראפען אויף די כלה׳ס קאפ.

מיט אַ מאל האבען אלע ווייבער אויפגעהויבען די אויגען צום הימעל און אויסגעשריען אויפ׳ן קול:

— רבונו של עולם! בארעמהערציגער גאט! פארנעהם דעם געבעט פון דיינע דיענסטען: אזוי ווי די סיראפ איז דיר זיס — אזוי זאל זיין זיס די כלה׳ס מערכה! דאס הייסט, רבונו של עולם, אז זונדעל בר׳ חיים שמאיע זאל ליב האבען זיין ווייב חנה פאיען ביז אין גרוב אריין! אמן, טאטע זיסער!

ווי די צערעמאניע האט זיך געענדיגט, קומט ארויס זלאטע שמערע וואלפ׳ס און בעט מיט גרויס כבוד דעם חתן מיט׳ן עולם אין שטוב אריין.

ווי דער חתן האט געהאלטען אין אריבער טרעטען דעם שוועל פון שטוב האט דער שמש געגעבען א געשריי:

— חתן מיט די רעכטע פוס אריין!

(עס האט א מאל געטראפען, אז אַ חתן איז אריינגעקומען צו כלה באדעקענס מיט די לינקע פוס פאראויס, האט ער אייך דערלאנגט אַ פאל, אז ער איז באלד אַ גע׳הרג׳טער געווארען. פון דאן אן איז געבליבען אַ מנהג, אז דער שמש זאל אויסרופען: „חתן מיט די רעכטע פוס אריין״!).

זלאטע דערלאנגט דעם חתן אַ דעקטוך. דער חתן נעהמט דעם דעקטוך מיטביידע הענט אָן און ווארפט עס לאנגזאם אריבער איבער די כלה׳ס קאפּ. די מיידלעך וועלכע זיינען די גאנצע צייט געשטאנען אנגעלאדען מיט פולע הויפענס גערשטען, האבען מיט א מאל אַ שאט געטהאן די גערשטען אויפ׳ן חתנ׳ס קאפּ ארויף. דאס איז אנאנצוהערעניס: אויף „פרו ורבו ומלאו את הארץ״ באלד האבען די אונטערפיהרער אַ נעהם געטהאן דעם חתן אונטער די ארעמעס און זיך געלאזט געהן צום שוהל, וואו עס האט באדארפט פארקומען די חופה.

ווי דער חתן מיט׳ן עולם זיינען ארויס פון שטוב, האבען די ווייבער זיך א נעהם געטהאן צו די כלה. איהר מעגט זאגען וואס איהר ווילט, דער וואס האט ניט געזעהען חנה פאיען אויסגעפוצט צו דער חופה, דער האט אין זיין לעבען אַ קייזערינע ניט געזעהן. דאס איז געווען אריינגעקוועטשט מיט געוואלד אין אַ ברוינע געפינטעלטע קלייד מיט אַ הינטער קעשענע אויפ׳ן סאַמע רעספעקט צו מעלדען. פון קעשענע האט ארויס געשטארצט

אַ גרינער שניפּסטוך. אז איך האב געקוקט פון צפון זייט מיט די לינקע אויג אביסעל פארקוועטשט, האט זיך מיר אויסגעדאכט, ווי איך בין אַ איד, אז ביי חנה פאיען וואקסט ניט אנדערס ווי אַ היהנער אויג אויפ׳ן זייט מיר מוחל. און כדי אז אלץ מיט אַ נאנדער זאל זיך פאסען אַקוראט צו די ברוינע קלייד מיט די הינטער קעשענע — האט זי אייך אנגעטהאן אַ געלען יאקעל מיט זעקס ווייסע פארצעלייענע קנעפּלעך, וואס אנאויג האט דאס נאך ניט געזעהען. פוןביידע זייטען קלייד האט נאכגע־האנגען צוויי בענדער, אַ ווייסער און אַ שווארצער באַנד, וואס דאס האט צו געגעבען צו די קלייד אלע זיבען חנ׳ען.

די אונטערפיהרערקעס האבען אַ חאפּ געטהאן די כלה אונ־טערן ארעם און מארשיערט מיט איהר פראמא צו דער חופה. ווי די כלה איז אנגעקומען, האבען די כלי־זמרים אויפגעשפּילט אַ סטראשנעם מארש, אזא מארש, זאג איך אייך, האט איהר בנאמנות נאך אין אייער לעבען ניט געהערט. עס האט זיך אייך געדאכט: אט, אט, ענדיגט זיך ביי אייך די כחות און איהר וועט שוין פארשפּארען צו געהן עסען די חופה־וועטשערע.

אט אזעלכע טייערע כלי־זמרים זיינען דאס געוועזן!

ווי די כלה איז ארונטער אונטער די חופה, האבען די אונטערפיהרערקעס זיך גענומען מיט איהר דרעהען זיעבען מאל ארום חתן, פונקט ווי אַ קאזאק ארום אַ בולקע. ווי דער דרעה־עניש האט זיך געענדיגט נעהמט דער שמש אַ גלאז וויין און איז מכבד דעם רב, דעם מסדר קדושין הייסט עס. דער רב נעהמט די גלאז וויין אין האנד אריין און הויבט אן צו מאכען די ברכה. מיט אַ מאל פליהט איבער׳ן רב׳ס קאפּ אַ בורעקע. די בורעקע האט זיך באגעגענט מיט די גלאז וויין. די גלאז האט דערלאנגט אַ פאל אן דער ערד און איז צושמעטערט געווארען

אויף שטיק שטיקעלעך. דער רב איז פון שרעק געבליבען שטעהן בלייך ווי דער וואנט. ער קען דעם אטהעם ניט חאפען. עס איז געווארען אַ טומעל, אַ מהומה! מען הויבט אן צו זוכען דעם קונדס. וואס האט אפגעטהאן אזא פויגעלדיגע שטוקעלע. זוכט היינט — זוכט מארגען. דער קונדס איז ווי אין וואסער אריין (איך וועל אייך אויסזאגען אַ סוד, אבער למען השם זאגט קיינעם ניט אויס: איך בין דאס געוועזן דער קונדס, וואס האט געווארפען די בורעקע פראמא אין גלאז אריין. געטאהן האב איך דאס, מחמת איך האב מיר געוואלט אפרע־כענען מיט חנה פאיען פאר די דורקעס וואס איך האב אַ מאל פון איהר געהאפט).

דער שמש גיסט אן אַ צווייטע גלאז וויין. די מחותנים באלאגערן דעם רב ווי סאלדאטען ארום אַ קרעפאסט. חיים שמאיע נעהמט דעם מחותנ׳ס מאנטעל, וואס האט די גאנצע צייט פון ארעם ניט ארונטער געלאזען און פארשטעלט מיט׳ן מאנטעל די גלאז אז אַ בורעקע זאל חלילה ווידער זיך ניט אריינחאפען אין גלאז אריין.

ווי דער חתן האט אפגעזאגט דעם „הרי־את״ נעהמט דער שמש אַ גלעזעל און לייגט ארונטער אינטער דעם חתנ׳ס פוס. דער חתן האט דערלאנגט מיט די פאטקעוועס אזא טראשק אויף די גלעזעל אז אלע האבען געמיינט, די שוהל איז איינ־געפאלען. אזא טראשק האט דאס דערלאנגט.

— מזל טוב חתן! מזל טוב כלה! האט זיך געהערט אַ געשריי פון אלע זייטען. די כלי זמרים האבען אויפגעשפילט. דער עולם האט זיך געגעבען א ריהר און זיך געלאזט געהן פראמא צו ר׳ חיים לייבס הויז, וואו די חופה וועטשערע האט באדארפט געפראוועט ווערען. רישע די אלמנה האט געחאפט

אַ קיטקע (געפלאכטענע חלה) און גענומען טאנצען געגען חתן־כלה. טאנצענדיג האט זי די קיטקע געדרעהט פון אלע זייטען, ווי אַ קליין מיידעלע מיט אַ פאפקע. איך זאל אזוי וויסען, רבונו של עולם פון צרות, ווי א׳ך ווייס פארוואס רישע האט געדרעהט די קיטקע פון אלע זייטען. מסתמא מוז ליגען אין דעריין אַ סוד. אפשר ווייסט איהר? זאגט אדרבא! איך בין זעהר אַ בעלן דאס צו וויסען.

רישע איז געוען אזוי פארשמאיעט אין טאנצען, אז זי האט אין גאנצען פארגעסען אז מען דארף אריבער שפרייזען אַ טיעפען גראבען, וואס האט זיך געצויגען פון שוהל־הויף ביז שלמה דעם בלעכערס הויז. זי האט דערלאנגט א טאנץ אין גראבען וואסער אריין און איז געבליבען ליגען צוזאמען מיט די קיטקע. זי קען זיך פון ארט ניט ריהרען.

— געוואלד אידען, ראטעוועט! — שרייט זי פון גראבען ארויס. די מאנסבילען אבער שטעהן ווי פלעקער און גיבען זיך קיין ריהר ניט. מיינט נאר ניט, אז זיי האט ניט געקימערט וואס א אידענע טריינקט זיך. חס וחלילה! איהר מאכט א גרויסען טעות. דוקא פארקעהרט! זיי האט שטארק באנג געטהאן וואס זיי קענען איהר ניט העלפען. וואס האבען זיי אבער נעבאך געקענט טהאן? וועלכער מאנסביל איך בעט אייך וועט זיך דאס דער־וועגען אנצוריהרען אַ פרעמדע אידענע? בפרט נאך ארויסשלעפען פון אַ וואסער, וואס עס איז גאנץ שווערליך, אפילו מען זאל זיין מי יודע ווי פארזיכטיג זיך אויסצוהיטען ניט אנצוריהרען, איך בעט אייך איבער אייער כבוד, אן א טריפה׳ן ארט רח״ל! איהר פארשטעהט וואס איך זאג אייך?

די ווייבער האבען געגעבען א קוק, אז די מאנסבילען שטעהן פון ווייטען, קיינער וויל ניט צו לייגען קיין האנט —

האבען צוויי יונגע ווייבלעך, איינע אנ׳עגונה און די צווייטע אַ גרושה געגעבען מיט אַ מאל אַ שפרונג אין גראבען אריין און זיינען טאקע נעבאך געבליבען ליגען בשותפות מיט רישען. אלע דריי, אויסער די קיטקע, שרייען מיט קולות: געוואלד אידען ראטעוועט! מיר ווערען דערטרונקען! דער שמש חאפט הענד און פיס און לויפט רופען דעם רב.

ווי דער רב איז געקומען, ווייזט איהם דער שמש מיט׳ן פינגער וואס אין גראבען טהוט זיך. דער רב חאפט דעם בארד אין האנט אריין, באקלעהרט דעם גאנצען ענין פון אלע זייטען און רופט זיך אן מיט אַ גמרא נגון:

— רבותי! דאס איז דאך ידועה, אז „סכנת נפשות איז דוחה שבת" און דאס איז דאך אַ בפרושע גמרא: „המקים נפש אחת בישראל כאלו קים כל התורה כולה" היינט על אחת כמה וכמה דריי נפשות!

— זייט אזוי גוט רבי — שרייט איינער פון עולם מיט קולות — ענדיגט גיכער אייער דרשה; די ווייבער ווערען דאך דערטרונקען!

— רבותי! — האט דער רב געגעבען אַ געשריי — על פי דין מעג מען ראטעווען!

צוויי יונגע שטארקע קצבים האבען באַלד אַ שפרונג גע־טהאן אין גראבען אריין. די ערשטע האבען זיי ארויסגעחאַפּט רישען מיט די קיטקע, נאכדעם האט זיך איינער אַ נעהם געטהאן צו די עגונה און דער צווייטער — צו די גרושה.

— מענדקע! שרייט די עגונה פון גראבען ארויס — אַ רוח אין דיין טאַטען אריין! וואס קנייפּסטו מיר זיך דארטען? וואס מיינסטו כל־בוי׳ניק איינער, אין וואסער מעג מען? לאז אפּ טריפה׳נער ביין! וואס פאר אַ קנייפּעניש איז דיר מיט אַ מאל

ארויף אויף דיין קאפ? מענדקע אבער הערט איהר ווי די קאץ. זי געוואלדעוועט און ער קנייפּ זיך דערוויילע.

דער סוף איז געווען, מען האט דיביידע ווייבלעך אויף ארויסגעראַטעוועט. וואס פאר אַ פּנים די קיטקע מיט די דריי ווייבער האבען אייך געהאט — אזא פּנים, טאטע זיסער, זאלען אונזערע שונאים האבען! נאר ניט דאס בין איך אויסען.

די כלי זמרים האבען ווידער אויפגעשפּיעלט. דער עולם האט זיך געגעבען אַ ריהר און געגאנגען ווייטער. ווי זיי זיינען צו געקומען נאהנט צו ר׳ חיים לייב׳ס הויז האבען אלע מיט אַ מאל זיך געגעבען אַ שפּאר אין שטוב אריין. יעדער איינער איז געווען אַ בעלן צו פארחאפּען אנ׳ארט אויבען אן וואו די סאמע נאהנטע מחותנים זיטצען.

זלאטע שמערע וואלפ׳ס גיט אַ וואונק צו די חתן־כלה און פיהרט זיי אין אַ זייטיגען קאמער אריין. נעכע די קוואס מאכערקע ברייגנט זיי אריין די גאלדענע יוך (זופּ) און טראגט זיך האסטיג אפּ, ווי אַ קאץ וואס האט אקארשט ארונטער גע־חאפּט פון זאלץ־ברעטעל אַ היהנערישע פיסעל און אין מיטען דערינען קומט איהר אונטער די בעל הבית׳טע.

דער עולם צו זעצט זיך גאנץ פיין און גאנץ אידישלעך ארום די טישען. ר׳ חיים לייב מיט חיים שמייען איז אויסגע־קומען צו זיטצען הארט איינעם נעבען דעם אנדערען. חיים שמאיע דרעהט אלע ווייל דעם קאפּ און קוקט אויב דער מחותן איז אקארשט נישט א בעלן א וועק צו לאטחענען דעם מאנטעל. די סארוועס נעהמען ארבייטען אויף אלע כלים. קודם כל זייען זיי איבער טישען אויס גרויסע פענעצעס צושניטענע קיטקע (רישעס קיטקע, וואס האט זיך געטרונקען האט אין דער שטיל ניט געפרעגטערהייט זיך אויף אריינגעשמוכעלט צווישען

זיי). דער עולם האט זיך צוגעחאפט צו די חופה־וועטשערע, ווי א קאץ צו א טעפעל סמעטענע. מען לאזט זיך וואהלגעהן. מען טרינקט לחיים און מען ווינשט זיך, מען זאל אין גיכען דער־לעבען צו הערען שופר של משיח. נחום מאיר בענצעס זינגט אויף סקאבעלאווס „פטום־הקטורת". די כלה'ס פעטער האט גע־נומען זינגען לייבע אלוקסטערס באריהמטער „אשר־יצר". דער פייקלער האט אויך ניט געשוויגען. ער ברומט צו נאכ'ן טאקט נאך. עס איז ממש ליהודים. מען הולעט אויף וואס די וועלט שטעהט. אין מיטען דערינען גיט די כלה'ס שוועסטער קינד א טאנץ אויפ'ן טיש און נעהמט אויסרופען „דרשה־געשיינק". דער ערשטער מיט זיין דרשה געשיינק האפט זיך ארויס שמואל הינדעס, די כלה'ס פעטער. דער שוועסטערקינד נעהמט צו דעם געשיינק און רופט אויס אויפ'ן קול: ר' שמואל הינדעס, די כלה'ס אַ לייבליכער פעטער ווארפט דרשה געשיינק א זאלץ־מעסטעל מיט א קוימען פון א סאמאוואר. א מחותנ'עסטע פעשע פייגע ברייניס ווארפט א הייגשל'עסעל מיט א שפייקעסטעלע. דער גבאי פון שוהל ר' פייטעל חנה ביילעס ווארפט א בשמים שמעקער מיט א ריב־אייזען. ליפע נאטעס דער אייזען קרעמער ווארפט א פערטעל פונט קאנייל מיט צוויי שפאנקעס. זרח ווי־דוקלער דעם חתנ'ס א שוועסטער־קינד ווארפט א קנאק־ניסעל מיט אַ שיידעל פון ברילען. א נאהנטער מחותן אברהם מאיר גיטעלעס פון רעסיין ווארפט א ביינערנע הענטעל פון א שירעם מיט א טוץ פארצעלייענע קנעפלעך. א מזותן ר' חיים חייקעל פון אמאקסט ווארפט א פארטוך מיט א פו־עגעל־פאן. א מתותנ'־עסטע שרה מלכה ווארפט א ציגענעם קעזעל מיט א פינגערהוט. רישע די אלמנה ווארפט א לייגעדיגע הוהן מיט אנ'אויערלעפעלע. ר' שמערע וואלף דער מלמד ווארפט א שפולקע ווייסע באוועל

מיט א ווייזער פון א זייגער. נחום דער געחאַפּטער וואַרפט אַ פוס־ביינקעלע מיט אַ צאָהן־שטעכער.

ווי די דרשה געשאַנק האָט זיך געענדיגט, האָבען די ווייבער אַ חאַפּ געטהאָן די כלה. ראשית חכמה האָבען זיי איהר מיט אַ טיכעל פאַרבונדען דעם פּנים מיט די אויגען אַז זי זאָל די ווייסע וועלט ניט זעהן. דאַביי האָבען זיי איהר אַריינגע־שטאָפּט אַ לאַנגען שניפּסטוך אין האַנד אַריין און איהר אַ וועק געשטעלט ווי אַ סטראַשידלע אין רעכטען מיטען שטוב. דער בדחן הייבט אָן אויס צו רופען כשר־טאַנץ נאָכ׳ן גראָם נאָך.

די מוהמע ביילע וואָס שמעקט ווי אַ מעראַנץ
זאָל געהן טאַנצען מיט די כלה כשר־טאַנץ!

די מוהמע ביילע קאַשערט אַרויף די טיכעל פון די כלה׳ס פּנים און צושמאַטשקעט זיך מיט איהר ווי מיט אַ זיסען טייגעל. דאַביי גיט זי זיך מיט די כלה אַ פּאָר מאָל אַ דרעה איבער׳ן שטוב און שוין פאַרטיג! אָפּגעטאַנצט!

אַ מחותנ׳סטע וויכנע דוואָשע וואָס האָט אַ שוועסטער
קינד אין באַלטערמאַנץ
זאָל געהן טאַנצען מיט די כלה כשר־טאַנץ!
אַ נאָהנטע מחותנ׳סטע זלאַטע שמערע וואָלפּ׳ס וואָס ביי
איהר מאַן זיינען די הויזען שטענדיג מיט אַ גלאַנץ
זאָל געהן טאַנצען מיט די כלה כשר־טאַנץ!
איך זאָג אייך מחותנים גאָר אָהן אַ געלעכטער
עס איז אַ יושר, אַז ציפּע לאה זאָל געהן טאַנצען
כשר־טאַנץ מיט איהר געראָטענע טאָכטער!
אַז מען געפינט אַ נאָדעל אין אַ פּופּיק געהט מען
פרעגען אַ שאלה
זאָל די מחותנ׳סטע רישע געהן טאַנצען כשר־טאַנץ
מיט די שפּאָגעל נייע כלה!

דעם חתנ׳ס פאטער ר׳ חיים שמאיע, זאל געהן טאנצען כשר־טאנץ מיט זיין שנור חנה פאיע!

חיים שמאיעווארפט אריבער דעם מחותנ׳ס מאנטעל איבערן פלייצע נעהמט אן פאר׳ן ברעג פון שניפסטוך, וואס די כלה האט געהאלטען אין האנט און הייבט אן האפקענען געגען איהר ווי אַ יונגער פערדעל אויף אַ גראדען וועג.

ווי דער כשר־טאנץ האט זיך געענדיגט האבען די מיידלעך גענומען זיך גרייטען צום טאנצען. אַ קאוואליער רוקט די כלי זמרים דריי קאפיקעס אין יד אריין. דער שמש נעהמט מיט די עלענבויגען שטוכענען פון אלע זייטען און שרייט מיט אלע כוחות: מאכט אַ ווארע! מאכט אַ ווארע! ער האט אזוי לאנג געארבייט מי די עלענבויגען, ביז עס איז געווארען אין מיטען שטוב אַ גרויסער לאך. צוויי מיידלעך חאפען זיך ארום אקארשט ווי זיי וואלטען זיך שויך הונדערט יאהר ניט געהאט געזעהן און נעהמען זיך דרעהן אין מיט׳ן שטוב. זיי טאנצען אַ פאלקע הייסט עס. ווי זיי טאנצען אפ פארגעהט צוריק די לאך און דער שמש מוז ווידער מאכען אַ ווארע. עס נעהמען זיך צוזאמען פיער מיידלעך און טאנצען אַ פראנקשעז אדער אַ קאדריל. איך ווייס ניט ווי מען רופט עס, ביי אייך.

ווי די מיידלעך האבען אויפגעהערט טאנצען, געהט צו די כלה׳ס פאטער, רוקט די כלי זמרים פינף קאפיקעס אין האנט אריין און הייסט זיי אויפשפיעלען דעם ברוגז־טאנץ.

וואס טויג מיר אלע חכמות? ווער עס האט ניט געזעהן אַ ברוגז טאנץ, דער זאג איך אייך, האט אין זיין לעבען שניפעשאק ניט געזעהן.

צוויי אלטע ווייבער, רישע די אלמנה און וויכנע דוואשע די קוואס מאכערקע האבען זיך אַ וועק געשטעלט ווי צוויי

העהנער, איינע געגען די אנדערע. די אויגען האט געקאכט ביי זיי ווי ביי גזלנים. איהר האט בעשיינפערלעך געקענט זעהן ווי זיי וואלטען וועלען איינע די אנדערע פשוט דורס זיין. צורייסען אויף שטיקלעך הייסט עס. רישע פארוואר פט די קאפ אן אַ זייט ווי אַ ציג פארן פגרן, גלאצט ארויס די אויגען ווי אנ׳אלטער קאטער און נעהמט מארשירען מיט די הענד אין די באקעס פראמא צו וויכנע דוואשען. ווי זי קומט נאהנט צו איהר חאפט זי און שטעקט איהר אויס אַ צונג מיט אַ שפיי אַ פאר־בראקעכץ און שרייט אויס מיט כעס: „דו שלומפער איינע! ווער ביזטו און ווער בין איך? דו קענסט דאך טראגען די פאמע־ניצעס ביי מיר! וויש אפ דעם נאז און שאר זיך ארויס פון דאנען״! זי גיט זיך אַ דרעה מיט׳ן זייט מיר מוחל צו וויכנע דוואשען און טראגט זיך באלד אפ.

ווי רישע האט געענדיגט איהר ראלע, נעהמט מארשירען וויכנע דוואשע געגען איהר. זי דרעהט מיט׳ן נאז, קרימט מיט די ליפען און האלט הינטען אנגעגרייט אַ פארטיגען פייג ארייג־צורוקען רישען פראמא אין נאז אריין. ווי זי קומט צו נאהנט צו איהר נעהמט זי שרייען אויפן קול: „שמורגלע! ווי קומסטו אויף חתונה? געה בעסער מעלק אויס די ציג! געה פארלאטע דיין מאנס הויזען! נא שמורגלע, אט האסטו דיר אַ פייג און געה ווערג זיך מיט איהם!״ זי שטעקט איהר ארויס אַ צונג און קעהרט זיך אַוועק פון איהר.

ווי זייער ביידענס ראלען האבען זיך געענדיגט, געפינען זיך גוטע פריינד און מאכען שלום צווישען זיי ביידען. זיי בעטען זיך לייכט איבער. די כלי־זמרים שפילען אויף, און רישע מיט וויכנע דוואשע נעהמען טאנצען אַ קאזאצקע. די מאנסבילען פאטשען מיט די הענט: די אינגלעך פייפען און די מיידלעך

זינגען צו צום טאקט. עס ווערט אזא פייפעריי מיט אַ פּאטשעריי, אז עס פארקלינגט אייך פשוט די אויערן. אלעמען טהוט שטארק הנאה וואס די צוויי שונאים זייגען מיט א מאל גוט געווארען.

שעה׳ן לויפען, שעה׳ן פליהען, דער זייגער שלאגט דריי. די העהנער פון שטעדטעל קרעהען און וועקען מיט געוואלד פון שלאף. אַ האהן מיט אַ שטארקע שטימע שרייט מיט קולות קו־רע־קו, קו־רע־קו. ער בלייבט אַ ווייל שטיל אוןווארט אז אנ׳אנדער האהן זאל איהם ענטפערן. ווי דער צווייטער האהן האט געענדיגט הייבט ווידער אן דער ערשטער און אזוי כסדר, א פסוק ביי אַ פסוק ביז זיי שלאפען ווידער איין. דער עולם פיהלט זיך מיעד. מען הייבט אן ביסלעכוויז פונאנדערגעהן. די שטוב ווערט שיטערער און שיטערער ביז דער עולם איז זיך אין גאנצען צוגאנגען.

אויף מארגען פריה איז שוין דער פויער מיט׳ן פערד און וואגען געשטאנען נעבען טיר און געווארט, אז די מחותנים זאלען זיך אריינזעצען און פאהרען. איצטער האט זיך אנגעהויבען אַ נייע חתונה פון געזעגענען זיך. עס ווערט אַ קושעריי מיט אַ געוויין. מעהר פון אלעמען וויינט ציפע לאה. איהר האט ניט אזוי באנג געטהאן וואס חנה פאיע פארט א וועק פון איהר, ווי דער פארדרוס וואס ר׳ חיים לייב בלייבט איהר אהן אַ ווינטער מאנטעל.

— זייט געזונד! פארט געזונד! מיר זאלען דערלעבען צו האבען נחת און כבוד פון אייך! למען השם, פארגעסט ניט צו שרייבען אפט בריוולעך!

— און למען השם פארגעסט ניט — שרייט נחום דער געהאפטער — אונז אלעמען איינצולאדען אויפ׳ן ברית!

די ערשטע זיינען ארייגעקראכען אין וואגען — די יונגע פאר. נאך זיי—דער שוועסטער קינד מיט׳ן עלטער פעטער, גאר דער לעצטער האט געגומען קריכען חיים שמאיע מיט׳ן מחותנ׳ס שווערען מאנטעל אויפ׳ן האנט. מיט צרות, מיט מאטערניש האט ער ארייגעשלעפט די רעכטע פוס אין וואגען אריין. ווי ער האט פרובירט א שלעפ טהאן די לינקע האט ער דערלאנגט אַ מורא׳דיגען פאל און איז ארייגעפאלען, איך בעט אייך איבער אייער כבוד, ביי חנה פאיען אין אַ שמאלץ גרוב.

ווי דער שוועסטער קינד האט געזעהן ווי חיים שמאיע צאפעלט זיך אין חנה פאיעס שמאלץ גרוב און קען זיך ניט ארויסצאפלען, האט ער געגעבען אַ חאפ ר׳ חיים לייבס מאנטעל און איז אַ וועק ווי דער רוח וואלט איהם געטראגען. דער צווייטער שוועסטער קינד האט אויך ניט געשוויגען. ער האט זיך באלד ארייגעהאפט אין וואגען אריין, רוקט אריין דעם פויער פינף קאפיקעס אין האנד, חאפט ארויס פון איהם די לייצעס און נעהמט יאגען דעם פערד, ווי א בער וואלט זיי נאך געיאגט און איידער וואס־ווען, איידער חיים שמאיע האט דערלעבט זיך ארויס צו צאפלען פון חנה פאיעס שמאלץ גרוב, איז שוין די פוהר געווען העט, העט, הינטערן שטעדטעל.

דער סוף איז געווען: חנה פאיע האט געקראגען זונדלען דעם אונטער שמש, ר׳ חייב לייב האט געקראגען — זיין מאנטעל, און חיים שמאיע דער פערד בייטער האט געקראגען—די שלאק!

* * *

אויב איהר ווילט וויסען וואס עס איז געווארען פון חנה פאיען מיט איהרע אייגענע געבאקענע געבעקס — זאלט איהר אזוי גוט זיין לעזען דעם צוויטען טייל וואס עס וועט קירצלעך

ערשיינען. דארטען וועט איהר אויסגעפינען אלץ מיט אנאנדער. נאר איידער וואס־ווען, קען איך אייך אפגעבען מזל טוב. חנה פאיע האט אייך אין אַ יאהר ארום געבוירען אַ דריילינג. צוויי מיידלעך מיט א אינגעל, און אלע דריי לעבען ברוך השם.

וואס אמת איז אמת! איצטער פארדריסט מיר פון גרונט הארצען, פארוואס איך האב אלע מאל אפגעיעקט פון איהר. ווען, טאטע זיסער, האט דאס געקענט איינפאלען, אז חנה פאיע איז אזא קונצען מאכערקע, זי זאל אייך קענען ארויס לאזען דריי מיט איין קלאפ. איהר פארשטעהט וואס מען רעדט צו אייך?

# חעלעם ראנגעלט זיך מיט שדים

זרח דעם שוסטער האט מען אין חעלעם גערופען זרח לאטוטניק, מחמת מעהר ווי לייגען לאטעס אדער רופציקעס אויף שטיוועל האט ער ניט פארשטאנען. געוואהנט האט ער אויף אַ בארג הארט נעבען בית עולם.

איינמאל, פרייטאג איז דאס געווען, מאכט זרח צו די ווייב:

— דו הערסט פייגעביילע? היינטיגען שבת זאלסטו מיר מאכען, ניט אנדערש ווי א בולבעס־קוגעל! דיינע לאקשען־קוגלען קריכען מיר שוין פון האלז ארויס! געדיינק פייגע ביילע, דו זאלסט טהאן ווי איך זאג דיר אן א ניט — וועסטו חרטה האבען!

פייגע ביילע די שוסטערקע, דארפט איהר וויסען, איז געווען אַ אידענע, קאטארע וואס לאזט זיך ניט שפייען אין דער קאשע, אַ בריינדעלע קאזאק הייסט עס. זי איז געווארען אנגעצונדען ווי א פייער און גיט א געשריי אויפ׳ן קול:

— וואס נאך, זרח׳קע לאטוטניק, וועסטו מיר היינט אויס־טראכטען? גאר א נייעס! נאט אייך אַ וועק! בולבעס קוגלען האט זיך דעם פריץ אין מיטען דערינען פארוואלט! באלד וועט זיך איהם פארוועלען אַ קשיא אויף א מעשה, איך זאל איהם געהן קאכען מילכיגע קרעפלעך. וואס מיינסטו לאפצעדראק, איך וועל זיך דיר איצטער געהן שטעלען רייבען בולבעס אויף בול־בעס־קוגלען? וואס זאגט מען צו זיין קאפ? ביי זיין מאמען פלעגט ער עסען צוזאמען מיט דער ציג און ביי מיר פאסט ניט דעם מאנארך צו פרעסען לאקשען קוגלען? ניט לאנג

קריינקסטו, ווי איך וועל דאס ניט טהאן! אלע שבת מאך איך א לאקשען קוגעל, וועל איך דיר היינטיגען שבת ניט געהן מאכען בולבעס קוגלען! דו מעגסט פון מיינעט וועגן טאנצען ביז'ן הימעל, הארט מיר ווי די קאץ! דו הערסט זרחקע, וואס איך זאג דיר?

— פארמאך דיין חזיר־שטאל! — גיט זרח א געשריי און א טריפע מיט'ן פוס — א ניט האפסטו מיר באלד מיט'ן שטיוועל איבער'ן קאפּ, אז דו וועסט זיך מיר פארצאפּלען! קראנק ביזטו חזירניצע, צו שטעהן און צו רייבען בולבעס? פארוואס האב איך דיר גענומען? פאר א פריצה'טע האב איך דיר גענומען? איך זאג דיר נאך א מאל, אז היינטיגען שבת וויל איך האבען א בולבעס קוגעל — א ניט, חאפסטו פון מיר א רייב אין מארדע, אז דו וועסט מיר האבען צו געדיינקען דיין גאנצען לעבען!

— אדרבא! פּרוביר זרקח'קע הייבען א האנד געגען מיר, פראסקע איך דיר באלד אריין דעם טעפּעל זויער־מילך אין דיין טריפה'נעם אמבליק אריין, אז דו וועסט זיך מיר בא'דמ'ען ווי א חזיר! איך הער דיר ווי דעם קאטער! דיינע רייד האבען ביי מיר אזא ווערדע, ווי א הונט בילט! געדיינק פּימפּענאטער! הייבסטו נאר א פינגער געגען מיר, לינקע איך דיר באלד אויס א פוס, און דו וועסט שוין האבען דיין גאנצען לעבען זיך צו שארען אופ'ן זיטצער! האסט שוין פארגעסען וואס פאר א קנאַק דו האסט פאר־אכט־טאגען געחאפּט פון מיר? אז דו וועסט מיר פיעל ריידען, חאפסטו מיר באלד ווידער און נאך מיט א שמיציג אריבער!

— אויב דו פארמאכסט ניט דיין מויל — גיט זרח א דונער — וועסטו מיר באלד געהן מיט'ן קאפּ דורכ'ן טיר!

א ווארט פאר א ווארט. זרח איז ארײַן אין א שטארקען גרימצארען. ער חאפט א שטיוועל, זי — א וואלגערהאלץ און מען נעהמט זיך ראנגלען. נעבען וואנט איז געשטאנען א קאסטען אויף רעדלעך. זיי האבען זיך אזוי לאנג געראנגעלט ביז זיי זינען ביידע מיט א מאל ארײַנגעפאלען אין קאסטען ארײַן. ווי דער דעק האט זיך גענעבען א לאז ארונטער איז דער קאסטען באלד דורכגעפלויגען דורכ'ן טיר און גענומען לויפען בארג אראפ ווי דער רוח וואלט איהם געטראגען. פעשע פייגע ברײַנעס געהט זיך אזוי פארטראכטערהייט מיט א קערבעל אוגערקעס, וואס זי האט אײַנגעהאנדעלט לכבוד שבת. אין מיטען דערינען, פליהעט פארביי איהרע אויגען א קאסטען. פון שרעק האט זי געגעבען א ווארף דעם קערבעל אן דער ערד און גענומען לויפען איבער'ן שטעדטעל מיט א געוואלד: אידען ראטעוועט! שדים זײַנען ארײַן אין א קאסטען! די גאנצע שטעדטעל פון גרויס ביז קליין זײַנען ארויסגעלאפען פון די הייזער, זעהן וואס דא טהוט זיך. זיי גיבען א קוק, א קאסטען לויפט אײַנער אליין! א שרעק איז אלעמען באפאלען. דער עולם האט זיך באלד געגעבען א חאפ צוריק אין שטוב ארײַן. מען האט פאר־האקט טיר און טויערען און זיך באהאלטען אונטער די בעטען. שמערע וואלף דער מלמד האט נעבאך ניט געהאט קיין ארט וואו זיך צו באהאלטען, מחמת אונטער'ן בעט איז געלעגען זײַן ווייב מיט די אכט קינדער, חאפט ער און גיט האסטיג א דרעה די קאפאטע איבערן קאפ, קריכט ארונטער אונטער'ן טיש און נהעמט זאגען תהלים אויפ'ן קול. דער קאסטען איז אזוי לאנג געלאפען, ביז ער האט זיך אנגעקלאפט אן דעם בארג מיסט, וואס עס איז געלעגען הינטערן שטעדטעל און איז טאקע דארטען געבליבען שטעהן צוזאמען מיט די שדים.

אין חעלעם האט געוואהנט א גוטער איד. ר׳ וועלוועלע לאמעד וואפניק (ל״ו־ניק) האט מען איהם גערופען. אויף ר׳ וועלוועלען האט מען זיך אנדערצעהלט אזעלכע וואונדער, אז די האר האבען זיך געשטעלט קאפויער.

שלמה נאטעס דער שוהל־שמש האט דערצעהלט א מעשה נורא וואס ער האט מיט זיינע אייגענע אויערען געהערט פון זיין זיידען עליו השלום: א מאל איז ר׳ וועלוועלע געקומען אויפ׳ן מארק. זעהט ער ווי א שעפס מיט א גאנז ליגען אין א וואגען אוןביידע זיינען אזוי פעסט צוזאמען געבונדען, אז זיי קענען זיך פון ארט ניט ריהרען. ר׳ וועלוועלען האט שטארק פארדראסען פאר וואס דער פויער האלט ניט פון צער־בעל־החיים. נעהמט ער זיין שטעקען און ריהרט דעם שעפס אן. ווי ער האט איהם נאר אנגעריהרט איז כהרף עין פון שעפס גע־ווארען א פרעגעל־פאן און פון די גאנז — א ריבאייזען. דער פויער קומט צו צום וואגען, ער גיט א קוק, דער שעפס מיט די גאנז זיינען ניטא! אין וואגען ליגען גאר א פרעגעל־פאן מיט א ריבאייזען! דער פויער האט זיך באלד געפאלען שלאגען. ער האט פארשטאנען אז אידען האבען איהם דאס אפגעטהאן די שטוקעלע. ר׳ וועלוועל זעהט עס איז שלעכט, דער פויער וועט דא געהן אויף איינס, נעהמט ער און גיט א פאך מיט׳ן שטעקען אין דער לופטען און שוין פארטיג! פון פויער מיט׳ן פערד אין וואגען איז געווארען א ציגענער קעזעל.

אט א זעלכע קונצען האט אייך געקענט באווייזען ר׳ וועלוועלע למד־וו׳ציק! איהר פארשטעהט צו ניט?

דער עולם האט דערלאנגט א קוק, אז עס איז ניט קיין פלאן צו ליגען באהאלטען אונטער די בעטען, זיינען זיי ארויס פון שטוב און א וועק געלאפען צו ר׳ וועלוועלען איהם בעטען,

ער זאל רחמנות האבען אויף זיי און זאל באלד אויפ׳ן שטעל און פלעק ארויס טרייבען די שדים פון קאסטען, א ניט — קען חעלם האבען גאר א פאסקודנעם אפשניט.

ר׳ וועלוועלע האט זיך אנגעטהאן אין טלית און קיטעל, דער שמש האט ארויס גענומען א ספר תורה פון ארון הקדש, דער אונטער שמש — דעם שופר מיט א מזוזה. אויף אזא מאדע באוואפענט פון קאפ ביז די פיס איז ר׳ וועלוועלע ארויס אויפ׳ן געיעג, חאפען די שדים הייסט עס. דער עולם איז נאך גע־גאנגען און געזאגט אויפ׳ן קול: „זה התרנגול ילך למיתה״ און פארקעהרט: למיתה ילך התרנגול זה״ און אזוי כסדר ביז ר׳ וועלוועלע איז צוגעקומען צום קאסטען (דער פסוק איז א שטארקע סגולה צו פארטרייבען שדים, מחמת שדים, פארשטעהט איהר מיך, פארשטעלען זיך אלע מאל פאר רויטע העהנער).

ווי ר׳ וועלוועלע האט באטראכט דעם קאסטען פון אלע זייטען, האט ער א זאג געטהאן צום אונטער שמש:

— שמערע יאסע! שלאג אן אויפ׳ן קאסטען די מזוזה, זאג אפ עלף מאל „אלו ואלו בלונציק מלאנציק״ און טראג זיך באלד אפ!

ווי דער אונטער שמש האט אפגעטהאן זיין שטיקעל ארבייט הייבט אויף ר׳ וועלוועלע זיין שטעקען, קלאפט אן דריי מאל אין קאסטען און שרייט אויס אויפ׳ן קול:

— תרנגולים! איך בין גוזר אויף אייך, איהר זאלט זיך שוין אפטראגען פון חעלעם!

דער אויבער שמש נעהמט בלאזען מיט׳ן שופר. דער אונטער שמש צינדט אן א וואקסענע ליכט. ר׳ וועלוועלע חאפט אריבער דעם טלית איבערן קאפ, גיט ראפטום אהייב דעם דעק

און דאביי א געשריי אויפ'ן קול: געוואלד אידען ראטעוועט! קומט אהער זעהט וואס דא טהוט זיך!

ניט טויט—ניט לעבעדיג איז דער עולם צוגעלאפען צום קאסטען. זיי גיבען א קוק, אז אין קאסטען ליגט דער שוסטער מיט די שוסטערקע. ער האלט א שטיוועל אין האנט און זי — א וואלגערהאלץ.ביידע ליגען טויט, חאטש געהט נעהמט און באגראבט זיי. צוויי חעלמער גבורים האבען א הייב געטהאן דעם קאסטען אין דער הויך און געגעבען ראפטום א דרעה איבער. דער שוסטער מיט די שוסטערקע זיינען ארויסגעפאלען פון קאסטען און געבליבען ליגען אויף דער ערד ווי געהרג'עטע. זיי ריהרען זיך ניט פון ארט. דער עולם האט זיי גענומען מינטערן. איינער האט געצויגען דעם שוסטער פאר'ן פוס און געקיצעלט אונטער'ן ארעם, די ווייבער האבען געשטאפט די שוסטערקע שטראה אין נאז און געבריקט אין ווי רופט מען דאס... שלמה בלומע לאה'ס, דער חעלעמער פילאזאף האט מיט א טרובקעלע געטרובעט זיי אין אויער אריין און דאביי האט ער געשריען מיט קולות: „שטעהט אויף איהר פאסקודניאקעס! קוקט זיך איין ווי איהר ליגט! עס איז דאך א בזיון פאר מענשען!" מיט צרות, מיט מאטערניש האט מען זיי קוים אפגעמינטערט. נאך א האר האט געפעלט וואלט דער שוסטער מיט די שוסטערקע שוין פארשפארט צו עסען לאקשען־קוגלען.

ווי ר' וועלוועלע איז דערגאנגען די גאנצע מעשה, האט ער באלד ארויס געגעבען א באפעהל, אז פון היינט אן און ווייטער טאר אין חעלעם קיינער ניט וואהנען אויף א בארג, בולבעס־קוגלען טאר אין חעלעם ניט געדאכט ווערען, און קיינער טאר ניט האלטען אין שטוב א קאסטען אויף רעדלעך.

פון דאן אן ציטערט חעלעם ווי פאר פייער פאר א בארג, פאר א בולבעס־קוגעל און פאר א קאסטען מיט רעדלעך.

פרובירט כ׳לעבען, האפט זיך אויף א ווײלע אריבער קיין חעלעם, זאג איך אייך, אויב איהר וועט דארטען געפינען א קאסטען אויף רעדלעך, מעגט איהר מיר רופען אט וואס איהר ווילט: קוגעל־טאפ, קנאק־ניסעל, פארעווער קלינגעל! איהר מעגט מיר אפילו רופען בשמים שמעקער וועל איך אייך קיין שלעכט ווארט ניט זאגען!

נו, איצטער קענט איהר שוין פאהרען! איהר פארשטעהט צי ניט?

# הונדערט פינגער ברויט

ווען איך בין נאך ניט אלט געווען קיין פולע פינף יאהר געדיינק איך ווי מיין אונפערגעסליכע מוטער האדע, זכרונה לברכה, האט מיר א וועק געבראכט צו שמערע וואלף דעם מלמד און איהם אנגעזאגט, ער זאל באלד אנהייבען צו לעהרנען מיט מיר חומש מיט אלע חומש־אינגלעך צו גלייך, מחמת עברי זאג איך שוין ווי א וואסער.

מיין עלטערער ברודער מאיר זכרונו לברכה האט שוין באוויזען מיר אויס צו לעהרנען עברי נאך איידער איך האב אנגעהויבען צו געהן אין חדר.

ביי דיזע געלעגענהייט געפין איך פאר נעהטיג אלס מיין עהרען פליכט צו באצייכענען אייניגע שטריכען פון מיין פאר־שטארבענעם ברודער, ליכטיגע פערזענליכקייט.

ער איז געווען א מענש, בלי לשון גוזמא, מיט אלע מעלות: זעלטען שעהן, געשפיעלט גוט פיעדעל, אנ׳אויסגעציי־כענטער שאך שפיעלער, געלעהרענט אין טעלזער ישיבה, פאר־לאזען די ישיבה און געפאהרען קיין שאוועל. ערלעהרענט גרינד־לעך די העברעאישע שפראך. פארלאזען שאוועל — געקומען אין מעמעל, געלעהרענט דארטען אלגעמיינע וויסענשאפט, געווען א בן בית ביי ד״ר רילף ז״ל, קאריגיערט זיינע שריפטען, חתונה געהאט, געוואהנט מיט זיין פאמיליע אין בערלין, פארנומען א פאראנטווארטליכען פאסטען אין א באוואוסטען קאנטאר, געשטארבען גאר יונג, נאך פאר דרייסיג.

שלום לעפרו!

ווי א שטערען ביזטו אויפגעגאַנגען
אין דעם טאָג, דו ביזט געכּארען.
ליידער ביזט דו געשווינד
פארלאשען געוואָרען.
נאָר אַ פונק פון דיין ריינער נשמה
בלישטשעט אין דער פינסטער
טיעף אין הארצען ביי מיר.
אה, ברודער, ברודער!
קיין מאָל פארגעסען וועל איך דיר.
תנצב״ה

איך מוז אייך זאָגען, צי איך וויל צי איך וויל ניט, אַז מיין רבי איז געוועזן, ניט פאַר אייך גערדאַכט, אַ גרויסער עם־הארץ, ער האָט פשוט אַ שייטעל עברי ניט געקענט. ווער רעדט שוין פון רעכט פאַרטייטשען אַ פסוק חומש?

פיער זיינען מיר געוועזן, וואָס האָבען ביי איהם געלעה־רענט חומש: איך, דער שרייבער פון דיעזע צייל[ען], חיים בערע לייבקע דעם רבינ׳ס און צוויי ברידער וועלוועקע מיט איצקען. דער עלטערער פון אונז איז געוועזן בערע לייבקע. ווען עס איז געקומען — איך געדיינק ווי היינט וואָלט דאָס געוועזן — צום פסוק „גָד גדוד יגודנו והוא יגוד עקב״ האָט דער רבי אזוי פארטייטשט: „גָד — גָד, גדוד — פולקענען, יגודנו — האָט ער גע־פולקעט, והוא יגוד — און ער וועט פולקענען, עקב — די טריט״. נאָכ׳ן לעהרנען גיב איך אַ פרעג בערע לייבקען: זאָג מיר בערע לייבקע, וואָס מיינט דאָס דער חומש „גָד — גד, גדוד—פולקענען, יגודנו — האָט ער געפולקעט, והוא יגוד — און ער וועט פולקענען,

עקב — די טריט?״ פארוואס, זאג מיר, האט ר׳ גָד עפּעס מיט אַ מאל אזוי פיעל געפּולקעט?

— וואס פארשטעהסטו דא ניט? — ענטפערט בערע לייבקע בתמימות — די מעשה איז אזוי געווען: ר׳ גד איז מסתמא גע־קומען צו געהן פון א ווייטען וועג, זיינען מסתמא זיינע שטיוועל געווען שטארק פארשטויבט, האט ער גענומען, פארשטעהסטו מיך, און אפּגעפּולקעט דעם שטויב פון די שטיוועל!

— איך פארשטעה גאר ניט בערע לייבקע! — רוף איך מיך אן פארוואונדערט — צו וואס אַ שטייגער דארף דאס דער חומש דערצעהלען אז ר׳ גד האט אפּגעפּולקעט די שטיוועל? פאר וואס דערצעהלט זי ניט וואס ר׳ גד האט צו געביסען ווען ער איז געקומען פון אזא ווייטען וועג?

— דו ביזט אַ פויער! — גיט ער אַ געשריי אויף מיר — ווייסטו ניט אז אין דעם טאג ווען ר׳ גד איז געקומען איז גראד אויסגעפאלען א תענית און אלע האבען געפאסט?

— פון וואנען א שטייגער זאל איך דאס וויסען — גיב איך אַ זאג מיט כעס — אז אין דעם טאג איז גראד אויסגע־פאלען אַ תענית?

— נו, גוט! — גיט בערע לייבקע אַ פייער — אז קיין זאך ווייסטו ניט, טו שווייג בעסער און פרעג קיין קשיות ניט! דו הערסט וואס איך זאג דיר?

פון דאן אן, אז אַ אינגעל פלעגט קומען אין חדר מיט פארשטויבטע שטיוועלעך פלעג איך דערלאנגען אַ געשריי אויף לשון קודש: יאסקע יגודנו! האט ער באלד פארשטאנען, אז ער דארף געהן אבפּולקענען די שטויב פון די שטיוועלעך.

איהר וועט זיך געוויס וואונדערן, ווי אזוי נעהמט דאס אַ פאטער און גיט אַ וועק אַ קינד לעהרנען ביי אזא מלמד וואס

איז אַנ׳עם־הארץ גדול ונורא? און דערצו נאָך אַזאַ מענש ווי מיין פאָטער ר׳ מרדכי זכרונו לברכה וואָס ער אַליין איז געווען אַ מופלג גדול און אַ גרויסער חריף. איבער דרייסיג יאָהר האָט ער און ר׳ ירמיהו לעפטין זכרונו לברכה, אויך אַ מופלג גדול און אַ גרויסער בקי, געזאָגט אַ טאָג איבער אַ טאָג דעם בלאַט גמרא פאַר לומדים מופלגים. פון דעסטוועגען איז ביי איהם רעכט געווען, אַז זיינער אַ קינד זאָל געהן לעהרנען ביי אַ מלמד אַ האַלצהעקער, וואָס האָט זיך אויסגעבראָכען די ציינער איידער ער האָט געקענט צוקייען אַ פסוק חומש? מחמת מיין פאָטער און אַזוי אַלע פאָטערס זיינען געווען זיכער, אַז זייערע קינדער וועלען אויסוואַקסען רבנים און פאַר אַ רב, פאַרשטעהט איהר מיך, פּאַסט סיי ווי סיי ניט, אַז ער זאָל קענען עברי אָדער פאַרטייטשען אַ פסוק חומש. עברי און חומש — דאָס פּאַסט פאַר שוסטערס און שניידערס אָבער ניט פאַר קיין רבנים. זעהט איהר אַ גמרא מלמד האָט מען שוין דוקא אויסגעזוכט דעם בעסטען! איצטער פאַרשטעהט איהר שוין, ווי אַזוי מען האָט אַ וועק געגעבען קינדער ביי מלמדים עמי הארצים? נו איז גוט?

איך זאָג גוט! אַזאַ יאָהר אויף אונזערע שונאים, ווי גוט דאָס איז געווען! נאָר אָט אַזוי איז געווען די פסיכאָלאָגיע פון אונזערע עלטערן, ואין משיבין את הארי לאחר מיתה. מיין רבי, איז נאָך דערצו געווען, זאָל ער מיר מוחל זיין, אַ גרויסער שוטה. אַ שוטה צו אַ שוטה איז ניט גלייך. איהר קענט זאָגען גאָר אָהן אַנ׳אָבהאַלט, אַז דאָס איז געווען אַ שוטה גדול ונורא. זיין אינגעל חיים בערע לייבקע איז אויך ניט געווען קיין גרויסער חכם. ווי זאָגט די גמרא: „ברא כרעיה דאבוה״ — ווי דער טאַטע אַזוי איז דער זוהן. נאָר אַ קאָפּ האָט ער געהאַט גאָר ניט קיין שלעכטער.

ביים וועג וויל איך אייך באַמערקען, אַז חיים בערע לייבקעס נאָמען איז אין דער אמת׳ן געווען — בערע לייבקע אליין. נאָר „חיים" האָט מען איהם צו געשטוקעוועט פון אַ סגולה וועגען.

די מעשה איז אַזוי געווען:

בערע לייבקע איז אַ מאָל שטאַרק קראַנק געוואָרען. ער האָט שוין געהאַלטען גאָר שמאָל, מען האָט געמיינט, אַז אַט, אַט, טראָגט ער זיך אָפּ צו זיין באָבען עליה השלום. האָט מען געמאַכט אַ „פּדיון" און איהם צו געליטעוועט נאָך אַ נאָמען „חיים".

דער שכל פון צו לייגען אַ נאָמען איז גאָר אַ פּשוט׳ער. עס רעדט זיך אַזוי גאָר אַ פּשוט׳ער אין דער אמת׳ן האָט אַזאַ איינפאַל געמוזט אויסטראַכטען אַ מאַן מיט אַ סטראַשנעם שאַר־פען קאָפּ. דער שכל דערפון איז אַזוי: טאָמער למשל האָט מען אין הימעל גוזר געווען, אַז בערע לייבקע מוז שטאַרבען, האָט מען געחאַפּט און איהם צו געלייגט אַ נאָמען „חיים", הייסט ער שוין פון היינט אָן, געדיינקט, ניט בערע לייבקע, נאָר חיים בערע לייבקע! דער מלאך המות לאָזט זיך אַראָנטער פון הימעל און געהט פּראָמאַ צו שמערע וואָלפ׳ן, צו בערע לייבקעס טאַטען הייסט עס מיט אַ מאָל דערווייסט ער זיך, אַז אַזאַ אינגעל מיט דעם נאָמען בערע לייבקע איז גאָר אויף דער וועלט ניטאָ.— ביי שמערע וואָלפ׳ן איז טאַקע דאָ אַ אינגעל. אָבער דער אינגעל הייסט ניט בערע לייבקע. נאָר חיים בערע לייבקע, דער מלאך המות ווערט צודרומשקעט. ער ווייסט ניט וואָס אַנצוהייבען צו טהון. ער חאַפּט זיך באַלד, אַז דער מלאך דומה האָט איהם מסתמא דאָ אָפּגעטהאָן אַ שטוקעלע. ער טראָגט זיך נעביך צוריק אין הימעל אָפּ מיט אַ לאַנגען נאָז און מיט אַ בויך

וועהטאג אַ פארבראקעכץ. דעם אמת זאגענדיג איז דאס טאקע אַ מאוסער דריידעל, נאר מיט אַ מלאך המות איז ניט שייך. איהם, פארשטעהט איהר מיך, מעגט איהר טהאן אלץ אין דער וועלט. אויב איהר חאפט איהם וואו עס איז אין אַ ווינקעלע און איהר דרעהט איהם שטילערהייט אויס אַ פוס אדער איהר דערלאנגט איהם מיט אַ גובערנאטאר אונטערן זייט, אז ער זאל זיך איבערדרעהען מיט די קאפ אראפּ און מיט די פיס אין דער הויך, קענט איהר דאס טהאן גאר אהן אנ׳אבהאלט. איהר וועט זעהן, ווי קיינער וועט אייך קיין שלעכטווארט ניט ריידען! אדרבא, פארקעהרט! אלע וועלען זאגען: אַ שעהנע ריינע כפרה אויף איהם! נאר ניט דאס בין איך אויסען!

אט דער בערע לייבקע, וואס איז געבליבען לעבען איז אייך געוועזען אַ מורא׳דיגער בראקון אין עסען, וואס זיין מאמע האט אויסגעקאכט, איז איהם רק ניט געפעליג געוועזען. האט זי אויסגעקאכט למשל פּארעווע פארפעל, פלעגט בערע לייבקע נעהמען וויינען, ער קען דאס אין מויל ניט נעהמען. עס האט מיר אזא טעם — אזוי פלעגט ער טענה׳ן — ווי ציגענע באָבקעס.

פון וואנען בערע לייבקע האט געוואוסט דעם טעם פון ציגענע באבקעס, בין איך שפּעטער דערגאנגען פון מיינעם אַ חבר, אהרקע משה דעם שמש׳ס האט מען איהם גערופען. די מעשה איז אזוי געוועזען: איצקע משה אסתר׳ס האט אַ מאל גענומען אַ ציגענע באבקע, האט דאס גאנץ שעהן און גאַנץ פיין איינ־געוויקעלט אין אַ שטיקעל זילבער־פאפּיער און מכבד געוועזען בערע לייבקען מיט אַ שטיקעל שאקאלאדע. ווי בערע לייבקע האט אריינגענומען די שטיקעל שאָקאלאדע אין מויל אריין, איז איהם געווארען פינסטער אין די אויגען. ער האט דערלאנגט אַ שפּיי אן דער ערד און אַ געשריי אויפ׳ן קול: „איצקע! גע־

הרג׳ט זאלסטו ווערען! וואס האסטו מיר דא אריינגערוקט? דו זאלסט אזוי האבען דיין קאפּ, ווי דאס איז שאקאלאדע! דאס איז דאך גאר אַ ציגענע באבקע״! ער האפּט אַ שטיין און וויל איצקען פלעטען די קאפּ. נאר איידער ער האט זיך דעררעהרט איז שוין איצקע געווען אַ מהלך הינטערן שטעדטעל. פון דאן אן איז בערע לייבקע באקאנט געווארען מיט דעם טעם פון ציגענע באבקעס.

דער רבי פלעגט נעהמען טענה׳ן מיט איהם מיט גוטען: נארעלע איינער! וואס ווייסטו? טהו ווי איך טהו! נעהם, מאך צו די אויגען און זופּ! אז דו ווערסט ניט זעהן וואס דו זופּסט וועט זיך דיר דאכטען, אז דו עסט דאס היהנערשע זופּ מיט קרעפּלעך!

עס איז געווען, זאג איך אייך, אויך בילעטען צו געהן, ווי דער רבי מיט בערע לייבקען זיטצען פארמאכטערהייט די אויגען און זופּען פּאַרעווע פארפעל.

אויב איהר ווילט וועל איך אייך אויסלעהרנען ווי מען קאכט דאס. עס קען אייך אַ מאל גאנץ גוט צונוטץ קומען. טאמער, איהר הערט, נעהמט איהר אַ מאל אנ׳איידעם, וואס ער עסט אייך אפּ די קאפּ און איהר קענט זיך קיין עצה ניט געבען, ווי ווערט מען פון איהם פּטור. טא טהוט וואס איך הייס אייך: הייבט איהם אן אלע טאג צו קאכען פּאר׳עווע פארפעל, וועט איהר זעהן, נאט אייך מיינעביידע הענט, אז אין א וואך צייט זייט איהר פון איהם לויז. ער וועט לויפען פון אייערע קעסט וואו די אויגען טראגען. איהר פארשטעהט וואס מען ר׳עדט צו אייך?

טא, זייט אזוי גוט, רוקט זיך צו אביסעלע נעהנטער און הערט זיך איין מיט קאפּ.

ראשית חכמה נעהמט מען און מען קאכט אויף א פולע קעסעלע וואסער. ווען די קעסעלע האלט אין קאכען שיט מען אריין אַ טראפען זאלץ מיט אַ שמעק פעפער. למען השם פאר־געסט ניט, אז די דריי געווירצען ווי קאנייל, איגגבער און זאַפראן טאר אין דעם ניט אריינקומען. אט די דריי מזיקים לייגען אייך באלד דעם טעלער פארפעל אין דער ערד אריין! לאזט אזוי לאנג קאכען ביז די פארפעל ווערען אייך ווייך. נאך דעם פארזוכט אַ קאפעטשקע און אויב איהר פיהלט, אז די פאַרפעל קלעפען אייך שוין אין צונג ווי פליגען אויף אַ טייגעל, איז אַ סימן, אַז די פארפעל איז שוין פארטיג און איהר מעגט שוין דערלאנגען צום טיש.

ווייסט איהר פארוואס מען רופט עס פארעווע פארפעל? מחמת דאס איז ניט מילכיג און ניט פליישיג, נאר סתם פארעווע. אט כדומה למשל, ווען אַ מיידעל איז ניט קלוג און ניט נאריש, ניט שעהן און ניט מאוס, ניט קיין ציכטיגע און ניט קיין שמוטץ, ניט קיין גוטע און ניט קיין שלעכטע, פרעג איך אייך ווי רופט איהר אזא מיידעל? רופט איהר דאס ניט א פארעווע מיידעל? נו, דאס גלייכען איז מיט די פארפעל. האט איהר פארשטאנען? נו, איז גוט!

איין פריה מארגען האט בערע לייבקע זיך צו וויינט: ער וויל אויך טרינקען אַ טעפעלע טהע ווי אלע אינגלעך טרינקען. וואס טויג דיר נארעלע טהע – האט דער רבי געבומען איינ־טענה׳ן מיט איהם – פאלג מיר בערע לייבקע, געה נעהם טרינק זיך אן מיט וואסער, נאך דעם לייג צו די בויך צום ווארעמען אויווען ווערסטו זעהן, אז דו האסט אזעלכע טייערע טהע וואס אפילו אַ קייזער קען דאס ניט האבען!

— טאטע! — רופט זיך אן בערע לייבקע — נו, און צוקער? איך האב דאך קיין צוקער אויך ניט!

— ביזטו משוגע אדער חסר דעה? צו וואס טויג דיר עפּעס צוקער? נעהם אַ ווייסען קנעפּעל אין מויל אריין און אז דו וועסט האלטען די בויך אנגעשפּארט אן אויוועז, זאלסטו בשעת מעשה פּאטשען מיט די ליפּען, לעקען מיט׳ן צונג און טראכטען וועגען צוקער! אויף אזא מאדע וועסטו האבען טהע מיט צוקער מיט אלץ מיט אנאנדער! דו הערסט וואס איך זאג דיר?

עס איז אויף נאמנות געווען אַ טשיקאוועס צו קוקען, ווי בערע לייבקע שטעהט מיט די בויך פעסט אנגעשפּארט אן אויוועז, האלט אַ קנעפּעל אין מויל, פּאטשט מיט די ליפּען, לעקט מיט׳ן צונג און האלט די אויגען פארגלאצט צום הימעל. דאס איז געווען אַ סימן, אז איצטער האלט ער דאס אין טראכטען וועגען צוקער.

אלע חדר אינגלעך פלעגען שטעהן ארום איהם און זיך האלטען פאר די זייטען לאכענדיג.

איינמאל געדענק איך האט בערע לייבקע זיך שטארק צו וויינט, ער וויל מען זאל איהם אפּקאכען אנ׳איי. די רביצין האט געזעהן, זי קען זיך ניט אפּצעפּען פון איהם — נעהמט זי אנ׳איי און וויל איהם שוין געהן אפּקאכען. ווי דער רבי האט דערזעהן, אז די רביצין געהט אפּקאכען בערע לייבקען אנ׳איי איז ער ארויפגעפאלען אויף איהר מיט אַ מויל. ער האט איהר פּשוט געוואלט צורייסען: סטייטש, גזלנ׳טע, וואס טהוסטו? פאר־וואס גיבסטו נאך דעם זולל וסובא? געדיינק, איך וויל פון מויל ניט ארויסריידען! דער זולל וסובא׳ניק וועט זיך דיר נאך שמד׳ן! וואס מיינסטו, צו שמד׳ן זיך דארף מען עפּעס פיעל האבען?

מען הייבט דיר אן מיט אַ קלייניקייט, מיט אנ'איי נאכדעם מיט אַ פיינקוכען ביז מען ווערט דיר אַ זולל וסובא און מען גיט זיך פלוצלונג אַ שמד אַ וועק, און שוין אויס בערע לייבקע! ער הייסט דיר שוין פעטרוס אדער יאנעס! זאל דער זולל וסובא ווארטען ביז ל"ג בעומר, דאן ווערסטו איהם אפקאכען אַ געפארבענע איי!

דער סוף איז געוועזן, אז דער רבי האט אויסגעפיהרט, בערע לייבקע איז טאקע געבליבען ווארטען אויף ל"ג בעומר.

איין מאל האט זיך מיט בערע לייבקען געטראפען גאר אַ מורא'דיגע מעשה. נאך אַ האר האט געפעהלט וואלט ער שוין אויף דער וועלט ניט געוועזן.

אויב איהר האט צייט, וועל איך אייך דערצעהלען פון אנהייב ביז'ן סוף. די מעשה איז אזוי געוועזן:

איך שטעה מיר אזוי און עס מיר קארשען. קומט צו בערע לייבקע צו מיר און פרעגט מיר, פארוואונדערט, פון וואנען איך האב דאס גענומען אזעלכע טייערע קארשען.

— וואס הייסט פון וואנען איך האב גענומען קארשען? — ענטפער איך איהם קאלטבלוטיג — ווייסטו ניט בערע לייבקע, אז אויפ'ן בית המדרש בוידעם האט אנגעהויבען פון העלער הויט צו וואקסען אַ בוים מיט קארשען? נו, בין איך מיר, דו הערסט, ארויף געקראכען אויפ'ן בוידעם און מיר אנגעריסען אפולע קעשענע מיט קארשען. נא, נעהם פארזוך איינע! עס שמעקט קיין קאַטאוועס!

ווי בערע לייבקע האט דערהערט, אז אויפ'ן בית המדרש בוידעם וואקסט אַ בוים מיט קארשען, חאפט ער הענד און פיס און נעהמט לויפען ווי דער רוח וואלט איהם געטראגען. ער פאראויס און איך נאך איהם. ער נעהמט האסטיג קלעטערן

אויפ׳ן לייטער די קאפ פארריסען, דעם צונג ארויס און גלאצט. מיט די אויגען צום בוידעם. ווי איינער זאגט: ווי דערלעבט מען שוין צו זיין נעבען די קארשען. בערע לייבקע האט גע־וואלט איינשפארען אַ טרעפעל. דאס הייסט: ער האט געוואלט מאכען איין שפרונג אויף צוויי טרעפלעך מיט אַ מאל, האט ער פלוצלונג זיך דערלאנגט אַ קייקעל ארונטער פון לייטער און איז געבליבען ליגען ווי אַ גע׳הרג׳עטער. כ׳האב געמאכט אַ גע־וואלד, מענשען זיינען צוזאמען געלאפען און מען האט איהם כמעט אַ גע׳הרג׳עטען ארייינגעטראגען אין שטוב אריין. ער ליגט אויסגעצויגען ווי אַ לאַקש, די אויגען פארגלאצט, דער פנים אנגעשוואלען ווי אַ פויק און קרעכצט מורא׳דיג פון יסורים. די רביצין לויפט ארום איבערן שטוב, ברעכט מיט די הענט, רייסט זיך די האר פון קאפ און וויינט אויפ׳ן קול פונקט ווי בערע לייבקע וואלט שוין געווען געשטארבען.

— גענוג שוין! גענוג שוין! — מאכט דער רבי צו איהר מיט אַ רחמנות פנים — פאלג כ׳לעבען, געה נעהם און קאך איהם אפ אנ׳איי וועסטו זעהן ווי ער ווערט דיר אין קוק פריש און געזונד!

אַ פנים דער רבי האט געהאלטען, אז אנ׳אפגעקאכטע איי קען לעבעדיג מאכען אפילו אַ טויטען, היינט ווער רעדט שוין וועגען אַ קראנקען? הא? ווי מיינט איהר? אפשר ניט אזוי?

ווען בערע לייבקע איז געלעגען קראנק און אלע האבען געמיינט, אז אט, אט, הימעלט ער אַ וועק, בין איך ארום גע־גאנגען ווי אהן אַ קאפ.

די מעשה איז אזוי געווען:

אין חדר איז געווען די מאדע, אז די ארעמע אינגלעך פלעגען לייען פון די רייכערע פינגער־ברויט. דאס הייסט: מען

פלעגט נעהמען אַ שטיקעל ברויט און אפמעסטען מיט די פינגער ווי גרויס די שטיקעל ברויט האלט און וויפיעל פינגער די ברויט האט געהעלטען, אזוי פיעל פינגער האט דער אינגעל באדארפט אפגעבען.ביים אפגעבען האט ער געמוזט מעסטען מיט די פינגער פון דעם עלטסטען אינגעל וואס געפינט זיך אין חדר, מחמת וואס עלטער דער אינגעל איז אלץ גרעסער איז זיינע פינגער. דאס איז געווען פראצענט פאר'ן לייהען. דאס העכסטע וואס אַ אינגעל האט מיט א מאל געקענט אַ וועק לייהען איז געווען דריי אדער פיער פינגער, מחמת צו פיעל איבעריגע האט קיינער ניט געהאט. בערע לייבקע האט אין א פארלויף פון דריי מא־נאטען אנגעליהען ביי מיר הונדערט פינגער ברויט. איך פלעג איהם יעדען טאג צופען פאר'ן ארבעל, איהם פשוט עדערען, ער זאל מיר אפצאהלען דעם חוב. ער פלעגט מיר אבער כסדר אפשטופען מיט תרוצים: „היינטיגע וואך, פארשטעהסטו מיך, גיט מיר די מאמע אזוי ווייניג ברויט, אז איך געה אליין ארום הונגעריג ווי אַ הונט. איך וואלט שוין וויפיעל מאל אפגעהיט די מאמע זאל ארויסגעהן און האסטיג ארונטער חיטכענען אַ קאמפע ברויט פאר דיר, איז אבער די צרה, דו הערסט, אז די מאמע האלט די ברויט פארשלאסען און דער טאטע האלט די שליסעלע!" אלע וואך פלעגט ער מיר אפשטופען מיט אנ' אנדער תרוץ. וואס זאל איך אייך דא פיעל ברייען? עס איז אַ וועק א וואך נאך אַ וואך און דער חוב ריהרט זיך מיר ניט פון ארט. אין מיטען דערינען האט זיך אונטער גערוקט ניט געריכטערהייט די מעשה מיט די קארשען. איך זעה בעשיינ־פארליך אז בערע לייבקע האלט ביים שטארבען און מיינע הונ־דערט פינגער ברויט געהט מיר אין דער ערד אריין צו זאמען מיט בערע לייבקען. איך וועל אייך זאגען דעם ריינעם אמת,

אמת. וואס האב איך מיר דא פאר אייך צו לייקענען: אז דאמאלסט האט מיר מיינע הונדערט פינגער ברויט מעהר געארט ווי בערע לייבקע גופא! אַ חבר ווי ער – האב איך מיר געטראכט – וועל איך אלע מאל קריגען. אבער מיינע הונדערט פינגער ברויט, דאס וועל איך שוין אין מיינע אויגען ניט זעהן, סיידען איך זאל ווארטען ביז בערע לייבקע וועט אויפשטעהן תחית המתים. ערשטענס: טראכט איך מיך, געה זיי מיר אַ חכם און ווארט מיר אזא לאנגע צייט און צווייטענס: ווער ווייסט אויב בערע לייבקע וועט איבערהויבט אויף שטעהן תחית המתים? עס קען גרייליך זיין, אַ קשיא אויף אַ מעשה, אז ער האט אפגעטהאן אזא הארבע עבירה, אז ער וועט שוין ניט דערלעבען אויף צו שטעהן. קורץ און גוט, איך בין ארום געגאנגען גאנצענע טעג ווי צו מישט. אַ קלייניקייט? אַ ווערטעל זיך אפ צו ריידען צו געהן און צו פארלירען הונדערט פינגער ברויט מיט איין קלאפ? דאס איז דאך, אוי וועה איז מיר, אזא אונגליק וואס קיין אינגעל האט דאס נאך ניט געטראפען!

— פארוואס געהסטו מיר עפעס ארום ווי אהן אַ קאפ? – פרעגט מיר די מאמע פארוואונדערט – וואס, דיינע שיפען זיינען דיר אונטער געגאנגען?

— ווייסטו ניט מאמע – רוף איך מיך אפ מיט אַ טרויע־ריגען פנים – אז בערע לייבקע האלט ביים שטארבען?

— דו רעדסט נאך, כל בו'ניק איינער! – גיט די מאמע אַ געשריי אויף מיר – אז ניט דו וואלט דאך קיין זאך ניט געווען? ווי געהסטו דאס איהם איינריידען, אז עס וואקסען קארשען אויפ'ן בית המדרש בוידעם?

— מאמע – רוף איך מיר אפ מיט טרעהרען אין די אויגען – וואס בין איך שולדיג? איך האב דאך דאס געמיינט אויף צו

פלייסענס? בערע לייבקע איז דאך עלטער פאר מיר? ער איז שוין געווארען צעהן און איך געה איצטער אויף ניין? האט ער אליין ניט געקענט פארשטעהן, אז איך מיין דאס אויף אַ געלעכטער?

די מאמע האט געגעבען אַ שטארקען קוק אויף מיר און מיר געהייסען געהן ארויס טרייבען די ציג פון שטאל.

גאט האט געהאלפען. בערע לייבקע איז געזונד געווארען.

איין טאג רוף איך איהם אפ אן אַ זייט און מאך צו איהם מיט כעס.

— הער זיך צו, בערע לייבקע! אז דו גיסט מיר ניט אפ די הונדערט פינגער ברויט, געה איך שוין און מסר דעם רבי׳ן! ווי לאנג נאך וועל איך ביי דיר האלטען אזא גרויסען חוב? דו ווייסט, עס האט פיעל ניט געפעהלט וואלט מיינע הונדערט ברויט געגאנגען מיט דיר צוזאמען אין דער ערד אריין און איך וואלט דיר באדארפט געהןווארטען ביז דו וועסט מיר אויף שטעהן תחית המתים? איך זאג דיר בערע לייבקע איין מאל פאר אלע מאל, דו זאלסט מיר אפגעבען די הונדערט פינגער ברויט, אַ ניט — געה איך גלייך און דערצעהל דעם רבין!

בערע לייבקע חאפט ארויס אַ ציצה, לייגט אריבער איבער אונזערעביידענס הענט און שווערט מיר, ער זאל אזוי דער־לעבען אנצוהייבען צו לייגען תפילין ווי ער הייבט מיר אן נאך שבת ביסלעכווייז אויס צו צאהלען.

דעם טאג פון בערע לייבקעס שבועה איז גראד אויס־געפאלען פרייטאג. און אזוי ווי פרייטאג נאך האלבען טאג זיינען מיר געווען פריי פון חדר, זיינען מיר באלד נאך אנ־בייסען ארויס געגאנגען אביסעל שפאצירען. געהענדיג זיינען

מיר פארביי געגאנגען פאר אַ פויערס אַ פרוכט גארטען. רוף איך מיך אפּ צו איהם:

— הער זיך צו, בערע לייבקע! אויב דו שפּרינגסט מיר אריבער דעם פלאנקען און רייסט מיר אפּ אנ׳עפּעל, בין איך דיר מוחל, דו הערסט, די גאנצע הונדערט פינגער ברויט.

בערע לייבקע האט געזעהן, אז ער מאכט דא עפּעס אַ טייערן געשעפט — מיט איין קלאפּ ווארפט ער ארונטער פון קאפּ אזא גרויסען חוב, האט ער פיעל ניט געטראכט, גיט אַ קאשער די פאלעס ארויף און דערלאנגט ווי אַ ציג אַ שפּרונג אין פויערס גארטען אריין. ווי ער האט געחאפּט אַ שטיין און געגעבען אַ ווארף אויפ׳ן בוים איז אין קוק ארונטער געפאלען אנ׳עפּעל, גרויס ווי אַ פויסט און אפשר נאך גרעסער ווי אַ פויסט. ער חאפּט דעם עפּעל פּאקט איהם האסטיג אין קעשענע אריין און איז שוין גרייט אריבער צו שפּרינגען איבער׳ן פלאַנ־קען. מיט אַ מאל קומט דער פויער פון שטוב ארויס, ער לויפט צו האסטיג צו בערע לייבקען און חאפּט איהם ארונטער די היטעלע. ווי צו מישט איז בערע לייבקע געבליבען שטעהן מיט אַ קאלע קאפּ אונטערן פרייען הימעל און ריהרט זיך ניט פון ארט. ווי ער איז געקומען אביסעל צו זיך חאפּט ער און לייגט ארויףביידע הענט אויפ׳ן קאפּ און געהמט וויינען אויפ׳ן קול, אז מיין הארץ איז מיר פארגאנגען. ער ווישט זיך מיט׳ן ארבעל די טרעהרען און רעדט צו מיר: „אלץ איבער דיר! אלץ איבער דיר! אז וואו איך געה און וואו איך שטעה לאזטו מיר ניט געמאך מיט דיינע הונדערט פינגער ברויט״! איך מאך מיר הארץ, געה צו צום פויער (אַ ביסעל ליטוויש ריידען האב איך געקענט) און מאך צו איהם: אַ גירדע פעטרוס! אַש דושע טאמעסטע טווי באראנקע דוקשען בערע לייבקעס קאַפּורע! (הער

פעטרוס! איך וועל דיר געבען צוויי בייגעל, גיב אפּ בערע לייבקען די היטעלע!)

— געה ברייננ! — גיט דער פויער אַ מאך מיט'ן האנט.

איך לויף אַ וועק אַ היים, געה גלייך צו צו דעם קערבעל בייגעל וואס איז געשטאנען אויפ'ן טיש, ווארט אַ ווײלע ביז די מאמע פארקוקט זיך, חאפּ האסטיג צוויי בייגעל אין רוק טיעף אין קעשענע אריין. די צוויי בייגעל האבען זיך געגעבען א לאז ארונטער אין פּאלע ווי אַ שטיין אין וואסער און שוין פארטיג. איך לויף האסטיג צום פויער.

ווי איך בין צו געקומען צו איהם, געפין איך ווי בערע לייבקע זיצט אויף דער ערד מיט די הענט אויפ'ן קאפּ און טרעהרען גיסען זיך פון זיינע אויגען. (ווי עס ווייסט אויס איז שוין בערע לייבקע געזעסען שבעה נאך די היטעלע). איך שלעפּ פון פּאלע ארויס די צוויי בייגעל, דערלאנג דעם פויער. ער גיט איהם גלייך אפּ די היטעלע און מיר געהן זיךביידע לאנגזאם פון גארטען ארויס. אויפ'ן וועג מאך איך צו איהם:

— דו ווייסט, בערע לייבקע, איצטער קומסטו מיר שוין הונדערט פינגער ברויט מיט צוויי בייגעל!

— איך ווייס! — ענטפערט בערע לייבקע מיט א טרויעריגען פנים און ווישט זיך די אויגען, מען זאל ניט דערקענען, אז ער האט געוויינט.

קורץ און גוט. וואס זאל איך אייך דא פיעל בערייען? עס איז שוין עטליכע און דרייסיג יאהר ווי בערע לייבקע איז אַ רב אין אַ קליין שטעדטעל און ער האט זיך נאך אלץ ניט דערמאנט מיר אפּ צו שיקען די הונדערט פינגער ברויט מיט די צוויי בייגעל.

איין מאל האב איך געשריבען צו איהם, צו בערע לייבקע

דעם רב הייסט עס און איהם געבעטען, ער זאל זיך מטריח זיין און מיר אפשיקען מיין חוב. ענטפערט ער מיר אַ לאנגע תשובה, טאקע ווי עס פאסט פאר אַ רב, אריינגעפלאכטען אַ סך תורה מיט רמזים פון מדרשים און ווייזט מיר אויף, אז על פי דין איז ער פאר די בייגעל אין גאנצען פטור צו באצאהלען, מחמת זיי זיינען סיי ווי סיי געווען גע׳גנב׳עטע. מאנען קען נאר פון איהם — אזוי שרייבט ער, ניט קיין אנדערער—נאר מיין מאמע און אזוי ווי מיין מאמע וואלט וויסען, אז ער קומט איהר צוויי בייגעל וואלט זי זיך געוויס מיאש זיין, האט דאס דעם דין ווי „יאוש שלא מדעת״ און יאוש שלא מדעת האלט ער ווי רבא אז הוי יאוש, מילא איז ער פאר די בייגעל געוויס פטור צו באצאהלען און די ברויט קען איך אויך ניט מאנען פון איהם, ווייל עס איז דא, אזוי שרייבט ער, אַ בפרוש׳ער פסוק אין משלי וואס האלט, אז „לא לחכמים לחם״, רבנים האבען קיין ברויט ניט און געלט אודאי ניט. לכן דארף איך מיר אין גאנצען מְיַאש זיין פון חוב און ווינשט מיר, אז גאט זאל מיר צו שיקען בעסערע געשעפטען מיט בעסערע בעלי החובות.

ניט לאנג צוריק איז בערע לייבקע דער רב געשטארבען. אין אַ סך שטעדטליך האט מען איהם מספיד געווען. און איך, אלס זיין געוועזענער חבר, האב איהם אויך מספיד געווען. אין איין גאנג האב איך שוין אין הספד אריינגעפלאכטען מיינע הונדערט פינגער ברויט מיט די צוויי בייגעל וואס זיינען נעבאך אזוי יונגערהייט געגאנגען אין דער ערד אריין.

תנצב״ה.

# א האהן האט משוגע געמאכט א ציג

ביי מיין רבין ר׳ זלמן נאטעס איז געווען אַ מנהג — אַ פארשלעפטע קריינק פון זיין טאטאנס טאטען אן — צו האדעווען אַ גאנץ יאהר אַ ווייסען האהן אויף צו שלאגען כפרות. אַ גאנץ יאהר איז דער האהן ארום געגאנגען זוכענדיג אין אלע ווינ־קעלעך, אפשר וועט איהם גאט צו שיקען אַ שטיקעל פרנסה. דעם דרויסען האט ער קיין מאל ניט אנגעזעהן, מחמת אויף ווייסע העהנער האבען זיך אלע מאל געפונען בעלנים אַ וועק צו לאטחענען. ער האט געגעסען אין חדר, געשלאפען אין חדר און ארום שפאצירט אין חדר מיט אלע אינגלעך צו גלייך. מיט דער צייט איז אייך דער האהן געווארען אַ שטיקעל למדן אויך! אז מיר פלעגען למשל פרייטאג זינגען שיר השירים האט ער באלד פארשטאנען, אז „שיר השירים" איז עפעס ניט קיין גלאטע סחורה, אַ שטייגער ווי „במה מדליקין" אדער „ויתן לך", פלעגט ער באלד אנהייבען קרעהען מיט אלע כחות און ניט פארמאכען די מויל ביז מיר פלעגען ניט אויפהערען.

מיינט ניט, אז דער האהן איז דאס געווען איין למדן אויף דער וועלט. עס זיינען דא אַ סך אזעלכע למדנים ווי ער וואס קרעהען אויסגעצייכענט און לעהרנען קענען אנדערע... נאר ניט דאס בין איך אויסען.

מיין רבינ׳ס פארמעגען איז באשטאנען—אַ חוץ דער ווייסער האהן צוויי הילצערנע בעטען, אַ טיש, אַ פאר לאנגע ביינק, אַ שטופע, אַ פלאט לעמפעל, דאס הייסט אַ לעמפעל וואס איז גע־

מאכט געווארען אנצוהייבגען און וואנט, אַ ווייס שווארצע ציג און אַ וועק זייגער אויף איין ווייזער. דער קליינער ווייזער האט אין גאנצען געפעהלט. (דער זייגער האט זיך גערעכענט פון דער קאטעגאריע „תלויים ועומדים". ער איז געהאנגען און געשטאנען).

איך געדיינק ווי דער רבי פלעגט דערצעהלען, אז דער זייגער שטאמט נאך פון זיין חתונה אן, וואס זיינער זעהר אַ רייכער קרוב האט איהם געווארפען דרשה־געשיינק. אַ צייט יאהרען — אזוי האט דער רבי דערצעהלט — האט דער זייגער גע־וועקט. נאר אַ מאל האט דאס, ניט פאר קיין מענשען געדאכט, געהאפט אַ צוק, האט איהם באלד אפגענומען דער לשון און געבליבען שטום ביז היינטיגען טאג. דער צוק — אזוי האט דער רבי געזאגט — האט איהם געמאכט פאר אַ פארטיגען קאליקע־ניט דאס געהט. און ניט דאס וועקט און דעם קליינעם ווייזערל האט ער אליין ארונטער גענומען און דאס אַ וועק געגעבען אנ׳ארעמע יתומה דרשה געשיינק. מחמת, אזוי האט דער רבי געזאגט, טאמער פעהלט איהר אַ מאל אויס אַ ווייזער וועט זי דערווייל ניט דארפען קויפען.

שטענדיג פלעג איך דעם זייגער׳ האלטען אין האנט און דרעהען פון אלע זייטען. איך בין געווען אַ געוואלטיגער בעלן אויסצוגעפינען די חכמה, ווי אזוי קען אזא קליינער זייגערל זיין אזא גרויסער חכם צו וויסען ווי שפעט עס איז? און צווייטענס: ווער דערלאנגט איהם דאס אַ דורקע אין בויך, ער זאל זיך דערמאנען, אז אט איצטער וויל דאס דער רבי אויפשטעהן און אט איצטער דארף ער איהם דאס אנהייבען צו וועקען? איך זאג אייך דעם ריינעם אמת, וואס האב איך מיך דא פאר אייך צו שעהמען, איך האב באלד מיין קאפּ צו

בראַכען טראַכטענדיג. וואו איך בין געגאַנגען און וואו איך געשטאַנען האָב איך, איהר הערט, אַלץ געטראַכט וועגען דעם וועקזייגער און האָב בשום אופן ניט געקענט דערגעהן די חכמה דערפון.

איין מאָל האָט איצקע דער עלטערער אינגעל פון חדר מיר גענומען ערקלעהרען נאָכ׳ן שכל נאָך, ווי אַזוי דער זייגער ווייסט צו וועקען.

די מעשה איז אַזוי:

טיעף אין זייגער ליגט אַריינגערוקט אַ ספּרוזינקע. איבער די ספּרוזינקעס קאָפּ הייננגט אַ גומענער זעקעלע אָנגעבלאָזען פול מיט ווינט. האַרט נעבען זעקעלע הייננגט אַ פּייפעלע, ווי די ספּרוזינקע גיט זיך אַ לאָז אַ וועק האַפּט דער זעקעלע פון איהר אַ געוואַלטיגען שנעל אין בויך אַריין. ווי דער זעקעלע, פאַרשטעהסטו מיך, האַפּט דעם שנעל, נעהמט באַלד דער ווינט בלאָזען אין פּייפעלע און אַז דער ווינט בלאָזט אין פּייפעלע, נעהמט דער פּייפעלע פּייפען מיט אַזאַ געוואַלד, אַז מען מוז זיך, ניט ווילענדיג אויפחאַפּען. אין דער אמת׳ן — לאָזט אויס איצקע — וועקט גאָר דער פּייפעלע, ניט דער זייגער. אַי פאַרוואָס רופט מען דאָס וועק־זייגער? ווייל אין וועק־זייגער, פאַרשטעהסטו מיך, ליגט דער פּייפעלע.

— חכם מיינער — האָב איך מיך גענומען אַמפּערן מיט איהם — דאָס איז טאַקע רעכט ווי דו זאָגסט, אַז ווי די ספּרוזינקע גיט אַ שנעל דעם זעקעלע אין בויך אַריין נעהמט דער ווינד בלאָזען אין פּייפעלע און אַז דער ווינט בלאָזט אין פּייפעלע מוז דער פּייפעלע פּייפען. נו, ווי דען? אַ ברירה האָט דאָס? אַז מען בלאָזט — פּייפט ער, און אַז ער פּייפט מוז מען זיך אויפחאַפּען. אָבער פון וואַנען ווייסט די ספּרוזינקע ווען צו

געבען אַ שנעל אין זעקעלע, אַז דער זעקעלע זאָל נעהמען בלאָזען אין פייפעלע, אַז דער פייפעלע זאָל אנהייבען צו פייפען, אַז דער רבי זאָל אויפשטעהן?

איך פארשטעה דיר גאר ניט! — מאַכט איצקע צו מיר מיט כעס — דאָס איז דאָך גאַר אַ קטנ׳עס צו פאַרשטעהן! נאָמיך אַ ביידע זאַגען, אַז דער רבי וויל אויפשטעהן פינף אַ זייגער, איז אַ מינוט פאַר פינף דערלאַנגט דער רבי אַ שנעל אין ספּרוזינקע, די ספּרוזינקע אין זעקעלע, דער זעקעלע בלאָזט אין פייפעלע און ווי דער פייפעלע נעהמט פייפען שטעהט דער רבי אויף. נו, איצטער פארשטעהסטו שוין?

— וואָס מיינסטו איצקע? גיב איך אַ געשריי אויף איהם— דו מיינסט דו רעדסט דאָס מיט אַ חומש אינגעל? דערצעהל דאָס די ציג, אַבער ניט מיר! אויב דער רבי חאַפּט זיך אויף אַ מינוט פאַר פינף, טאָ צו וואָס, פּימפּעניאַטער איינער, דאַרף ער אומזיסט און אומנישט געהן געבען אַ שנעל אין ספּרוזינקע, אַז דער פייפעל זאָל איהם אויפוועקען? ער קען דאָך אליין אויפשטעהן?

— הער! — רופט זיך אָן איצקע צו מיר — אַז דו פאַרשטעהסט ניט — אַרט מיר ניט, אַבילע איך פאַרשטעה!

אַז איך בין גרעסער געוואָרען האָב איך איינגעזעהן, אַז איצקע איז גערעכט. איינער מוז טאַקע אויפשטעהן און געבען אַ שנעל אין די צייט, אַז די צייט זאָל נעמען וועקען דעם מענשען. איהר פאַרשטעהט וואָס מען רעדט צו אייך?

אהה! וואו נעהמט מען היינט דעם מאַן וואָס זאָל אויפשטעהן און נעהמען וועקען די וועלט, זיי זאָלען עפענען די אויגען און אַ קוק טהאָן, ווי די באַצילען פון היטלעריזם פרעסט

אויף די צוויי הויפט עלעמענטען אויף וועלכע די וועלט איז געבויט: אויף אמת און גערעכטיקייט?

נאר ניט דאס בין איך אויסען!

איין מאל, זומער פארנאכט איז דאס געווען, ווען דעם רבינס ציג איז געקומען פון פעלד, עפענט די רביצין ברייט די טיר ווי להבדיל פאר אליהו הנביא און בעט די ציג אין חדר אריין. די ציג האט זיך צוגעהאפט צו די פאמיניצע וואס איז געשטאנען אנגעגרייט נעבען אויווען און גענומען טרינקען מיט אזא אפעטיט ווי זי וואלט נאך אין איהר לעבען קיין פאמעניצע ניט פארזוכט. אין מיטען דערינען פארוועלט זיך דעם האהן צו געהן שלאפען. ער גיט אַ שפרונג אויף אַ ביינקעל, פון ביינקעל אויפ׳ן פאלעצע און פון פאלעצע פראמא אויפ׳ן אויווען ארויף. צום שלים מזל איז גראד דעם טאג געשטאנען אויפ׳ן אויווען אַ טעפעל איינגעזוייערטע בורעקלעך. דער האהן האט זיך באגעגענט מיט׳ן טעפעל בורעקלעך. דער טעפעל האט געגעבען אַ פאל ארונטער און האט געטראפען די ציג גלייך אין קאפ אריין. די ציג האט פון שרעק דערלאנגט אַ שפרונג א וועק פון פאמוניצע און ארויף אויפ׳ן טיש וואו חיימקע איז געזעסען און גע׳חזר׳ט, פון טיש דורכ׳ן פענסטער, פון פענסטער אויף דער ערד און איז אַ וועק איבער׳ן שטעדטעל, ווי דער רוח וואלט איהר געטראגען.

חיימקע האט פון שרעק גע׳חלש׳ט אויפ׳ן שטעל און פלעק. אין חדר איז געווארען אַ גאנצע מהומה. די רביצין האט האס־טיג ארייגעהאפט אַ פולע מויל מיט וואסער און געגעבען אַ שפריץ אויף חיימקעס פנים ארויף. דער רבי האט איהם געקוועטשט ביי די שלייפען, די אינגלעך האבען איהם געקניפען וואו זיי

האבען נאר געהאפט. מיט צרות מיט מאטעריניש האט מען איהם קוים אפגעמינטערט.

די ציג איז געלאפען איבערן גאס ווי אַ פאַר׳סמ׳טע, האט געטאנצט און געשפרונגען, ווי זי וואלט מיט אַ מאל, ניט פאר קיין ציג געדאכט, ארונטער פון זינען. לויפענדיג האָט זי זיך אנגעגענט מיט אַ קליין שיקסעלע. די שיקסעלע האט געגעבען אַ פאל אָן דער ערד און איז געווארען אפגעגאסען מיט בלוט.

אין חדר איז שא שטיל. אלע אינגלעך זיטצען ארום טיש און חזרן. דער רבי זיצט מיט ביידע הענט אונטער געשפארט און בייסט שטארק די ליפען. אַ פנים עס האט איהם זעהר באנג געטהאן דעם טעפעל זויערע בורעקלעך וואס דער האהן האט צו בראכען. די רביצין זיצט פאזע אויוועו אן שאבט קארטאפעל. חאסקעלע דעם רבינס, אַ מיידעלע פון אַ יאהר צעהן נעהמט צו נויף אין פארטעכל די שערבלעך פון צובראכענעם טאפ און טראגט דאס אין דרויסען ארויס. דער האהן געהט ארום איבערן שטוב זוכענדיג פרנסה. חיימקע וואס האט פאר אַ ווײלע גע־חלש׳ט, לאזט אלע ווײלע ארויס אַ טיפען קרעכץ פון הארצען. דער קרעכץ צו טראגט זיך איבערן גאנצען חדר און ווערט פארשוואונדען אין דער לופטען. ווי מיר זיטצען אזוי און חזרן, מיט אַ מאל אַ נייע צרה! ביי וועלווקע לאה ביילעס איז פון העלער הויט געווארען אַ פרישציקעל אויפ׳ן פוס. ער שטעהט אין מיטען חדר, דעם צונג ארויס, די קאפ פארריסען און קוקט אויפ׳ן וועק־זייגער. דעם האהן האט זיך אויסגעדאכט, אז אויף וועלווקעס פוס ליגט עפעס אַ ברעקעל. ער געהט צו פאמעלעך צו איהם און דערלאנגט אַ מורא׳דיגען פיק אויפ׳ן סאמע פריש־ציקעל. וועלווקע האט דערלאנגט אַ טאנץ און אַ געשריי: געוואלד! דער האהן האט מיר אַ וועק גע׳הרג׳ט! ניט טויט — ניט לעבעדיג

לויפט צו די רביצין צו איהם. זי חאפט אַ נאסע טיכעל און בינדט ארום די פוס, אז די בלוט זאל ניט לויפען. דאביי נעהמט זי איהם אן פאר׳ן האנד, פיהרט איהם צו צום שלאף באנק און לייגט איהם אַ וועק שלאפען.

דער רבי איז געווארען אויסער זיך. ער האט פשוט געוואלט דעם האהן ממית׳ן. די רביצין איז ארויף געפאלען אויפ׳ן רבין מיט א מויל און גענומען געוואלדעווען: „וואס האסטו מיר דא געבראכט אַ האהן אַ זולל וסובא?״ אַ גאנצען טאג געהט ער מיר ארום פרעסענדיג, אַ מינוט, זאג איך דיר, פארמאכט דאס ניט די מויל! איז דאס נאך ניט גענוג פאר איהם געהט ער נאך זוכען ברעקלעך אויף וועלווקעס פוס אויך! איך זאג דיר זלמן, אויב דו נעהמסט מיר ניט אַ וועק דעם האהן פון דאנעט געה איך באלד און פאר׳סם איהם און ארונטער פון מארק!״

דער רבי האט געוואלט וואס ענטפערן. אין מיטען דערינען עפענט זיך די טיר פון חדר און עס לאזט זיך אריין אַ פויער מיט אַ שיקסעלע. אלע אינגלעך האבען געגעבען אַ קעהר אַ וועק די קאפ פון דער גמרא און גענומען קוקען נייגעריג אויפ׳ן פויער מיט די שיקסעלע.

— קינדער — רוף איך מיך אפ אין דער שטיל — איהר ווייסט, מיר שמעקט עס גאר ניט! דא האט געמוזט, איהר הערט, פאסירען גאר אַ פאסקודנע מעשה!

ווי איך האלט אין ריידען געהט צו דער פויער צום רבין און מאכט צו איהם מיט כעס:

— נא, קוק זיך איין, וואס דיין פריקליאטע ציג האט דא געמאכט מיט מיין קינד! קוק זיך איין וואס פאר אַ פנים איהר נעזעל האט! קוק זיך איין ווי איהר קליידעל איז אויסגעווייקט פון בלוט! דו זאלט וויסען זיין — גיט ער אַ געשריי

אויפ'ן קול — אויב דו גיסט מיר ניט באלד צוואנציק קאפיקעס אויף א פלאש בראנפען, געה איך שוין און דרעה אויס דיין ציג אַ פיסעל!

דער רבי נעהמט איינ'טענה'ן מיט איהם מיט גוטען:

— קוק זיך איין פטרוס, וואס פאר אַ שאדען דער האהן האט מיר דא אנגעמאכט! מיר צו בראכען אַ שפאגעל נייעם טעפעל מיט בורעקלעך און ווייסט גאט ווי די ציג וועט נאך אפשניידען! זי קען נאך גאט זאל אפהיטען ארונטער געהן פון זינען, א קלייניקייט וואס פאר א טראסק זי האט דיר געהאפט אויפ'ן רעכטען מיטען קאפ? איז דיר דאס נאך ניט גענוג? קומסטו נאך צו געהן און ווילסט נאך פון מיר צוואנציג קאפי־קעס? אַ גירדע פעטרוס נע בוק דורנעס (הער פעטרוס זיי ניט קיין נאר). זאג מיר פארוואס און פארווען קומט דיר דאס געלט? דיין קינדס נעזעל קאסט דיר עפעס וואס? און וועגען די קליי־דעל? דאס איז דאך אַ נארישקייט! נא דיר אַ שטיקעל זייף, גיב דיין ווייב וועט זי די קליידעל ארומוואשען. און איך פאר־שטעה דיר איבערהויבט ניט, פעטרוס! ווי קענסטו גאר מאנען פון מיר געלט? ווי באלד אז די ציג איז משוגע געווארען קענסטו דאך ניט פארלאנגען פון מיר אז איך זאל זיין פאר־אנטווארטליך פאר א משוגענע ציג. דו פארשטעסט וואס איך זאג דיר?

ווי דער פויער האט דערהערט אזעלכע דבורים, איז ער געווארען מלא רציחה. ער דערלאנגט מיט'ן פויסט א טראסק אן טיש און שרייט אויס מיט כעס:

— דוקשען טווי דעשטימטע קאפייקע (גיב אהער צוואנציג קאפיקעס), אַ ניט — געה איך שוין און דערווערג דיין ציג!

דער רבי האט געזעהן, עס איז שלעכט, ער קען חלילה בלייבען אהן א ציג. זאל שוין זיין, טראכט ער ביי זיך אַ משוגענע ציג, אבער א ציג בלייבט זי דאך, האט ער געשיקט אריינרופען דעם שכן.

ווי דער שכן איז אריינגעקומען נעהמט ער איינ׳טענה׳ן מיט׳ן פויער. ער רעדט מיט איהם אהין, ער רעדט מיט איהם אהער, גיט איהם אַ סך משלים פון דאנען און פון דארטען, עס געהט אבער ניט פון פלעק. דער פויער האט זיך אייגעשפארט: אדער צוואנציג קאפיקעס אדער ער דערווערגט די ציג.

— איך זאג אייך ר׳ זלמן! — רופט זיך אפ דער שכן — מען דארף מיט דעם ערל שלאגען בלאט! איהם עפעס נתנ׳ן אין יד אריין, אַ ניט — שטעהט אייער ציג אין אַ סכנה! דער פויער וועט געהן אויף איינס!

עס איז געבליבען, אז דער רבי זאל אַ וועק געבען דעם פויער דעם האהן און די שיקסעלע — צוויי קאפיקעס אויף בייגעל.

— וואס טויג אייך — מאכט דער שכן צום רבין — צו האלטען אזא ווילדען האהן? וואס איז דאס? אַ האהן איז דאס? דאס איז דאך רחמנא לצלן אַ שד, וואס מען טאר אזוינעם אין אַ יודישע הויז ניט האלטען!

אַ אינגעל האט אגגעחאפט דעם האהן און דערלאנגט דעם פויער. דער פויער פארקאשערט די פאלע און רוקט דעם האהן טיעף, טיעף אין פאלע אריין, אז מעהר ווי די קעפעל זאל זיך ניט ארויס זעהן. די רביצין דערלאנגט די שיקסעלע צוויי קאפיקעס און זיי האבען זיך באלד אפגעטראגען.

ווי די רביצין האט געזעהן, אז דער פויער איז ארויס מיט׳ן האהן, איז זי ארויסגעפאלען מיט אַ געוויין און גענומען טענה׳ן ווי אויף אַ בית עולם:

— אַ קלאָג צו מיר! אַ חורבן צו מיר! וועלכער שד האָט מיר געשלעפּט אַ וועק צו שטעלען דעם טעפּעל בורעקלעך דוקא אויפ׳ן אויוועז? פאַר וואָס האָב איך בעסער ניט געקענט אַ וועק שטעלען אויפ׳ן פּאַליצע? און וואָס פאַר אַ קלאָג, טאַטע זיסער, איז דאָ היינט געווען מיט׳ן האָהן, אַז איהם האָט זיך גראָד אין דער מינוט פאַרוואָלט צו געהן פּאַפּען? און פאַר וואָס — טענה׳ט זי מיט טרעהרען אין די אויגען — האָט דער טעפּעל ניט געקענט פאַלען אַ טראָפּעלע ווייטער, וואָלט דאָך די ציג ניט געחאַפּט דעם קלאַפּ און מיר וואָלטען פאַרשפּאַרט אַזוי פיעל הארץ־עסעניש? גאָר אַ קליינינגקייט! אַ ווערטל זיך אָפּ־צורייידען! דעם טאָפּ צו בראַכען, דעם האָהן פאַרלאָרען, צוויי קאָפּיקעס אויף דרויסען אַרויסגעוואָרפען און ווייסט גאָט וואָס די ציג מאַכט? איך זאָג דיר זלמן, דו הערסט, מיין האַרץ זאָגט מיר, הלוואי זאָל איך ליגען זאָגען, אַז פון אַזאַ טראַסק וועט דיר די ציג טרוקען ניט אָפּשניידען!

— מאַמע! — רופט זיך אָן חאַסקע דעם רבינס — ווייסטו פאַר וואָס דער האָהן איז געגאַנגען אַזוי פריה שלאָפען? ער האָט געזעהן, פאַרשטעהסטו מיך, ווי די ציג טרינקט און איהם גיט מען גאָר ניט, איז ער פון פאַרדרוס געגאַנגען שלאָפען פריהער פאַר אַלע מאָל! הא מאַמע? אפשר ניט אַזוי?

— חאַסקע דו געהסט אַ וועק פון דאַנען? גיט די רביצין אַ געשריי אויפ׳ן קול — איך דערלאַנג דיר באַלד אַ פּראַסק, אַז דו וועסט זיך מיר פאַרדרעהען! שטעק ניט דיין נאָז וואו מען דאַרף ניט! אַז איך וועל דיר דאַרפען, וועל איך דיר קלאַפּען אַ דעפּעשע!

— איך בין זיכער — טענה׳ט די רביצין ווייטער — אַז די ציג איז מיר אַרונטער פון זינען. זי האָט דיר געחאַפּט, דעם

קלאפ פונקט אויפ'ן מח! זי וועט בשום אויפ'ן ניט קענען אריבער טראגען! דו ווייסט, דער טעפּעל מיט די בורעקלעך איז געווען אזוי שווער, אז איך האב דאס קוים געקענט אויפ־הויבען! איצטער זיי מיר אַ חכם געה נעהם און מעלק דיר אַ משוגענע ציג! זי קען מיר נאך דערלאנגען אַ בריק מיט די הינטערשטע פיסלעך אין בויך אריין, אז איך וועל שוין פאר־שפארען מיין גאנצען לעבען צו מעלקען ציגען! איך זאג דיר זלמן, איך בין פארביי! מיין הארץ פלאצט מיר פון פארדרוס! דו הערסט צו ניט?

— וואס עסט דו זיך צפורה אזוי אפּ דאס הארץ — רופט זיך אן דער רבי מיט אַ רחמנות פנים — הער זיך צו וואס אונזערע חכמים זאגען: „כל מה דעביד רחמנא לטבא עביד". וואס גאט טהוט — טהוט ער אלץ צום גוטען. איך זאג דיר צפורה, וואס דער פויער האט צוגענומען פון אונז דעם האהן וועט אונז ארויסקומען דערפון אַ גרויסע טובה: אלע יאהר געדיינקסטו פלעג איך שלאגען כפרות מיט אַ האהן און דו מיט חאסקעלען מיט אַ הוהן. איצטער אז דער פויער האט אומזיסט און אומנישט צו גענומען פון אונז דעם האהן, וועט דער פויער מיט'ן האהן זיין אַ כפרה פאר אונז אלע דרייען! אויף אזא מאדע, פארשטעהסטו מיך, שפארען מיר היינטיג יאהר איין אַ הוהן! דו האסט פארשטאנען וואס איך האב דיר געזאגט? און וועגען די ציג דארפסטו זיך אויך ניט רייסען דעם פעלץ! מה הרעש אז די ציג איז דיר משוגע געווארען? וואס? דו דארפסט טהאן מיט איהר אַ שידוך? פארקעהרט! אז זי איז משוגע געווארען וועסטו נאך קענען ארויסנארען פון איהר אַ ביסעל מעהר מילך! ווייסטו ניט צפורה, אז משוגעים לאזען זיך מעלקען?

און וואס דו האסט מורא, טאמער וועט זי דיר געבען אַ בריק אין בויך — דאס איז גלאט נארישקייטען! וואס איז אַ ציג — אַ פערד? אַ פערר בריקט זיך, אבער ניט קיין ציג! זעהסטו, אז דו וואלסט איהר באדארפט מעלקען פון די הער־נער וואלט טאקע געווען גאר פאסקודנע! הא? וואס? אפשר ניט אזוי?

## 1. ניט געקענט שלאפען

אַ גאסט האט גענעכטיגט אין אַ קרעטשמע. אויף מארגען פריה פרעגט איהם דער בעל־הבית:

— נו ר׳ איד, ווי האט איהר געשלאפען?

— איהר פרעגט נאך? — רופט זיך אן דער גאסט מיט א בייזען פנים — איך האב קיין אויג ניט געקענט צומאכען! צוויי קעץ זיינען געלעגען אונטערן פענסטער און האבען דורך געזונגען א גאנצע נאכט!

— וואס האט איהר ר׳ איד געוואלט? — גיט דער בעל־הבית זיך אַ בייזער — פאר צעהן קאפיקעס נאכט־לעגער, זאלען צוויי חזנים פאר אייך זינגען?

## 2. צוויי טויטע פליגען

— קעלנער! — גיט אַ געשריי אַ גאסט אין אַ רעסטאראן— קומט אהער קוקט זיך איין, אט ליגען דאך צוויי טויטע פליגען אין די זופּ!

— אום גאטעס ווילען! — גיט דער קעלנער א געשריי אויפ׳ן קול — האפט האסטיג אוןווארפט זיי ארויס, אַ ניט — וועלען באלד אנקומען אזוי פיעל צו דער לְוָיָה, אז מיר וועלען מוזען לויפען פון דאנען, וואו די אויגען טראגען!

## 3. א רב געזעגענט זיך

א רב איז שטארק קראנק געווארען. דער דאקטאר האט אנגעזאגט, מען זאל קיינעם ניט צו לאזען צו איהם. ער מוז ליגען רוהיג. גורעוויץ דער אפטייקער איז געקומען זעהן וואס דער רב מאכט. געהט אריין דער שמש צום רב און מאכט צו איהם?

— רבי, דער אפטייקער איז געקומען מבקר־חולה זיין!

— לאז איהם אריין! — רופט זיך אפ דער רב מיט אַ שוואכע שטימע.

— רבי — פרעגט דער אפטייקער פארוואונדערט — ווי קומט עס, אז די בעלי הבתים פון שטעדטעל לאזט איהר ניט אריין און מיר האט איהר באלד אריינגעלאזען?

פארשטעהט איהר מיך — ענטפערט דער רב מיט א קרעכץ— מיט די בעלי בתים וועל איך זיך נאך א מאל טרעפען אין גן עדן, אבער אנ'אפיקורס ווי איהר קען גרייליך זיין אז דאס איז דאס לעצטע מאל וואס מיר זעהען זיך ביידע, דאריבער, פאר־שטעהט איהר מיך, האב איך אייך אריינגאלאזען, כדי איך זאל מיך קענען זיך געזעגענען מיט אייך!

## 4. מחלה — א קרענק

א מלמד האט געלעהרענט מיט א אינגעל חומש.

ווי עס איז געקומען צוםווארט „מחלה — אַ קרענק" האט דער אינגעל פארגעסען דעם טייטש ווארט.

זאגט דער מלמד: „מחלה — אַ קרע!..." ער וויל אז דער אינגעל זאל אליין טרעפען.

חאפט אונטער דער אינגעל: מחלה — אַ קרעמער.

— פויערשע קאפ! זאג זשע: מחלה — אַ קרע!...

— מחלה — אַ קרעטשמע!

דער מלמד ווערט אין כעס, גיט דעם אינגעל אַ ריס פאר׳ן אויער און א געשריי: פארשטאפטער מח! ווי קומט דיר קרעטש־מעס אין חומש? גאר א נייעס! נאט אייך אַ וועק, מחלה — אַ קרעטשמע! וואס נאך וועסטו זאגען? אַ וואונדער בנאמנות אז דו זאגסט מיר ניט מחלה — אַ פיינקוכען?

זאגזשע שוין פעטרוס: מחלה — א קרע!...

— מחלה — א קרעבעלניק (די וואס געהן ארום מיט סחורה איבער די דערפער).

— וואס פאר אַ פייער איז דא אויף דיר, פימפענאטער איינער! זאג זשע: מחלה אַ קרע!...

— מחלה -- אַ קרעפעל!

— חם! פויער! — גיט דער מלמד אַ דונער — ווייסטו ניט וואס איז דער טייטש מחלה? דאס איז אזוינס, אז מעז האט דאס, וויל מען באלד פון דעם פטור ווערען.

— אוי רבי, איך ווייס שוין! — מאכט דער אינגעל מיט שמחה — דאס איז: די רביצן און אַ ציג וואס שטעכט זיך! אַהא זעהט איהר רבי! איך האב געטראפען!

## 5. גלייכע פאר

אַ רב איז געקומען ערב פסח צו אַ ישובניק. עד געפינט די טיר אפען און קיינער איז ניטא אַ היים. אין מיטן דערינען לאזט זיך ארײַן אַ מיידעל מיט אַ אינדיטשקע.

— זאג זשע מיר מיין קינד — רופט זיך אן דער רב צו די מיידעל — וואלט דיין טאטע זיך משדך זיין מיט אַ רב?

— געוויס! — ענטפערט די מיידעל מיט אנ׳ערנסטען פנים— איך האב אלע מאל געהערט ווי דער טאטע זאגט! אז פאר מיין עלטערע שוועסטער וועט ער נעהמען אַ רב׳ס אַ זוהן.

— אזוי גאר! — ענטפערט דער רב רוהיג — איך האב ביי מיר אין דער היים אַ אינדיק, גיב מיר די אינדיטשקע, זיי ביידע, מיין אינדיק מיט דיין טאטענס אינדיטשקע וועלען זיין אגלייכע פאר.

— דער טאטע האט געזאגט — רופט זיך אן די מיידעל מיט אַ שמייכעל — אז די יונגע פאר וויל ער האלטען ביי זיך. טא זייט אזוי גוט רבי, ברייגנט אייער אינדיק צו אונז!

## 6. א פרוי וואס קען איהר מאן

אַ דאקטאר איז געקומען צו אַ קראנקען. ער בעטראכט דעם קראנקען און רופט זיך אן צו די פרוי:

— וואלט איהר אפשר וועלען איך זאל דורך קוקען אייער מאן מיט רענטגען שטראהלען?

— אַ דאנק! עס איז ניט נעטהיג! — גיט די פרוי אַ מאך מיטן האנט — איך קען מיין מאן דורך און דורך! הלואי טאטע זיסער, וואלט איך איהם ניט געקענט!

## 7. ציהען פאר די פיס

— באבינקע רופט זיך אן בערקע דער לץ צו אנ׳אלטע אידענע וואס איז געזעסען אויף אַ פייער־טאפ און געשטריקט אַ וואלענע זאק. — זעהט באבינקע, טהוט מיר אַ טובה קריכט

אַ ווײלע אַ ראפּ פון פייער־טאָפּ און לאזט מיר אייך אַ ביסעלע ציהען פאר די פיס! – אַ וועק פון דאנען כל־בוניק איינער! – דערלאנגט די אלטע אַ דונער – וואס פאר אַ ציהעניס איז עפּעס אין מיטן דערינען געקומען אויף דיין קאפּ? עס זאל דיר שוין, טאטע זיסער, ציהען, איך וועל דיר באלד זאגען וואו!

– אזיסער לעבען אויף אייך! – רופט זיך אן בערקע מיט אנ׳ערענסטן פנים – זייט ניט באבינקע אזוי אין כעס! אז איהר וואלט וויסען וואס פאר אגרויסע מצוה איהר פארדינט דאביי, וואלט איהר אסור זיך ניט געלאזט בעטען!

אט הערט זיך צו וועט איהר וויסען פון אלץ מיט אנאנדער:

איין מאהל שטעה איך מיר אזוי נעבען אייער איידעם, הער איך ווי ער זאגט צו ר׳ יוזל דעם מלמד: „אז די שוויגער וועט אויסציהען די פיס, וועט ווערען ליכטיג אין די אויגען”.

און אזוי ווי מיר האט אנגעהויבען „ניט פאר אייך גע־דאכט, פון העלער הויט צו טונקלען אנ׳אויג, בין איך אַ בעלן צו וויסען אויב עס איז טאקע אמת וואס אייער איידעם זאגט, אז איהר וועט אויסציהען די פיס וועט ווערען ליכטיג אין די אויגען!

## 8. פארקעהרטע שוועבעלעך

אַ דייטש און אַ איד זיצען און שמועסען. רופט זיך אן דער איד צום דייטשען:

– אידען זיינען בעסערע געשעפטסלייטע ווי די דייטשען. אט בין איך נעכטען אריינגעגאנגען ביי אַ דייטשען אין א גע־שעפט און געבעטען אַ קעסטעלע שוועבעלעך. מאך איך צו איהם:

– איך וויל ניט אז די קעפּלעך פון די שוועבעלעך

זאל זיין דער זייט קעסטעלע, איך וויל עס זאל זיין פארקעהרט פון יענער זייט קעסטעלע. — אַ זעלכע ציגדהעלצער – רופט זיך אן דער דייטש — האב איך ניט! געה איך אריין ביי אַ אידען אין א געשעפט, מאכט דער איד צו מיר: — איך האב אזעלכע שוועבעלעך נאר עס וועט אייך קאסטען מיט אַ קאפיקע טייערער!

— נו, זעהט איהר שוין אז אַ איד איז א בעסערער קויפ־מאן ווי אַ דייטש! — ווי זא! – רופט זיך אן דער דייטש פאר־וואונדערט – עס קען דאך מעגליך זיין אז יענער דייטש האט אזעלכע צינדהעלצער ווי איהר האט פארלאנגט גראד דעם טאג ניט געהאט!

## 9. זויערע לאקשען

אַ ישיבה בחור האט מען צו מיטאג דערלאנגט אַ טעלער לאקשען. די לאקשען איז געווען אזוי זויער אז ער האט דאס פשוט ניט געקענט אריין נעהמען אין מויל. רופט ער זיך אן:

— איהר ווייסט בעל־הביתטע, אייער בורעקלעך איז גאר ניט זויער!

— וואס רעדט איהר? זייט איר משוגע אדער שכור? וואס איז דאס? בורעקלעך איז דאס? דאס איז דאך לאקשען!

— אזוי גאר — ענטפערט דער ישיבה בחור קאלטבלוטיג— איך האב אסור גאר ניט געוואוסט אז דאס איז לאקשען? נאר אויב עס איז טאקע אמת ווי איהר זאגט, אז דאס איז לאקשען, איז דאס גענוג זויער!

## 10· א מילכיגע מיידעל

דריי חסידים זיצען און שמועסען. רופט זיך אן איינער פון זיי:

— וואס אמת איז אמת! אז נאך אזא צדיק ווי מיין רבי איז גאר אויף דער וועלט ניטא! ער איז אזוי אפגעהיט פון מילכיקע מיט פליישיקע, טאמער האט ער היינט אפגעגעסען פליישיקע וועט ער ערשט עסען מילכיקע אין אַ וואך ארום!

נו זאגט אדרבא! דארפט איהר עפעס האבען אַ גרעסערען צדיק ווי מיין רבי?

— וואס? — דערלאנגט דער צווייטער אַ טאנץ ווי אנ׳אפ־געבריהטער — אין פרומקייט איז דיין רבי אַ הונט געגען מיין רבי׳ן! — נאך אזא רבי ווי מיינער, איז ניטא און עס וועט ניט זיין! ער איז אזוי אפגעהיט פון מילכיקע מיט פליישיקע, אז ער מוז האלטען אין שטוב צוויי דינסט מיידלעך, איינע אַ מיל־כיקע און איינע — אַ פליישיקע.

— געהט שלאפען לאפצעדראקעס! — גיט דער דריטער אַ פייער אייער ביידענס רבי קענען זיך אזוי פארגלייכען צו מיין רבין פונקט ווי אַ פלוי געגען א העלפאנט!

מיין רבי זאל לעבען האט מורא טאמער, לא יעלה ולא יבוא, ריהרט זיך אַ מאל אן די מילכיקע מיידעל אן די פליישיקע, האלט ער די מילכיקע מיידעל טאג און נאכט נעבען זיך און לאזט פון איהר קיין אויג ניט ארונטער!

נו, וואס זאגט איהר איצטער לאפצעדראקעס! וועמענס רבי איז גרעסער, מיינער אדער אייערער?

## 11. אויף מיר ריכט זיך ניט

אַ סוחר האט אריינגעשטעלט אין אַ צייטונג: ער זוכט אַ בוך־האלטער וואס פארשטעהט דריי שפראכען?

קומט אריין ביים סוחר אין קאנטאר אַ יונגערמאן און גיט איהם אַ פרעג:

— איהר האט דאס אריינגעשטעלט אין צייטונג, אז איהר דארפט האבען אַ בוך־האלטער וואס קען דריי שפראכען?

— יא! — ענטפערט דער סוחר — נו, קענט איהר רוסיש?

— ניין, רוסיש קען איך ניט! פאר די רוסישע שפראך בין איך אלע מאל געלאפען ווי פון פייער!

— און דייטש פארשטעהט איהר?

— חס ושלום! וואס מיינט איהר איך בין משוגע? איך וועל אייך געהן לעהרנען אזא להכעיס שפראך? זעהט איהר ניט וואס פאר צו להכעיס׳ניקעס די דייטשוקעס זיינען אייך?

דאכט זיך אלץ מיט אנאנדער ריידען זיי אייך מיט׳ן פַּתַח. נאר טאמער זאגט דער איד קאַלאַאשען מיט אַ פתח, זאגען זיי אייך אויף צו להכעיס — קאלאָשען מיט א קמץ. נו, זאגט אדרבא, טאר מען אזא לשון אריינגעהמען אין מויל אריין?

— פראנצויזיש קענט איהר?

— איך פארשטעה אייך גאר ניט? — רופט זיך אן דער יונגערמאן אביסעל אויפגעבראכט — וואס בין איך? א פראנצויז בין איך? איך בין, אט ווי איהר קוקט מיך אן, אַ געבארענער אַ קעלעמער! נו, פון וואנען, איך בעט אייך, זאל אַ קעלעמער קענען פראנצויזיש?

ווערט דער סוחר אנגעצונדען ווי אַ פייער און דערלאנגט אַ געשריי אויף איהם! טא צי ווייט וואס זייט איהר צו מיר געקומען?

— איך בין געקומען צו אייך — מאַכט דער לץ קאַלט־בלוטיג — אייך זאָגען, אַז אויף מיר דאַרפט איהר זיך ניט ריכטען!

## 12. דעם שדכנ׳ס ווייב

אַ שדכן קומט צו געהן צו אַ יונגען מאַן און דערצעהלט איהם אַז ער האָט פאַר איהם אַ מיידעל אַ זעלטענע שעהנהייט. עס איז ממש אַ ברכה צו מאַכען איבער איהר.

ווי דער יונגער מאַן האָט זיך געטראָפען מיט די מיידעל און אַ ווײלע מיט איהר פאַרבראַכט, לויפט ער אַ וועק צום שדכן און פאַלט אויף איהם אָן מיט אַ מויל: סטייטש ווי זאָגט איהר מיר דאָס אַז די מיידעל איז אַ זעלטענע שעהנהייט? זי איז דאָך מאוס ווי די נאַכט? אַזאַ יאָהר אויף אייך וואָס פאַר אַ שעהנ־הייט דאָס איז! עס קעהרט דאָך ממש דאָס האַרץ אַ קוק צו טהאָן אויף איהר!

— שאַ! שאַ! זייט ניט אַזוי אין כעס יונגער־מאַן — רופט זיך אָן דער שדכן קאַלט־בלוטיג — איהר דאַרפט כ׳לעבען אַ קוק טהאָן אויף מיין ווייב, זאָג איך אייך, ווי איך בין אַ איד, אַז די מיידעל איז אַ פרינצעסען געגען מיינע!

## 13. אַ מיטעל ניט צו קושען זיך מיט די ווייב

זאָג מיר בערע מנשה, פאַר וואָס ביזטו אַזוי משוגע? אָט וואו דו פאַהרסט נעהמסטו אַלץ מיט די ווייב? וואָס ווילסטו, אַז די גאַנצע וועלט זאָל זעהן, אַז דו האָסט געחאַפּט אַ ווייב אַ מאַוסקייט? זעהסטו גאָר ניט, אַז אַלע קייכען פון דיר אין די הויפּענס?

— וואס זאל איך טהאן, גוטער ברודער — ענטפערט בערע מנשה מיט אַ טרויעריגען פנים — זאל איך פאלגען דיר און איהר איבער לאזען אַ היים, וועל איך דאך, פארשטעהסטו מיך, זיך דארפען קושען מיט איהרביים אַ וועק פאהרען און ביים צוריק קומען. היינט זיי מיר אַ חכם גבריאל, געה קוש זיך מיר מיט אזא מאוסקייט. נעהם איך איהר, פארשטעהסטו מיך, בעסער מיט, כדי איך זאל פארשפארען זיך צו קושען מיט איהר אהין און צוריק! נו, וואס זאגסטו גבריאל, האב איך רעכט צי ניט?

## 14· קיינע איז קיין בהמה ניט

אַ רב׳ס אַ זוהן איז אַ וועק געפאהר׳ען אין בערלין שטו־דירען. שרייבט איהם דער פאטער: מיין זוהן, פוטער גויעשע מעגסטו עסען, אבער פון גויעשע מילך, מיזטו זיך היטען ווי פון פייער, מחמת מילך קען זיין אויסגעמאלקען פון אַ „בהמה טמאה" ווי פון אַ חזיר אדער אַ קעמעל.

— טאטע — שרייבט דער זוהן צום פאטער — דו מעגסט מיר גלויבען בנאמנות, אז איך קען כמעט אלע „טמאות" פון בער׳לין [אויסגעלאסענע פרויען] און קיינע איז קיין בהמה ניט...

## 15· ער וויל ניט זיין קיין שניידער

אַ פאטער האט געהאט אַזוהן אַ טפש, דער פאטער האט געוואלט, אז דער זוהן זאל לעהרנען שניידעריי און דער זוהן האט זיך איינגעשפארט ניט אנדערש, ער וויל ווערען אַ שוסטער. ווען ער האט געענדיגט לעהרנען שוסטעריי, איז ער אוועק געפאהרען אין יאמציסלע און האט זיך דארטען באזעצט. אין

עטליכע יאהר ארום, קומט דער פאטער זעהן וואס דער זוהן מאכט.

— טאטע — רופט זיך אן דער חכם — דו זעהסט! עס איז געווען אַ נס וואס איך האב דיר ניט געפאלגט איך זאל ווערען אַ שניידער! אט זעהסטו איך בין שוין אַ שוסטער אין יאמציסלע איבער דריי יאהר און קיינער איז נאך ביז היינט ניט אריינ־געקומען צו מיר זיך באשטעלען א פאר הויזען! שעהן וואלט איך אויסגעזעהן טאטע! ווען איך וואלט דיר געווארען א שניידער!

## 16. שוסטער א למדן

אַ מאן פלעגט אונטער שרייבען אין יעדען בריעף וואס ער האט געשיקט צו זיין פרוי: „עפר אני בחיי קל וחומר במתתי״.

די פרוי איז א סך מאל געקומען צום רב, ער זאל איהר ערקלעהרען וואס איהר מאן מיינט מיט דעם „עפר אני בחיי!״

וויפיעל דער רב האט זיך ניט צומאטערט צו דערגעהן דעם פשט דערפון, איז ער דאך געבליבען ניט געוואוסט.

איין פריה מארגען לאזט זיך ארונטער פון אמעריקע יאסקע דער שוסטער, דער רב שיקט איהם רופען און פרעגט איהם: — זאג מיר יאסע, וואס מיינט דאס ביי אייך אין אמעריקע „עפר אני בחיי קל וחומר במתתי״?

— הייסט ניט רבי די אידינע חַיֶה?

— יאסע דו האסט געטראפען — רופט זיך אן דער רב פארוואונדערט — זי הייסט טאקע חיה!

— נו, טא וואס איז דא ניט צי פארשטעהן רבי? אט

דאס מיינט איהר מאן: עפר אני בחיי – אז איך האב געלעבט מיט מיין ווייב חיה, בין איך געווען שווארץ ווי ערד קל וחומר במתתי – היינט ווי ליג איך שוין אין אָרצע אז איך לעב מיט די מיסעס! [די בעל הביתטע ביי וועמען ער וואהנט].

## 18. אַ טעות אין איינבינדען

אַ ישובניק האט געגעבען ערב פסח איינבינדען די אגדה. דער איינבינדער האט געמאכט אַ טעות. ער האט צוגעקלעפט צו די „עשרה מכות" אבלעטעל פון מחזור: אשמנו, בגדנו, גזלנו...

ווען עס איז געקומען צו זאגען די עשרה מכות, הייבט אן די ישובניצע טונקען אין גלעזעל: דם, צפרדע... אשמנו, בגדנו, גזלנו... – געוואלד געשריען שמערע יאסע! – שרייט אויס די ישובניצע מיט אַ קול – ווי קומט עס אז היינטיגען יאהר איז מיר דא מעהרער מכות ווי אלע יאהר? עס טהוט מיר שוין וועה אויף נאמנות די פינגער טונקענדיק?

– וואס פארשטעהסטו ניט טויבע לאה – רופט זיך אן דער ישובניק מיט אַ צובראכענע הארץ –- היינטיגען יאהר איז דאך אַ עבור יאהר!

## 19. אַ קלוגע הוהן

– מאמע, מאכט דאס קינד צו די מוטער – פאלג מיר, פארקויף ניט די הוהן – אזא קלוגע הוהן ווי אונזערע, וועסטו קיין מאל ניט קריגען! זי איז דאך אזוי קלוג מאמע, זי ווייסט אויסצולייגען אנ'איי אז עס זאל זיך אריינפאסען פונקט אין אונזער אייער בעכערל!

## 20. עס שטימט

אַ דייטש און אַ מלמד זיינען געפאהרען צוזאמען אין אבאַהן. פרעגט דער מלמד דעם דייטשען:

— וואס איז אייער געשעפט?

— איך האנדעל מיט וואלד! — ענטפערט דער דייטש — און וואס איז אייער געשעפט?

— איהר פרעגט וואס מיין געשעפט איז? אָך מהיכא תיתי? פאר וואס זאל איך אייך עפּעס ניט זאגען? נאר איהר האט ר׳ דייטש זיך גאר ניט וואס צו שרעקען איך האנדעל ניט מיט קיין וואלד, אפילו מיט שפּענער אויך ניט — איך האב צוואנציג קינדער! דאס אלץ!

דער דייטש שטעלט אויס אַפּאר אויגען אויפן מלמד און גיט איהם א פרעג: — ווי איז דאס מעגליך? איהר זייט דאך נאך גאר אַ יונגער מענש, ווי קענען זי האבען צוואנציג קינדער?

— איך האב, פארשטעהט איהר מיך, צוויי באהעלפער.

— אויב אזוי — רופט זיך אן דער דייטש — דאן שטימט!...

## 21. ושתי

צוויי ישיבה בחורים זיצען און שמועסען. פרעגט איינער דעם צווייטען:

— ווי קומט עס אז אחשורוש האט געהייסען ברייגגען ושתין אַ נאקעטע? פארוואס האט ער ניט געוואלט, אז זי זאל קומען פאר אזעלכע חשובה געסט אנ׳אויסגעפּוצטע?

— וואס פארשטעהסטו ניט חכם איינער? אחשורוש האט

געוואוסט, אויב די געסט וועלען דארפען ווארטען ביז ושתי וועט זיך אויספוטצען וועט דער ווילע איבער געהן די „שבעת ימי המשתה״, די גאנצע הולאנקע.

— ווי איך בין אַ איד דו ביזט גערעכט! דאס איז גאר ביים וועג וואס לאזט זיך שיקען. נו, קענסטו מיר שוין אין איין גאנג זאגען: פון וואנען האט רש״י געדרונגען, אז ושתי׳ן האט אויסגעוואקסען גאר אַ פאסקודנע זאך אויפ׳ן שטערען?

— איך פארשטעה דיר גאר ניט פלינגיאנער! וואס האסטו געוואלט אז רש״י זאל זאגען אז עס האט איהר אויסגעוואקסען אַ רעטעך אויפ׳ן שטערען? משוגענער! וואו האסטו דאס געזעהן אז עס וואקסען רעטעכער אויף שטערענס?

## 22. ער איז ניט קיין בהמה

וואס פאר אַ מילך האט איהר מיר דא נעכטען געגעבען?— גיט אַ אידענע אַ געשריי אויפ׳ן מילך מאן — וואס איז דאס? מילך איז דאס? דאס איז דאך הוילע וואסער?

— הערט אידענע, בייזערט זיך ניט אזוי! — רופט זיך אן דער מילך מאן געלאסען, — וואס מיינט איהר איך בין אַ בהמה? אַ בהמה — גיט ריינע מילך אבער ניט קיין מילך מאן!

## 23. א רחמנות אויפ׳ן שמש

— זאג מיר ברוך, פאר וואס בענטשען ניט די ווייבער קיין חנוכה ליכט?

— איך פארשטעה דיר גאר ניט זלמן, וואס טהוט זיך דא מיט דיר? דו ביזט שוין ברוך השם אריבער די פערציגער און דו

קענסט נאָך אַלץ ניט די ווייבער? פאַרשטעהסטו ניט, אַז די ווייבער וועלען נאָר אַריינגעהמען דעם שמש אין האַנט אַריין, וועט ער שוין ניט דערלעבען אַרויס צו געהן פון זיי אַ לעבע־דיגער? היינט פרעג איך דיר ווי טאָרען מיר דאָס דערלאָזען זיי זאָלען נעהמען אַ געזונטען שמש און איהם פאַרמוטשענען ביז טויט?

## 24. טראַג בענדער

אַ גרינער איד קומט אַריין אין אַ געשעפט און בעט מען זאָל איהם ווייזען אַ פּאָר שלייקעס.

אַן׳אָנגעשטעלטער אין געשעפט דערלאַנגט איהם אַ פּאָר טראַגבענדער און מאַכט צו איהם: דאָס וועט אייך קאָסטען צוויי דאָלאַר?

— וואָס? — דערלאַנגט דער גרינער אַ טאַנץ ווי אַ שלאַנג וואָלט איהם געביסען — צוויי דאָלער ווילט איהר פאַר די שליי־קעס? איהר זייט מיר אַ גרויסער חכם יונגער־מאַן! פאַר צוויי דאָלער, קען איך מיר דינגען צוויי בעגערס און זיי וועלען מיר אָנהאַלטען די הויזען אַ גאַנץ יאָהר!

## 25. זי קלאָגט נאָך איהר מאַן

ביי אַ פרוי איז געשטאָרבען איהר מאַן. זי האָט זיך שטאַרק גענומען צום האַרצען, האָט פּשוט ניט אויפגעהערט צו וויינען.

— הערט שרה מלכה! — מאַכט אַ פריינד צו איהר — וואָס קלאָגט איהר אַזוי נאָך אייער מאַן? ווייסט איהר ניט, זייט מען

האט איינגעפיהרט פראהיבישאן, מען טאר ניט פארקויפען קיין בראנפען, האט אייער מאן סיי ווי סיי קיין גוטען טאג ניט געהאט אויף דער וועלט?

## 26. א בקשה פון אנ׳אלטע מיידעל

אנ׳אלטע מיידעל איז קראנק געווארען, דער דאקטאר איז געקומען און האט איהר פארשריבען אַ רעצעפּט.

פארן אַ וועק געהן, זאגט ער אן איהרע פריינד, זיי זאלען ברייגען אַ קראנקען־שוועסטער איהר אויף צו פּאסען.

— הער דאקטאר! — רופט זיך אן די אלטע מיידעל מיט אַ קרעכץ — זעהט טהוט מיר אַ טובה זאגט אן מיינע פריינד: אנשטאדט אַ קראנקע שוועסטער, זאלען זיי מיר בעסער בריינגען אַ געזונטען ברודער!

## 27. דער זייגער מאכער

— וואס פאר אַ שקראבעלע האט איהר מיר דא אריינ־געדרוקט? — גיט אַ מאן אַ געשריי אויף אַ זייגער־מאכער — נאט קוקט זיך איין! פאר אכטאגען האב איך געקויפט פון אייך דעם זייגערעל און איהר האט מיר געשווארען ביי אייער ווייב און קינדער, אז דער זייגערעל וועט געהן ווי לאנג איך וועל לעבען. צום סוף האט ער זיך שוין היינט אפּגעשטעלט! איך האב שוין פּרובירט איהם שאקלען פון אלע זייטען. שאקעלט איהם היינט, שאקעלט איהם מארגען, ער שטעהט ווי אַ רב אין שמונה עשרה און ריהרט זיך ניט פון ארט!

— בייזערט זיך ניט אזוי, ר׳ איד — רופט זיך אן דער

זייגער־מאכער רוהיג. – גלויבט מיר, אז איך בין אין דעם ניט שולדיג! שולדיג, איהר הערט, זייט איהר אליין!

ווען איהר זייט צו מיר געקומען האט איהר אויסגעזעהן אזוי שלעכט, אז איך בין געווען זיכער – איך זאל אזוי זיכער זיין, טאטע זיסער אין גיכען פטור צו ווערען פון מיין שוויגער, ווי זיכער איך בין געווען – אז מעהר ווי אַ וואך וועט איהר ניט ציהען! נו, זאגט אדרבא, בין איך שולדיג, אז איהר לעבט נאך?

## 28. א חצופה

פאר אַ אידינע פון אַ קליין שטעדטעל האט מען געוויזען דעם בילד פון די נאקעטע געטין „ווענוס"

– אוי ווער איז מיר – דערלאנגט זי אַ פאטש מיט די הענט און אַ חאפ פאר'ן קאפ – די חצופה מוז דאך זיין שונא ישראל ארונטער פון זינען. וואו איז דאס, טאטע זיסער געהערט געווארען אז אַ ווייבעל זאל זיך בעסער לאזען פאטאגראפירען, איידער קויפען אַ העמד אויפ'ן לייב? ניט אנדערש, אז ביי איהר האט זיך ניט פאר קיין מענשען געדאכט, געגעבען דער שכל א דרעה מיט די קאפ אַ רונטער!

## 29. פסול געווארען די מגלה

צוויי באקאנטע פורמאנעס באגעגענען זיך, פרעגט איינער דעם צווייטען:

– וואס הערט זיך ביי אייך אין לאצקעווע?

– ביי אונז אין לאצקעווע – רופט זיך אן דער צוויי־טער – איז ניטא קיין נייעס, מען האנדעלט מען וואנדעלט און

וואס צו פּיקען איז ניטא. ניט מעהר, מיר האבען געהאט ניט פאר קיין שטעדטל געדאכט, אַ פארשטערטען פורים, הער א מעשה:

דער בעל קורא געהט ארויף אויף דער בימה און הייבט דיר אן צו פאהרען אין דער מגלה פונקט ווי מיין פערדל בארג ארונטער. עס איז געווען, זאג איך דיר חיים לייזער אַ מחיה צו הערען, מיט אמאל איז ער געבליבען שטעהן, ניט אויסגע־רעדט זאל זיין, ווי דיין ברוינער הינקער פאר אַ בערגעל און געהט ניט קיין טריט ווייטער. ניט טויט ניט לעבעדיג, לויפט ארויף דער רב אויף דער בימה און גיט אַ פרעג:

— וואס האט פאסירט ר׳ ירחמיאל? דער בעל קורא גיט שטומערהייט א טייט מיטן פינגער און א בורצע אונטערן נאז, מה! נעמענו, אימעהו. ווי דער רב האט געחאפּט א קוק אין דער מגלה, איז איהם געווארען פינסטער אין די אויגען ער האט ארויסגעלאזען אזא מוראדיגען קרעכץ ווי ער וואלט חלילה געהאט זיך אויסגעלונקען אַ פוס.

— וואס האט פאסירט רבי? גיבען אלה אַ פרעג מיט אַ מאל.

— שלעכט ברידער! שלעכט און שלעכט איז ניט גלייך, עס איז ממש אַ חורבן, מען טאר אין די מגלה ניט לייענען. דער בעל קורא האט געפונען, ניט פאר אייך געדאכט — אַ לעכעל אין „ויזתא״!

## 30. דריי ליגנערס

דריי ליגנערס זיינען געזעסען און געשמועסט. רופט זיך אן איינער:

— איהר ווייסט חברה! איך בין געווען אין פעטערבורג אין דארטען געווען אזא פראסט, אז איך האב דערלאנגט

אַ שפּיי איז אייך ארונטערגעפאלען אַ שטיק אייז אויף דער ערד.

— אויך מיר אַ פראסט — גיט דער צווייטער אַ מאך מיט׳ן האנט — איך בין געווען אין מאסקעווע, איז דארטען געווען אזא פראסט אז איך האב גערעדט, איז איינגעפראָרען געווארען די ווערטער און האב געקענט לייענען אין דער לופטען יעדען ווארט וואס איך האב אַרויס גערעדט.

— געהטביידע שלאָפען! — רופט זיך אן דער דריטער— איך בין אמאל געשטאנען ביים דייטשישען גרעניץ, האב איך גענומען, איהר הערט, און אריבער געשטעקט די האנט איבערן רוסישען גרעניץ, איז מיר אפגעפרארען געווארען די האנט אויפ׳ן שטעל און פלעק. אט אזא פראסט איז דאס געווען אין רוסלאנד!

## 31. ביטער זאלץ

אַ קינד איז קראנק געווארען, די מוטער בעט זיך ביי איהם רחמים, ער זאל איינגעהמען אַ ביסעל ביטער־זאלץ. דאס קינד איז געווען איינגעשפארט און וויל בשום אופן ניט נעה־מען. די מוטער נעהמט איהם גלעטען און קושען. ער זאל איהר פאלגען, צום סוף האט ער זיך געלאזט איבער ריידען און האט אויסגעטרונקען.

איין מאל קומט דאס קינד אריין אין שטוב, זעהט ער, ווי די מוטער האלט ארום געגומען דעם קוואטיראנט און קושט איהם שטארק.

— מאמע! — שרייט דאס קינד אויפ׳ן קול — וואס טהוסטו? דו ווילסט דעם יונגען־מאן אויך איינגעבען ביטער־זאלץ אזוי ווי מיר?

## 32. אייער קיכלעך

אַ יונגע פרוי באַלד נאָך דער חתונה, האָט אויסגעבאַקן אייער־קיכלעך. ווי דער מאַן איז געקומען פון אָפיס, דערלאַנגט זי איהם אַ קיכעל צו פאַרזוכען. ווי ער האָט אַריינגענומען דעם קיכעל אין מויל דערלאַנגט ער אַ שפּייַ אָן דער ערד און אַ געשריי: וואָס טהוט זיך דאָ מיט דיר, רעבעקע? די קיכלעך איז דאָך פול מיט אייער שאָלעכץ!

— נאַרעלע — ענטפערט די פרוי ערנסט — דו ווייסט ניט אַז אַט אַזוי מוז זיין? אַט נאָ, קוק זיך איין אין קאָך־בוך, וועסטו זעהן, אַז דאָרטען שטעהט געשריבען, מען זאָל אַריינ־לייגען פיער גאַנצע אייער.

## 33. פינף פוס הויך

אַ יונגער־מאַן, אַ גרויסער טפש, קומט אַריין אין רעדאַקציע. געהט צו צום רעדאַקטאָר און מאַכט צו איהם מיט אַ טרויעריגע מינע — איהר ווייסט? מיין טאַטע איז געשטאָרבען!

— דאָס אַלץ? — רופט זיך אָן דער רעדאַקטאָר מיט כעס— נאָך אַ מאָל, אַז דיין טאַטע וועט שטאַרבען זאָלסטו געהן אָנ־זאָגען דעם שמש אָבער ניט מיר!

— איך בין געקומען צו אייך — רופט זיך אָן דער חכם— מחמת איך וויל אַריינשטעלען דעם טאַטען אין אייער צייטונג, אַז די גאַנצע וועלט זאָל וויסען. אַז איך בין געבליבען אַ יתום, טאָ זייט מוחל, זאָגט מיר, וויפיעל דאַרף קאָסטען דער עסק?

— דאָס וועט דיר קאָסטען — ענטפערט דער רעדאַקטאָר— פינף קאָפּיקעס אַ מילימעטער.

— אזוי פיעל — גיט אַ טאנץ̃ דער חכם ווי אנ׳אבגעבריה־טער – דאס וועט דאך, אוי וועה איז מיר, ארייטרייבען אין אנ׳ אוצר מיט געלט? מיין טאטע דארפט איהר וויסען איז געווען פינף פוס הויך, און אפשר נאך אַ ביסעל העכער!

## 34· גוט אויסגערעכענט

— זאג מיר קיידאנער! האסטו אפשר געהערט אין שטאדט וואס דער דאקטאר זאגט איבער די אפעראציע אויף מיין דינסטאג?

— דער דאקטאר זאגט — ענטפערט דער קיידאנער — אז איהם וועט די אפעראציע געלינגען, ער איז זיכער, אז דיין דינסטאג מוז בלייבען לעבען!

— איך בין קיידאנער אַ בעלן צו וויסען פון וואנען איז דער דאקטאר אזוי זיכער, אז די אפעראציע וועט איהם געראטען?

— עס איז דא דאביי, פארשטעהסטו מיך, אנ׳אויסרעכענונג:

אזא אפעראציע זאגט ער. געלינגט איינע פון טויזענד און אזוי ווי 999 זיינען שוין געבליבען אונטער זיינע הענט, קומט אויס, אזוי איז די סברא מחיב, אז דיין דינסטאג מוז בלייבען לעבען — דו האסט סאלאנטער זיך גאר ניט וואס צו שרעקען, דו ביזט זיכער מיט דיין דינסטאג אזוי ווי אין קעשענע!

## 35· א טשיקאווער ענטפער

צוויי פוילישע אידען באגעגענען זיך אין גאס. פרעגט איינער דעם צווייטען:

— זאג מיר איצע מאיר, פאר וואוס גאַיסטו מיר עפעס אַרים אזוי ציריסען?

— איך פערשטאַי דיר גור ניט, חיים בער, פאר וואוס זאל איך ניט מעגען גאַין ציריסיען? אז „רית" האט געמעגט גאַין צי „בועז'ן" מעג איך דאך גאַין צי ריסען...

## 36. דער רב און דער גביר

קאלווריער רב ר' אברהמ'לע איז אַ מאל גאפאהרען צו זאמען מיט'ן גביר פון שטעדטעל. פאהרענדיג האט זיך די פוהר איבער געקעהרט אוןביידע זיינען אריינגעפאלען אין גראבען אריין. הויבט אויף ר' אברהמ'לע די קאפּ און מאכט צום גביר:

— גאט צו דאנקען, אז איך האב זוכה געווען איין מאל אין מיין לעבען צו זעהן: תורה וגדולה במקום אחד!

## 37. א פּורים פּלפּול

צוויי ישיבה בחורים זיטצען און שמועסען. רופט זיך אן איינער צום צוויטען:

— דו ווייסט לאמזער, על פי דרש קומט אויס אז אחשורוש האט געהאט די אויגען אין פאטילניצע?

— גאר אַ נייעס! — רופט זיך אן דער לאמזער מיט כעס— וואס נאך וועסטו האנדריקיווער זאגען? דו קענסט נאך אַ מאל אויסטראכטען אז אחשורוש איז געווען אַ הינקעדיקער און האט געטראגען אַ רויטע יארמולקע אונטערן היטעל! אויף דיר האנ־דריקעווער איז אלץ צו גלויבען!

— זיי ניט אין כעס לאמזער, הער זיך צו וועל איך דיר ווייזען אז איך זאג ווייס איך וואס איך זאג:

דאס איז דאך ידועה, אז אחשורוש איז געווען, ניט פאר

קיינעם געדאַכט אַ גרויסער טפּש. שייך אַ טפּש? אַ טפּש און אַ טפּש איז ניט גלייך. עס איז דאָך ממש געווען אַ חרפּה און אַ שאַנדע זיך אָפּצוּ שטעלען מיט איהם אין גאַס. און היות ווי שלמה המלך זאָגט: „חכם עיניו בראשו" אַ קלוגער האָט די אויגען אין קאָפּ, טאָ וואו זאָג מיר, האָט אַ שוטה די אויגען? איז דאָך די סברא מחיב אַז וואָס? אַז אַ שוטה האָט די אויגען — אין זיי מיר מוחל. וואָלט שוין אַזוי גוט געווען, דאָס הייסט, עס בלייבט ווי שלמה המלך זאָגט, אַז אַ שוטה האָט די אויגען אין זיי מיר מוחל, און אַרונטער פון מאַרק! קומט דיר צו געהן די מגלה און דערלאַנגט דיר פאָר פלאַט אַ זאָג: „וחמת המלך שככה", אחשורוש׳ס שוויגער האָט דיר געהייסען „שככה", גוט, זאָל זיין אַזוי צו געזונד! וואָס אַרט מיר? פון מיינטוועגען, דו הערסט, האָט זי געמעגט הייסען שמערע וואַלף, דאָס איז ניט מיין זאַך. אָבער דאָס פאַרדריסט זיך דאָך פון גרונט האַרצען, אַז די מגלה האַלט אין אויסרעכענען אחשורוש׳ס יחוס, האָט זי דאָך שוין אין איינגאַנג געקענט דערצעהלען ווי זיין מאַמע האָט געהייסען? אַ מאַמע וואָס האָט, פאַרשטעהסטו מיך, אַ זוהן אַזאַ כפל שמונה׳דיגען טפּש, ווילט זיך גרייליך וויסען ווי מען האָט איהר גערופען. הייגט, אַז די מגלה מאַכט זיך ניט וויסענדיג פון זיין מאַמען, מוז איך זאָגען אַז וואָס? אַז מסתמא שטעקט אין דערין אַ שפּיצעל, דאָס הייסט: אָדער ער האָט אין גאַנצען קיין מאַמען ניט געהאַט, אָדער זיין מאַמע איז געשטאָרבען. און אַזוי ווי גאָר ניט האָבען קיין מאַמע, לאָזט זיך עפּעס ניט שיקען, מחמת דאָס וועט דיר אויסקומען אי געגען שכל און אי געגען הגיון — זעהסטו! ניט האָבען קיין טאַטען, דאָס קען דיר אַמאָל יאָ טרעפען אָבער אַ מאַמען? דאָס האָט נאָך ברוך השם דער־ווייַלע ניט געטראָפען. טאָ מוז איך דאָך מיט געוואַלד זאָגען,

אז וואס? אז א מאמען האט ער יא געהאט, נאר זי איז לא עלינו געשטארבען. הייגט אז זיין מאמע איז געשטארבען, פאר־שטעהסטו דאך שוין אליין, איך באדארף דיר דאך ניט אריינ־לייגען אין מויל אריין, אז אחשורוש איז דיר נעבאך געווען אַ יתום. אויף אזא מאדע, קען איך דאך שוין ניט זאגען אז וואס? אז ער האט געהאט די אויגען אין זיי מיר מוחל. עס איז דאך א בפרושע גמרא „יתמי לאו בני מחילה נינהו״, יתומים האבען ניט קיין זיי מיר מוחל. הייגט ווי באלד אין קאפ האט ער ניט געקענט האבען די אויגען, מחמת שלמה המלך לאזט ניט, און זיי מיר מוחל אויך ניט — מחמת די גמרא וויל ניט, טא וואו דען, פרעג איך דיר, האט ער געקענט האבען די אויגען?

קומט טאקע אויס ווי איך זאג, אז וואס? אז אחשורוש האט געהאט די אויגען אין פאטילניצע!

נו, וואס זאגסטו לאמזער בין איך גערעכט צי ניט?

## 38. ארויס געלאזען די שוויגער

זאג מיר קלמן וואס איז עפעס אזא שמחה אויף דיין קאפ? דו געהסט מיר טאנצענדיג פונקט ווי אנ׳אלטע מיידעל צו דער חופה?

— פרעג גאר ניט גוטער ברודער! — ענטפערט קלמן מיט שמחה און טאנצט אונטער אַביסעל — מיין שמחה הלואי אויף אלע אידען געזאגט געווארען. איך קום אקארשט פון באַהן איך האב ארויס געלאזען די שוויגער!

— נו, פאר וואס איז עפעס דיין גאנצער פנים אזוי שווארץ ווי ביי אַ קוימענקעהרער!

— עס איז אויף נאמנות מיר אַ חרפה און אַ שאנדע דיר צו זאגען נפתלי; מענשען האבען מיר קוים אפגעריסען פון קושען דעם לאקאמאטיוו!

## 39. צו תשליך

צוויי אידען געהן צו תשליך. רופט זיך אן איינער צום צווייטען:

— היינט דארף מען אלע ווייבער אריינווארפען אין טייך חוץ — מיינע.

— פאר וואס עפּעס ניט אייערע? — פרעגט דער צווייטער פארוואונדערט — וואס? אייער ווייב איז אפשר בעסער פאר אלע ווייבער?

— הערט זיך צו פעטער — אז איך זאג, מסתמא ווייס איך וואס איך זאג! איך רייד ניט גלאט אין דער וועלט ארײן! די מעשה איז אזוי: אלע ווייבער אריינצווווארפען אין טייך איז אנ׳עֲבֵירָה און מיין ווייב — איז אַ מצוה. נו, זאגט אדרבא! ווי קען מען היינט אריינווארפען מיין ווייב אין טייך אז היינט ווארפט מען עבירות ניט קיין מצוות?

האט איהר פארשטאנען פעטער?

## 40. מאדנע קארגע

דו ווייסט גדליה וואס איך וועל דיר דערצעהלען? דו וועסט אסור ניט גלויבען אז דו וועסט דאס הערען:

איך קען אַ קארגען, איז ער אזוי משונה׳דיג קארג, אז ער

זשאלעוועט דיר צו צו ריגלען דעם טויער פון הויף, טאמער רייבט זיך איהם אפ דער ריגעל.

נו, זאג אדרבא, האסטו ווען געהערט פון אזא משוגענים קארגען?

— געה שלאפען, געה! — גיט גדליה אַ מאך מיט'ן האנט — וואס? דאס איז אויך אַ קארגער? אט וועל איך דיר דער־צעהלען פון א קארגען ווערסטו זיך אנחאפען פארן קאפ!

איך קען איינעם איז ער אזוי קארג, אז ער זשאלעוועט דיר צו קויפען אַ הונט צו היטען די שטוב. טרעף וואס טהוט ער? ער לויפט ארום איינער אליין די גאנצע נאכט און בילט ווי אַ הונט, כדי אפ צו שרעקען די גנבים.

— אויך מיר קארגע — רופט זיך אן אַ דריטער וואס איז געשטאנען דאביי — איך קען אַ קארגען, איז אייער ביידענס קארגע, זאג איך אייך, אַ הונט געגען איהם!

מיין קארגער האט געשיקט צו ניי־יאהר וואונש קארטען האט ער געשריבען: מיין הארציגען וואונש צום נייעם יאהר 1930, 1931, 1932, 1933, 1934, 1935 כדי, פארשטעהט איהר מיך, איינצושפארען פינף יאהר נאכדעריי צו שיקען קארטען.

נו, חאפט איהר שוין פארשטעהן וואס פאר אַ דבר אחר דאס איז?

— און איך קען אַ קארגען — רופט זיך אן אַ פיערטער— וואס אייער קארגע קען געהן הייצען דעם אויוועון ביי איהם— דעם קארגער וואס איך קען, האט אמאל געחאפט, איהר הערט, א געוואלדיגען הוסט. טרעפט וואס האט ער געטהאן? גאר א קלייניגקייט: ביי איינעם איז געווארען קאליע דער הוטער (הארען) פון אוטאמאביל, האט ער זיך פארדונגען פאר אנאוי־טאמאביל־הארען. דער שאופער איז געפאהרען און ער האט געהוסט.

## 41. ער רעדט גרעבער

צו אַ חזן איז געקומען אַ משורר ער זאל איהם אננעהמען צו זינגען אין כאר.

— וואס פאר אַ שטימע האסטו?

— איך האב אבאס! — ענטפערט דער משורר.

— רייד וועל איך פארשטעהן וואס פאר אַ שטימע דו האסט!

דער משורר נעהמט ריידען.

— רייד אביסעל גרעבער!

— וואס? — רופט זיך אן דער משורר — איהר ווילט איך זאל ריידען אביסעל גרעבער? אָך מהיכא תיתי! פאר וואס ניט, איך וועל אייך ניט זשאלעווען: קושט מיר אין אחור!

נו, וואס זאגט איהר חזן? וואס פאר אַ שטימע האב איך?

## 42. א לייכטער בראטען

— קעלנער! דערלאנגט אַ געשריי אַ גאסט אין אַ רעסטאראן.

— אים גאטעס ווילען מאכט האסטיג צו דעם פענסטער!

דער ווינט בלאזט ארונטער דעם בראטען פון טעלער!

## 43. זי האט מזל

אַ אידענע איז געקומען גאנץ פריה צו סליחות. אין מיט׳ן וועג איז איהר באפאלען אַ קאזאק און האט איהר אונגליקליך געמאכט. ניט טויט ניט לעבעדיג לויפט זי אריין ביים רב אין שטוב, גיט זיך אַ וואלגער אן דער ערד און פאלט ארויס מיט

אַ געוויין: אוי רבי! א קלאג צו מיר! אַ וועהטאג צו מיר! אנ־אונגליק האט מיר געטראפען! אַ קאזאק איז מיר באפאלען! אוי רבי קרוין, איך שטארב! איך וועל דאס ניט אריבער טראגען!

— זאגט מיר חנה באשע — פרעגט דער רב מיט אַ רחמנות פנים, איז דאס געווען באונס אדער — ברצון?

— זאלט איהר מיר געזונד זיין רבי! וואס רעדט איהר? ווי פאלט אייך עפּעס איין אז עס איז געווען ברצון? איך זאל אזוי דערלעבען צו הערען שופר של משיח, ווי איך האב גע־וואלט שרייען נאר דער קאזאק דער ימח שמוניק, אַ רוח אין זיין טאטען אריין, האט מיר פארשטאפּט די מויל מיט אַ וואלענע הענטשקע.

— אויב אזוי — רופט זיך אן דער רב מיט אַ קרעכץ — דארפט איהר זיך ניט מצער זיין, ווי באלד עס איז געווען באונס האט איהר ניט עובר געווען קיין שום עבירה. נאר אז איהר וועט קומען אַ היים, נעהמט און ווארפט אריין צוויי קאפּיקעס אין צדקה פּושקע.

די אידענע געהט ארויס פון שטוב, הויבט אויף די אויגען צום הימעל און רופט זיך אן מיט שמחה:

— איך דאנק דיר בארעם־הערציגער גאט! וואס דו האסט מיר צוגעשיקט פאר צוויי קאפּיקעס אַ כשרן קאזאק.

## 44. ער האט איהם געפּאקט

אַ קעלנער האט דערלאנגט אַ גאסט בראטען מיט קארטא־פעל. דער גאסט נעהמט זוכען דעם בראטען. דער בראטען איז ניטא. ער הויבט אויף אַ קארטאפעל זעהט ער ווי דער חברה־מאן ליגט צו זאמען געקארטשעט אונטער'ן קארטאפעל ווי ניט

איהם מיינט מען דאס. דער גאסט גיט אַ געשריי אויפ׳ן קול! קעלנער קומט אהער! נאט, נעהמט ארעסטירט דעם קליינעם גנב׳ל! זאל ער געדיינקען נאך אמאל זיך ניט צו באהאלטען אונטער אַ קארטאפעל!

## 45. א טשיקאווער וואונש

דריי יונגע לייט שפאצירען. רופט זיך אן איינער: — איך וואלט געוואלט ליגען נעבען ר׳ יצחק אלחנ׳נס קבר, מחמת אז מען וועט באזוכען זיין קבר וועט מען שוין דערוויילע זיין אויף מיין קבר אויך.

— איך — רופט זיך אן דער צווייטער — וואלט בעסער געוואלט ליגען נעבען גאונ׳ס קבר, דאס וואלט געווען אַ גרויסער כבוד פאר מיר.

— און איך — רופט זיך אן דער דריטער — וואלט געוואלט ליגען נעבען מאדאם פאַטי, די באוואוסטע זינגערין.

— וואס רעדסטו? — גיבען ביידע אַ געשריי — ביזטו משוגע אדער שכור? מאדאם פאטי לעבט דאך נאך!

— און איך — משוגעים — בין דען טויט?

## 46. א לאנגען פנים

אַ מיידעל פרעגט אַ יונגען־מאן:

— זאגט מיר איך בעט אייך: פאר וואס האבען דאס בהמות אזא לאנגען פנים?

— אַ שאלה דאס איז — ענטפערט דער יונגער מאן קאלט בלוטיג — אז מען וואלט כ׳לעבען אייך מעלקען צוויי מאל

אַ טאג וואלט איהר זעהן ווי איהר וואלט אויך קריגען אזא פנים ווי אלע בהמות.

## 47· א קנייטש

אַ מלמד פרעגט אַ יונגען מאן, וואס איז געווען אַ ביסעל געחאפּט אין דער מעשה: זאגט מיר איך בעט אייך, פאר וואס טראגען דאס די היינטיגע יונגע לייט דעם קאפּעלוש מיט אַ קנייטש אין מיטן? זיי נעהמען דאך, ניט דיר ניט, ניט מיר ניט, און לייגען דעם קאפּעלוש אין דער ערד אריין.

א שאלה דאס איז? רופט זיך אן דער יונגער מאן מיט אנערנסטען פנים – אט הערט זיך צו וועל איך אייך ערקלעהרען: ווען די אידען זיינען געשטאנען נעבען בארג סיני און האבען געהערט ווי משה רבינו רופט פלוצלונג אויס „לא תחמוד אשת רעך" דו זאלסט ניט גלוסטען יענעמס ווייב, האט יעדער איינער זיך דערלאנגט אַ חאפּ פארן קאפּ: אוי וועה איז מיר, דאס איז דאך גאר אנ'אונגליק! אנ'אונגליק און אנאונ'גליק איז ניט גלייך! וואס הייבט מען איצטער אן צו טהאן?

נו, אט פון דעם חאפּ פארן קאפּ איז געווארען, פאר־שטעהט איהר מיך אקנייטש אין קאפּעלוש.

האט איהר פארשטאנען ר' איד וואס איך האב אייך געזאגט? דער מלמד האט דערלאנגט אַ שפּיי און אוועק, ווי א קויל וואלט איהם געטראפען.

## 48· דער רמב"ם אין א שיינק

א איד, אַ למדן און דער צו א גרויסער שכור, האט זיך איהם מיט אַ מאל פארוואלט אַ שנאפּס. קיין געלט האט ער

ניט געהאט. נעהמט ער דעם רמב״ם אונטערן ארעם, געהט אוועק מיט איהם אין שיינק און פארזעצט דאס פאר אַ פאר גלעזלעך בראנפען. ארויסגעהענדיג פון שיינק טרעפט איהם אן אַ בעקאנטער.

— סטייטש? גיט ער זיך אַ בייזער — ווי געהט דאס אַ איד א למדן אין אַ שיינק? דאס פאסט פאר אַ פויער אבער ניט פאר אייך!

זאגט מיר פעטער, — רופט זיך אן דער למדן קאלט בלוטיג — ווען האלט איהר גרעסער, מיר אדער דעם רמב״ם?

— א שאלה דאס איז? — רופט זיך אן דער איד מיט כעס — ווי גלייכט איהר זיך צום רמב״ם? איהר קומט אזוי צום רמב״ם, ווי אקוימען־קעהרער צו א בת־מלכה!

— איהר מאכט מחילה א טעות — רופט זיך אן דער למדן מיט אנ׳ערנסטען פנים — איך בין א סך גרעסער פאר איהם, אט זעהט איהר דאך! איך בין שוין ארויס פון שיינק און דער רמב״ם איז נאך דארטען געבליבען!

## 49. ער רופט איהר בהמה

— וואס טהוט זיך דא מיט דיר? — גיט די פרוי זיך אבייזער אויפ׳ן מאן — פאר דער חתונה האסטו מיר גערופען מיין קרוין פון קאפ און מיט אמאל האסטו מיר אנגעהויבען צו רופען בהמה?

— פארשטעהסטו ניט פייגע ביילע? — רופט זיך אן דער מאן געלאסען — אז איך טהו דאס פון דיין טובה וועגען? אַ קרוין פון קאפ פארשטעהסטו מיך, קען מען לייכט פארלירען.

מיט אַ בהמה אבער האלט מען זיך אפּ דעם גאנצען לעבען! הא? וואס זאגסטו פייגע ביילע? אפשר ניט אזוי?

## 50. אַנ׳אייזערנע חתונה

— הער, חיים, רופט זיך אן איין פריינט צום צווייטען — ווּעסטו קומען מארגען צו מיין אייזערנע חתונה?

— ביזטו משוגע אפרים אדער שכור! דעם ערשטען מאל אין מיין לעבען הער איך דאס פון אַ אייזערנע חתונה!

— איך בין חיים שוין גאר ניט משוגע: מארגען ווערט פינף יאהר ווי איך האב חתונה געהאט מיט מיין מרשעת און אז איך האב פינף יאהר אויסגעהאלטען פון איהר בין איך, דו הערסט שטארקער ווי אייזען. נו, מאך איך מארגען מיין אייזערנע חתונה.

וואס זאגסטו איצטער חיים, בין איך גערעכט אדער ניט?

## 51. הארט הערציג

אַ מאן איז געלעגען קראנק אויף פיבער. פרעגט דער דאקטאר דעם קראנקען:

— זאגט מיר, ווען אייך האט אנגעהאפּט דער פיבער, האט אייערע ציינער שטארק געקלאפּט?

— איך וועל אייך זאגען דעם ריינעם אמת — רופט זיך אן דער קראנקער — איך ווייס אליין אויך ניט. ערשטענס: ליגען מיינע ציינער אויפ׳ן פּאלעצע און צווייטענס: בין איך, ניט פאר אייך געדאכט, אביסעל הארט הערציג.

## 52. פונקט געטראפען

— זאג מיר יואל משה, האסטו עפעס געטראפען מיט דיין ווייבעל?

— פרעג גאר ניט גוטער ברודער, איך האב געחאפט אזא שלאק אז דער גיהגום איז אַ הונט געגען איהר; נאר דאס קען איך דיר זאגען, אז זי האט יא געטראפען!

— מיט וואס, זאג מיר יואל משה האט זי דאס אזוי געטראפען?

— זי האט מיר געטראפען, פארשטעהסטו מיך, מיט די פלעט מאשינקע פונקט אין קאפ אריין.

## 53. פרעה

אַ לץ קומט צו צום רב און מאכט צו איהם:

— איהר ווייסט רבי, ווען פרעה וואלט היינט געלעבט, וואלט ער געווען דער וואונדערבארער מענש אויף דער וועלט!

— מיט וואס — פרעגט דער רב נייגעריג — וואלט דאס פרעה געווען אזוי וואונדערבאר?

— גאר פשוט – ענטפערט דער לץ מיט אַ שמייכעל — ווען פרעה וואלט היינט געלעבט וואלט ער שוין אלט געווען איבער דריי טויזענד יאהר

## 54. אז מען ליעבט זיך שטארק

— געוואלד ביילקע! — שרייט חנה פעשע צו איהר טאכטער — וואס פאר אנ׳אנשיקענ׳ס איז דא געקומען אויף

דיין קאפ? וואס האסטו מיר מיט אמאל זיך אזוי פארחלאבעט אין אַ שמאַרקאטש וואס פארדינט דיר ניט מעהר ווי צוויי רובעל אַ וואך?

געדיינק ביילקע וואס איך זאג דיר! מיט צוויי רובעל א וואך וועסטו דארפען לייגען די ציינער אויפ'ן פאלעצע — פאלג א מאמען, צעפּע זיך אפּ פון איהם, א ניט — ווערסטו חרטה האבען!

— מאמע, רופט זיך אן די טאכטער מיט הארץ — עס איז טאקע אמת, אז מיט צוויי רובעל אוואך איז אביסעל שווערליך אויסצוקומען. דו ווייסט אבער ניט מאמע, ווען מען ליעבט זיך שטארק, לויפט אוועק די וואך איידער מען קוקט זיך אַרום!

## 55. א טפש שבטפש

שלמה דער קוואס מאכער איז געווען באקאנט פאר אַ גרויסען טפש. איין פריה מארגען קומט ער ארויף אויפ'ן מארק, געהט צו צו אַ רעדעל מענשען און הערט זיך איין וואס זיי ריידען.

אין מיטן דערינען לויפט אונטער בערקע דער שוסטער און דערלאנגט איהם היגטערוויילוך אַ תקיעה גדולה, אז עס איז איהם ארויס פייער פון די אויגען.

— יאג איהם נאך, שלמה! — שרייען אלע מיט איין קול — זיי איהם מכבד מיט אַ גובערנאטאר אונטערן זייט, אז ער זאל זיך פארצאפלען!

— זאל ער לויפען דער משוגענער הונט! — ענטפערט שלמה קאלט בלוטיג — דער כל־בוניק מיינט אַוַדאי אז ער

האט דאס דערלאנגט איצקע דעם פורמאן, ווארט אקארטש ער וועט זיך שפעטער ארום קוקען וועט ער זעהן ווער עס האט דאס געחאפּ דעם פּראסק! איך — אדער איצקע!

אויף מארגען טרעפט ער אן בערקען אויפ׳ן גאס.

— אַ קלאג צו דיינע יאהרען לאטוטניק איינער! — רופט זיך אן שלמה מיט אַ פרעהליכען פנים — דו מיינסט אַודאי אז נעכטען האסטו דאס איצקע דעם פורמאן דערלאנגט דעם פּראסק? אזוי לעבען זאלסטו! איך האב דאס געחאפּט דעם קנאק ניט איצקע! א שעהנע ריינע כפרה אויף דיין קאפּ! נאך אמאל לאטוטניק וועסטו שוין וויסען, אז מען טהוט וואס, דארף מען זיך גוט אַרום קוקען!

## 56. דער פענסטער פארהאקט

אַ יונגער מאן לויפט ארויס אויפ׳ן גאס מיט אַ געוואלד:

— האט רחמנות אידען קומט ראטעוועט!

— וואס האט פּאסירט ביי אייך? — פרעגען אלע דער־שראקען — וואס? גזלנים זיינען אייך באפאלען.

— נאך ערגער! — ענטפערט דער יונגערמאן נערוועאיש — מיין שוויגער וויל זיך ארויסווארפען דורכ׳ן פענסטער. צום שלים מזל איז דער פענסטער אזוי פארהאקט אז איך קען איהם בשום אופן ניט עפענען — זעהט ברידער האט רחמנות! קומט העלפט מיר אפענרייסען דעם פענסטער!

## 57. קארען

צוויי שותפים זיינען געקומען אין ריגע פארקויפען קאָרען, רופט זיך אן איינער צום צווייטען:

— געה ארויף דא אויבען אין קאנטאר און באט אן דעם בעל הבית קארען און טאמער זאגט ער דיר אפּ, זאלסטו זיך ניט איילען ארויס צו געהן, די מוזט ריידען אזוי לאנג ביז דו וועסט איהם איבער ריידען.

ער קומט אריין אין קאנטאר, געהט צו צום דירעקטאר און מאכט צו איהם: איך האב זעהר גוטען קארען צו פארקויפען.

— איך דארף ניט קיין קארען — ענטפערט דער דירעק־טאר — איך האב נאך צו פיעל, וויפיעל איך האב נעטהיג.

— וואס הייסט איהר דארפט ניט קיין קארען? אזעלכע קארען האט איהר נאך בנאמנות אין אייערע אויגען ניט געזעהן!

— גוט! — ענטפערט דער דירעקטאר — מיר דארפען אבער ניט קיין קארען.

— וואס הייסט איהר דארפט ניט קיין קארען? — נעהמט ער צו שטעהן — אז איהר וואלט זעהן די קארען וואלט איהר דאס חאפּען האפּענדיק! פּרובירט כ׳לעבען אַקוק טהאן!

דער דירעקטאר זעהט, ער האט דא פאר זיך אַ נודניק, רופט ער צו דעם דינער און הייסט איהם ארויסוואַרפען. דער דינער חאפּט איהם גאר אהן קונצען פאר׳ן קאלנער אן און ווארפט איהם ארונטער פון אלע טרעפּען. ער ליגט אויסגעצויגען אויף דער ערד און קען זיך ניט ריהרען פון ארט.

— נו, שמערע יאסע — פרעגט דער שותף — זאג ווי האלט קארען?

— אַ קלאג צו דיין קאפּ כל־בוניק איינער! — רופט זיך אן שמערע יאסע מיט כעס — דו פרעגסט נאך ווי עס האלט קארען? זעהסטו ניט ווי קארען האלט?

הלואי טאטע זיסער זאלסטו שוין אזוי האלטען!

## 58. אַנ׳אורח אַ פּרעסער

אַ בעל הבית האָט מיטגענומען אַנ׳אורח צו מיטאָג.

די בעל־הבית׳טע דערלאַנגט דעם אורח אַ טעלער קאַר־טאָפעל מיט שמעטענע. נאָך דעם ברענגט זי איהם צו אַ פולע שיסעלע מיט פאַרפעל צימעס. ווי ער איז פאַרטיג געוואָרען מיט די פאַרפעל צימעס, דערלאַנגט זי איהם אַ פולען טעלער מיט בלינצעס. דער אורח האָט דאָס אַלץ אַריינגעפּאַקט ווי אַ קאַזאַק אַ צוקער לעקעכל. אויפ׳ן טיש איז געשטאַנען אַ קריגעל מיט מילך. דער אורח נעהמט די מילך און וויל דאָס טרינקען.

רופט זיך אָן דער בעל הבית:

— ר׳ איד, איהר טאָרט ניט טרינקען די מילך, מחמת נאָך שמעטענע אַז מען טרינקט אַרויף מילך ווערט אינעווייניג קעז.

— עס מאַכט ניט! עס מאַכט ניט! — ענטפערט דער אורח קאַלט בלוטיג — איך עס קעז אויך!

## 59. אויף די ווייב׳ס נאָמען

דו ווייסט ירחמיאל, וואָס איך וועל דיר דערצעהלען?

— אונזער פריינד מנשה, האָט געבויט אַ גימנאַזיע אויף זיין ווייבס נאָמען!

— עט נאַרישקייטען! — גיט ירחמיאל אַ מאַך מיט׳ן האַנט — בויען אויף די ווייבס נאָמען דאָס איז אַ גאַר נישט מיט אַ גאַר נישט! זעהסטו, ווען מען לאָזט מיר בויען אויף די ווייב גופא, וואָלט איך באַלד אויף געבויט אויף איהר אַ גאַנצען אוני־ווערזיטעט!

## 60· זיך פארשפעטיגט

דו ווייסט מענדל, רופט זיך אן די שוויגער צום איידעם — נאך אַ האר האט געפעהלט ווען דער זייגער, די שעה זאל ניט זיין, פאלט ארונטער מיט איין מינוט פריהער שפאלט ער מיר די קאפּ אויף שטיקלעך.

— אנ׳אונגליק דאס איז — רופט זיך אן דער איידעם מיט כעס — אז די זייגערס פארשפעטיגען זיך אלע מאל!

## 61· א מבול

אַ רייזענדער האט אין מיט׳ן וועג זיך אפּ געשטעלט ביי אַ ישובניק. ווי ער איז אריינגעקומען אין שטוב, ציהעט ער אַ רונטער זיין מאנטעל און רופט זיך אן צום ישובניק:

— אט איז דאס געווען אַ רעגען, אנ׳אמת׳ר מבול!

— וואס זאגט איהר איז געווען? אַ מבול איז געווען? וואס איז דאס, איך בעט אייך, אַ מבול?

— ווייסט איהר גאר ניט — רופט זיך אן דער רייזענדער פארוואונדערט — פון נח׳ס מבול?

— פון וואנען — ענטפערט דער ישובניק — זאל איך וויסען פון נח׳ס מבול, אז איך בין שוין מעהר ווי צוויי וואכען אין שטעדטל ניט געווען?

## 62· א גפּגרטער אויטאמאביל

אַ מאן קומט אריין אין אַ געשעפט פון אויטאמאבילען און גיט אַ געשריי אויפ׳ן קול:

— וואס פאר אנ׳אויטאמאביל האט איהר מיר דא נעכטען אריינגערוקט? דאס קריכט דאך ווי מיין באבע עליה השלום?

— וואס רעדט איהר? — רופט זיך אן דער בעל הבית פארוואונדערט — דער אויטאמאביל האט 80 פערדען־קראפט! היינט ווי שיקט זיך דאס אז ער זאל קריכען?

— עס קען טאקע זיין — רופט זיך אן דער מאן מיט כעס — אז דער אויטאמאביל האט 80 פערדען קראפט. וואס העלפט אבער, אז 75 פערד זיינען שוין לאנג גפגרט?

## 63. געפונען אנ׳עפעל

אַ אידענע איז געגאנגען ערב ראש השנה אין שוהל אריין. געהענדיג האט זי געפונען אנ׳עפעל, זי נעהמט דעם עפעל אין האנט אריין, הויבט אויף די אויגען צום הימעל און רופט זיך אן:

— רבונו של עולם בארעם הערציגער גאט! אזוי ווי דער עפעל איז דיר זיס, אזא זיסען יאהר זאלסטו אונז אלעמען אנשרייבען, און אזוי ווי דער עפעל איז דיר געזונד און פריש, אזא געזונטען יאהר זאלסטו אנשרייבען מיר מיט מיין מאן מיט מיינע קינדער!

ווי זי האט געעפענט דעם עפעל, איז איהר געווארען פינסטער אין די אויגען. זי פאלט ארויס מיט אַגעוויין און נעהמט טענה׳נען אויפ׳ן קול: אוי וועה איז מיר! אוי ווינד איז מיר! וואס האב איך דא געטהאן? דער עפעל איז מיר פארפוילט דורך און דורך? און טאמער די שעה זאל ניט זיין, האט דער רבונו של עולם געהערט וואס איך האב איהם געבעטען, דאמאלס וועט זיין אַ קלאג צו מיינע יאהרען?

זי געהט אריין אין שוהל און רופט זיך אן מיט טרעה־רען אין די אויגען:

— רבונו של עולם! זעה, איך בעט דיר, טהו מיר אַ טובה, אלץ וואס איך האב דיר געבעטען אויפ׳ן גאס, זאל זיך ביי דיר רעכענען פונקט ווי אַ הונט וואלט דיר געבילט!

## 64. אין געריכט

איינער קלאגט אַ צווייטען אין געריכט ער זאל איהם אפ געבען דעם חוב וואס איהם קומט.

האסטו איהם געבעטען דאס געלט? — פרעגט דער ריכטער דעם אנקלאגער — געוויס, הער ריכטער, האב איך איהם געבעטען, נאר דער כל־בוניק האט מיר געזאגט, איך זאל געהן צום טייוועל — נו, בין איך געקומען צו אייך!

## 65. א מיידעל וואס הינקט

אַ שדכן קומט צו געהן צו אַ ישיבה בחור אַ קונע לעמעל און רעדט איהם אַ שידוך מיט אַ מיידעל וואס הינקט.

— צו וואס דארף איך נעהמען אַ הינקעדיקע — רופט זיך אן דער ישיבה בחור בתמימות — אז איך קען קריגען אַ מיידעל וואס געהט, ווי אלע געהן?

— שוטה בן פיקהאלץ! — רופט זיך אן דער שדכן קאלט בלוטיג — וואס מיינסטו די מיידעל הינקט דיר אלע מאל? חס וחלילה! עס הויבט זיך גאר ניט אן! — זי הינקט נאר דאן ווען זי געהט! אבער אזוי הינקט זי ניט!

— אויב עס איז אמת ווי איהר זאגט, רופט זיך אן דער

ישיבה בחור מיט אַנ׳ערנסטען פּנים — אַז זי הינקט ניט אַלע מאָל, מעגט איהר מיר ריידען דעם שידוך!

## 66. זיי מוזען וואַרטען אַ יאָהר

אַ מאַן מיט אַ פֿרוי זיינען געקומען צום רב זיך גטן, מאַכט די פֿרוי צום רב: רבי, איך וואָלט מיך גריילֿיך וועלען זיך גטן מיט דעם שלאַק. נאָר אַזוי ווי מיר האָבען דריי קינדער קענען מיר זיך ניט צו טיילען מיט די קינדער.

— ווייסט איהר וואָס! — רופֿט זיך אָן דער רב געלאַסען — פֿאָלגט מיר געהט איצטער אַ היים און אין אַ יאָהר אַרום אַז איהר וועט האָבען נאָך אַ קינד דאַמאָלסט וועט איהר קומען צו מיר זיך גטן.

— אַזוי גאָר! — רופֿט זיך אָן דער מאַן פֿאַרצווייפֿעלט — טאָמער האָט מיר די ווייב אין אַ יאָהר אַרום אַ צווילינג וועלען מיר זיך דאָך ווייטער ניט קענען צו טיילען מיט די קינדער!

— אויך מיר אַ מענש! — גיט די פֿרוי אַ געשריי — דער שמענדריק מיינער וועט האָבען אַ צווילינג! איהר ווייסט ניט רבי, אַז ניט איך, וואָלט דער לאַפּצעדראַק די דריי קינדער אויך ניט געהאַט!

## 67. ער דאַרף ניט קיין מזוזה

אַנ׳אַלטער איד קלאַפּט אָן אין טיר. קומט אַרויס אַ יונגער מאַן און פֿרעגט איהם:

— וואָס האָט איהר געוואָלט פֿעטער?

— איך האָב מזוזה׳ס צו פֿאַרקויפֿען, קויפֿט כלעבן אַ מזוזה!

— צו וואס דארף איך א מזוזה — רופט זיך אן דער יונגער מיט אנ׳ערענסטען פנים — איך האב אַ שוויגער איז דאס אזא טייפעל, אז די שדים לויפען פון איהר ווי פון פייער.

## 68. ער האט אנ׳עצה

— איך זאג דיר יאסקעלע — מאכט די מוטער צום קינד— גערדיינק! טאמער וועסטו מיר נאך א מאל נאשען שמעטענע וועל איך זאגען דעם דאקטאר ער זאל דיר שטעלען אויף אַ דיעטע.
— איך האב ניט, מאמע קיין מורא פאר׳ן דאקטאר, אז ער וועט מיר שטעלען אויף אַ דיעטע, נו, וועל איך נעהמען און ארונטער שפּרינגען!

## 69. געחאפּט איהר מאן

דו ווייסט רעבעקע! איך האב נעכטען געפּאקט מיין מאן קושענדיג די דינסט מיידעל, האב איך געמאכט אַ סקאנדאל. ער האט זיך גענומען בעטען ביי מיר איך זאל קיינעם ניט אויס־זאגען. דאפאר וועט ער מיר קויפען אַ זיידענע קלייד. — נא, קוק זיך איין זעהסטו, אט דאס איז די קלייד וואס ער האט מיר נעכטען געקויפט!
— נו, רייזעל, האסטו שוין אוועק געלאזען די דינסט?
— משוגע בין איך? איך וועל דיר געהן און אוועק לאזען די מיידעל איידער איך האב נאך אַ מאנטעל מיט אַ הוט!

## 70· געענטפערט צום פונקט

אַ מלמד פרעגט אַ אינגעל:

— זאג מיר חיימקע, אז רעכטס פון דיר איז מזרח, לינקס מעריב, פון פארענט צפון, וואסזשע איז פון הינטען?

— פון הינטען רבי — רופט זיך אן דער אינגעל ערענסט — איז א לאטע אין מיינע הויזען!

## 71· ער איז פארליעבט

— זאג מיר חיים איצע, קומסטו נאך ביי זרח דעם שוסטער?

— אַ שאלה דאס איז אויב איך קום? דו ווייסט אסור ניט ווי פארליעבט איך בין אין זרח׳ס טאכטער! אט, נא, קוק זיך איין אין קעסטעלע! זעהסטו? אט דאס איז די האר פון איהר וואס איך האלט אלס אנ׳אנדיינקונג!

— וואס? אזוי פיעל האר האט זי דיר געגעבען?

— ניין! — ענטפערט חיים איצע — זי אליין האט דאס מיר ניט געגעבען, נאר איך האב דאס אלע צוזאמען געקליבען פון די זופ וואס איך האב ביי זיי געגעסען!

## 72· שמאטעס

אַ מאן קלאפט אן אין טיר, קומט ארויס אַ יונגערמאן און פרעגט איהם:

— וואס האט איהר געוואלט ר׳ איד?

— איך קויף שמאטעס! האט איהר אפשר ביי אייך א ביסעל שמאטעס צו פארקויפען?

— צום טייוועל — רופט זיך אן דער יונגערמאן מיט כעס— פארוואס זייט איהר ניט געקומען אַ ווײלע פריהער? אקארשט איז די שוויגער אוועק געגאנגען!

## 73· גע׳גנב׳עט א האהן

ר׳ חיים דער מלמד קומט צו געהן צום רב אין דערצעהלט איהם, אז איצקע דער פורמאן האט אוועק גע׳גנב׳עט פון איהם אַ האהן.

דער רב שיקט רופען דעם גנב.

— וואס זאגסטו איצע — פרעגט דער רב געלאסען — האסטו טאקע גע׳גנב׳עט אַ האהן ביי ר׳ חיימען?

— יא, רבי — רופט זיך אן איצקע דער פוהרמאן מיט שטאלץ — איך בין זיך מודה אז איך האב טאקע געלאטחעט פון איהם אַ האהן.

— סטייטש — גיט דער רב אַ געשריי — וואס האסטו געטאהן? דו וועסט דאך דארפען אפגעבען דין וחשבון פאר די „בית דין של מעלה״.

— זאגט מיר רבי, איך בעט אייך — וועט ר׳ חיים אויך זיין דארטען!

— געוויס וועט ער זיין דארטען! — רופט זיך אן דער רב מיט אַ קרעכץ.

— ער וועט זיין אין הימעל דער אנקלאגער!

— און דער האהן רבי וועט אויך זיין דארטען?

— אַ ודאי — ענטפערט דער רב מיט אזיכערן טאן — דער האהן וועט זיין אנ׳עדות אין הימעל אז דו האסט איהם גע׳גנב׳עט!

— אויב אזוי איז די מעשה, רבי! האב איך גאר ניט

וואס מורא צו האבען, טאמער, פארשטעהט איהר מיך, פסקנט מען אין הימעל צו אז איך מוז אוועק געבען ר׳ חיימען אַ האהן. מיינט איהר רבי וואס טהו איך? גאר אקליייניקייט, איך גיב אייך אַ חאפּ דעם האהן און דערלאנג ר׳ חיימען! און ארונטער פון מארק!

## 74. צו קליין

ווי געפעלט אייך דער בראטען? — פרעגט דער קעלנער דעם גאסט.

— איהר פרעגט נאך? — רופט זיך אן דער גאסט שטארק אויפגעבראכט.

— קענט איהר ניט זעהן אז ער איז צו קליין פאר זיין עלטער?

## 75. שיטערע לאקשען

א הבעל הבית׳טע האט דערלאנגט דעם ישיבה בחור אטעלער לאקשען. די לאקשען איז געווען הוילע וואסער. דעם ישיבה בחור האט דאס שטארק פארדראסען. רופט ער זיך אן:

— האט קיין פאראיבעל ניט בעל הבית׳טע. איהר האט געמוזט פארגעסען אויסצווייען די וואסער.

— ווי אזוי פאלט אייך איין — רופט זיך אן די בעל־הבית׳טע פארוואונדערט — אז איך האב ניט אויסגעזייט די וואסער?

— זעהט איהר ניט — ענטפערט דער ישיבה בחור מיט אנערענסטען פנים — אז עס שווימט אייך ארום אַלאקש אין טעלער?

## 76. מיקראבען

אַ יונגער מאן האט ארום געהאפט אַ מיידעל און איהר גענומען קושען.

— וואס טהוט איהר? גיט די מיידעל זיך אַ בייזער — ווייסט איהר ניט אז און קושען איז דא מיקראבען?

— שרעקט זיך ניט פריילין — ענטפערט דער יונגער מאן געלאסען.

— איך קוש אזוי שטארק אז איך דער'הרגע די מיקראבען אויפ'ן שטעל און פלעק!

— אויב אזוי — מאכט די מיידעל מיט אַ פריינדליכען פנים,

— טא זייט אזוי גוט קושט אזוי שטארק אז די מיקראבען זאלען שוין ניט דערלעבען אויף צו שטעהן תחית המתים!

## 77 ער בעט ביי די ווייב א טובה

א מאן איז געקומען צו אַ פאטאגראפיסט זיך פאטאגראפירען. זיין פרוי איז אויך געווען מיט איהם.

— אויב איהר ווילט האבען אַ גוטען בילד — מאכט דער פאטאגראפיסט צום מאן — מוזט איהר אַ ביסעל שמייכלען.

— זעה שרה מלכה — רופט זיך אן דער מאן צו זיין ווייב — טהו מיר אַ טובה און געה ארויס אוויילע!

## 78. אויפ'ן בית עולם

אַ אידינע ליגט אויפ'ן בית־עולם און וויינט אויפ'ן קול:

— טהייערער זונעלע מיינער, קדיש מיינער, חכם מיינער,

בעל עצה מיינער, קרוין פון קאפ מיינער, וועה און ווינד איז דיין מאמען, אזוי יונג האסט מיר פארלאזען! זעה מיין קינד! זיי האטש אַ גוטער בעטער פאר מיר מיט דיין גאנצע משפחה!

— זאגט מיר אידינע — פרעגט אַ איד וואס איז געשטאנען דאביי. — ווי אלט איז געוועזן אייער זוהן?

— פרעגט גאר ניט, אַ אך און וועה צו מיינע יאהרען, ער איז נאך ניט אלט געוועזן קיין פולע צוויי וואכען:

## 79· דרך ארץ

אַ שוסטער איז געפאהרען צו זיין שוועסטער אויף חתונה. זיינע צוויי אינגלעך זיינען אויך מיט געפאהרען מיט איהם. אויפ׳ן וועג זאגט ער זיי אן, זיי זאלען זיך היטען צו ריידען גראבע רייד.

צו דער חופה וועטשערע האט מען יעדען גאסט דערלאנגט אַ טעלער פליישיקע לאקשען. רופט זיך אן אַ אינגעל צום פאטער:

— קוק זיך איין טאטע! דו האסט זיך איינגעפאטשקעט דעם בארד אין לאקשען ווי אַ חזיר!

— דו זעהסט טאטע — רופט זיך אן דער צווייטער אינגעל — ווען איך וואלט דיר דאס געהאט געזאגט וואלסטו באלד ארויפגעשפרונגען אויף מיר ווי אַ הונט אויף אַ קאץ!

רייד ניט קיין גראבע רייד! — דערלאנגט דער שוסטער אַ פייער — איך דערלאנג דיר באלד אַ פראסק אז דו וועסט זיך באדאסען!

## 80. בלינצעס

א פרוי שטעהט און פּרעגעלט בלינצעס. קומט אריין בערקע דער לץ און רופט זיך אן:

— פּייגעביילע איהר פּרעגעלט בלינצעס. טא פאר וואס שווייגט איהר עפּעס?

— וואס האב איך, בערקע, צו ריידען? — פרעגט די פרוי פארוואונדערט.

— וואס הייסט וואס איהר האט צו ריידען? זאגט: זייט מוחל ר׳ בערציג פארזוכט א בלינצע!

## 81. וואס איז א פרוי: א ברכה אדער א קללה?

צוויי האבען זיך געאמפּערט, איינער האט געזאגט: אז א פרוי איז א קללה פאר א מאן, און דער צווייטער האט געזאגט פונקט פארקעהרט, אז א פרוי — איז א ברכה פאר׳ן מאן. עס איז געבליבען זיי זאלעןביידע געהן וואו עס איז דא א פאר־זאמלונג און דארטען וועלען זיי אלעמען פרעגען.

— ברידער — רופט זיך אן איינער פון זיי — ווער עס איז ניט צו פרידען פון זיין פרוי, דער זאל זיך אויף שטעלען!

אלע האבען זיך מיט א מאל געגעבען א הויב אויף, נאר איינער איז געבליבען זיטצען.

— הערט ר׳ איד — מאכט ער צום מאן — איהר מוזט האבען אנ׳אויסנאהמע־פרוי, מחמת אלע זיינען אויף געשטאנען נאר איהר איינער זייט געבליבען זיטצען!

— וואס רעדט איהר? וואס רעדט איהר? — רופט זיך אן דער מאן מיט א טיעפען קרעכץ פון הארצען — אויף אלע מיינע

שונאים געזאגט געווארען, וואס פאר א ווייב איך האב אייך! אייערנעכטען, איהר הערט, האט זי מיר געווארפען מיט א שייט האלץ אין פוס, קען איך מיך נאך איצטער ניט ריהרען פון ארט!

## 82. א פאר הויזען

ר׳ יאסע וועלווע דער גביר פון שטעדטעל האט זיך באַ־שטעלט ביי ברוך דעם שניידער א פאר הויזען.

עס איז א וועק א פאר וואכען און די הויזען איז נאך ניט פארטיג.

— סטייטש ברוך — שרייט דער גביר אויפ׳ן קויל — גאט האט געשאפען די גאנצע וועלט אין זיעבען טעג, און איהר קענט ניט מאכען אַ פאר הויזען אין פיער וואכען?

— איך וועל אייך זאגען דעם ריינעם אמת ר׳ יאסע וועלפציג — אויב איהר וואלט צו פרידען זיין, אז אייערע הויזען זאלען האבען אזא פנים ווי די וועלט האט, מאך איך אייך א פאר הויזען אין א טאג!

## 83. עס פאלט איהם א ציגעל אין קאפ

אנ׳איידעם האט באגלייט זיין שוויגער צום בית־עולם צוריקגעהענדיג פון דער לויה איז איהם פלוצלונג געפאלען אַ ציגעל אין קאפ.

הויבט ער אויף די אויגען צום הימעל און רופט זיך אן:

— רבונו של עולם, וואס טהוט זיך דא? עס איז נאך ניטא קיין האלבע שעה ווי די שוויגער איז אנגעקומען אין הימעל און זי ווארפט זיך שוין פון דארטען מיט ציגעל?

## 84. פאר חלומ׳ט

דו ווייסט זונדל — רופט זיך אן פנחס דער ליגנער — חיים בערען האט אנאונגליק געטראפען עס איז אריבערגעפאהרען איבער איהם אנ׳אויטאמאביל און מען האט איהם ארונטער גע־נומען, ניט פאר דיר געדאכט — אַ פוס.

— אַוועק דו ליגנער איינער! — גיט זונדל אַ געשריי — אט ערשט האב איך חיים בערען געטראפען, ער איז פריש און געזונט! — דו קענסט ניט חיים בערען דעם צודרומשקעטען — רופט זיך אן דער ליגנער מיט אנ׳ערנסטען פנים — ער איז דאך אזא צו דרעהטער אז ער ווייסט אליין ניט וועגען דעם אונגליק וואס מיט איהם האט געטראפען!

## 85. ער האט ניט געוואוסט

אַ שעהנע יונגע מיידעל איז געקומען אויף אַ באַל, געהט צו צי איהר אַ אינגעל פון אַ יאהר פופצעהן און לאדעט איהר איין צום טאנצען.

די מיידעל האט זיך געפונען באליידיגט, רופט זי זיך אן: — מיט אַ קליין קינד טאנץ איך ניט!

— ענטשולדיגט — רופט זיך אן דער אינגעל ערענסט — איך האב גאר ניט געוואוסט אז איהר זייט שוואנגער!

## 86. אנ׳עליה

אַ שוסטער האט מען אויפגערופען שבת אנ׳עליה האט ער געמאכט די ברכה „המוציא לחם מן הארץ” אין שוהל איז

געווארען אַ טומעל. אלע האבען גענומען קלאפען אויף די שטענדערס!

— ממזרים! — רופט זיך אן בענצע דער פורמאן — וואס טומעלט איהר אזוי? גוט איז אייך איהר פרעסט ווי פערד אַ גאנצע וואך חַלֶה. ער עסט נעבאך א גאנצע וואך קדַחַת. טאמער האט ער געמאכט שבת המוציא, קריכט זיי ארויס די אויגען פון קאפ!

## 87· די לבנה איבערן בויך

אַ באריהמטער ליגנער איז ארונטער געקומען פון אמעריקע. פרעגט מען איהם: אויב עס איז טאקע אמת וואס מען דערצעהלט, אז אין אמעריקע זיינען דא אַזעלכע הייזער וואס דער דאַך קריכט אריין אין די וואלקענס?

— אַ שאלה דאס איז — ענטפערט דער ליגנער מיט אנ׳ערענסטען פנ׳ים — איך אליין האב אמאל געשלאפען אויף אזא דאך, האב איך געפיהלט ווי די לבנה קריכט מיר אריבער איבערן בויך!

## 88· ער וויל איינשפארען

שמערע וואלף דער מלמד קומט אריין פון דארטען... לאפּצעדראק! — גיט זיין ווייב א געשריי — זעה ווי דו גייסט! נעהם שפּילע זיך צו!...

— עט, נארישקייטען! — גיט שמערע וואלף אַ מאך מיט׳ן האנט — צו וואס אומזיסטע ארבייט? ווי וועט מען דאס ניט דארפען באלד געהן נאך אמאל?

## 89· קדיש

ווי בענצע דער פורמאן האט אויף געהערט צו זאגען קדיש נאך זיין טאטען, איז געשטארבען זיין מאמע. נאך זיין מאמען האט ער ניט געוואלט זאגען קיין קדיש — סטייטש בענצע? — פרעגט איהם דער רב פארוואונדערט — פאר וואס זאגסטו מיר ניט קיין קדיש נאך דיין מאמען?

— הערט רבי — רופט זיך אן בענצע מיט הארץ —

די מעשה איז אזוי: ווען מיין טאטע איז געשטארבען בין איך ווי א הונט געלאפען אין רעגענס און אין שניי איך זאל חלילה ניט פארפעלען א קדש נאכ'ן טאטען. וואס זאל איך אייך פיעל ברייען רבי, אקייליכדיגער יאהר האט מיר גענומען ביז איך האב ארייגעצימבעלט דעם טאטען אין גן־עדן אריין, זאל איהם דארטען וואויל באקומען. איצטער אז דער טאטע ליגט שוין ברוך השם אין גן־עדן און אז איך זאל געהן זאגען קדיש נאך די מאמען און איהר אויך ארייגשמוכלען אין גן־עדן אריין, זאג איך אייך רבי וועט דארטען ווערען צווישען זייביידען אזא הרג'עריי אז זיי וועלען אום קעהרען דעם גן־עדן קאפויער — איהר ווייסט גאר ניט רבי, ווי אויפגעבראכט דער טאטע איז געווען אויף די מאמען! נו, ווילט איהר רבי איך זאל אן מאכען דעם רבונו של עולם, אז ער זאל נאך האבען צרות פון די מאמען אויך?

## 90· א מלמד אהן א קאפ

אין חעלעם האט אנ'אונגליק געטראפען. ר' יוזל דער מלמד איז פארפאלען געווארען און מען האט איהם בשום אופן ניט געקענט געפינען.

איין מאל איז געפאהרען זעליג דער בעל־עגלה דורך אוואלד, זעהט ער ווי אַ גע׳הרג׳עטער מענש ליגט אונטער אַ בוים אין גאנצען אהן אַ קאפּ.

ווי ער איז געקומען אין שטעדטעל, דערצעהלט ער דעם גבאי די גאנצע מעשה. דעם גבאי איז איינגעפאלען אז דאס מוז זיין ר׳ יוזל דער מלמד. נעהמט ער זיך נאך פרעגען אין שטעדטעל: אויב זיי געדיינקען ניט אויב ר׳ יוזל האט געהאט א קאפּ צו ניט?

— פון וואנען זאלען מיר געדייגקען — ענטפערן איהם אלע מיט איין קול — אז עס איז שוין פארלאפען מעהרער ווי דריי חדשים זינט ר׳ יוזל איז פארפאלען געווארען. נו זאגט אדרבא ר׳ יוחנן! ווער קען דאס געדיינקען אזא לאנגע צייט אויב ר׳ יוזל האט געהאט אַ קאפּ צו ניט?

געהט ער אוועק צום שמש פין שוהל און פרעגט איהם, אויב ער געדיינקט ניט, אויב ר׳ יוזל האט געהאט אַ קאפּ צו ניט?

— פון וואנען זאל איך וויסען? — ענטפערט דער שמש מיט אנ׳ערענסטען פנים — אז ר׳ יוזל פלעגט שטעהן און דאווגען פלעגט ער אלע מאל האלטען דעם טלית איבער זיך, אויף אזא מאדע, פארשטעהט איהר מיך, האב איך קיין מאל ניט געקענט זעהן, אויב ער האט א קאפּ צו ניט.

געהט ער אוועק צום בעדער און פרעגט איהם אפשר געדיינקט ער אויב ר׳ יוזל האט געהאט א קאפּ צו ניט?

— פרעגט מיר ר׳ יונה אגרינגערע זאך! — רופט זיך אן דער בעדער בתמימות — אז אין באד פלעגט ר׳ יוזל אלע מאל ליגען אויף די אויבערשטע פאלע, מעהר ווי זיינע פיס האב איך קיין מאל ניט געקראגען צו זעהן — נאר אויב איהר ווילט וויסען ריכטיג ווי די מעשה איז, וואלט איך זאגען, אז איהר

זאָלט זיך אַריבער חאַפּען צו גדליה דעם בייגעל בעקער, ביי איהם, וועט איהר אויס געפינען ריכטיג אויף א האר, מחמת ביי גדליה'ן דעם בייגעל בעקער, ווייס איך, פלעגט ר' יוזל אלע אין דער פריה געהן קויפען בייגעל.

דער גבאי קומט צו גדליה דעם בייגעל בעקער.

— פרעגט מיר בחרם ר' יונה — רופט זיך אן גדליה ערענסט — ווי קען איך אזא זאך וויסען? אז ר' יוזל פלעגט קומען ביי מיר קויפען בייגעל איז אלע מאל די שטוב געווען געפּאַקט מיט מענשען. נו, ווער האט דאס, איך בעט אייך צייט געהאט אַ קוק צו טהאן, אויב ר' יוזל האט א קאפּ צו ניט?

ער געהט א וועק צו ר' יוזל'ס ווייב און פרעגט איהר.

— איך וועל אייך זאגען דעם ריינעם אמת — רופט זיך אן שפּרינצע ר' יוזל'ס — פאר דער חתונה ווייס איך האט ער יא געהאט אַ קאפּ, אבער נאך דער חתונה, ווי עס שיינט מיר, האט ער טאקע זיין קאפּ פארלארען, מחמת איך געדיינק ווי ער פלעגט אלץ ארום געהן טענה'נדיג: אז ער געהט ארום אהן אַ קאפּ!

— טא זאגט מיר שפּרינצע, ווי האט ר' יוזל געזופּט לאָקשען!

— איהר ווייסט גאר ניט ר' יונה — רופט זיך אן שפּרינצע מיט אנ'ערענסטען פּנים — וואס פאר א קונצען מאכער מיין מאן איז אייך געווען אז איך האב בשום אופן קיין מאל איהם ניט געקענט פּאַקען ווי ער זופּט.

---